דר. חיים זשיטלאָווסקי

# געזאַמעלטע שריפטען

צעהנטער באַנד

דר. ח. זשיטלאָווסקי פערלאַג געזעלשאַפט

ניו יאָרק

# אינהאַלט:

# די רוסישע רעוואָלוציע און דאָס אידישע פאָלק.

.1

די רוסישע רעוואָלוציע האָט דערפרעהט אַלעמענס הערצער. סאַי דער אסימיליאַטאָר, סאַי דער גלות־נאַציאָנאַליסט, סאַי דער טעריטאָריאַליסט־ציוניסט, סאַי דער אידישיסט, סאַי דער העברע־איסט, — זיי אַלע האָבען זי בעגעגענט מיט אַ פערלייכטערטען אָבזיפץ: „אָט איצטער“, — קלערט יעדערער, — „האָט זיך ערשט געעפענט דער ברייטער וועג פאַר דער פערווירקליכונג פון מ י י נ ע אידעאַלען“.

קיין חידוש איז דאָס ניט. דער צאַריזם איז געשטאַנען אַ ל ע־מ ע ן, ווי אַ ביין אין האַלז; קיינער האָט ניט געקאָנט פריי פאַ־נאַנדערפיהרען די הענד. ערשט מיט זיין מפּלה איז מעגליך געוואָ־רען אַן אינטענסיווע אידישע טהעטיגקייט אין רוסלאַנד; ערשט איצטער קאָנען די אינוועניגסטע טענדענצען פון דעם אידישען לע־בען זיך פריי און אָפען אַרויסווייזען און אויסקעמפען זייער היס־טאָרישען קאַמף. און אַזוי ווי יעדע פאַרטיי איז איינגעגלויבט, אַז א י ה ר פּראָגראַם איז דער לאָגישסטער ענטפער אויף דער שטאַרקסטער און נאַטירליכסטער טענדענץ אין דעם אידישען לעבען, האָט יעדע פאַרטיי גאַנץ זיכער אַ סוביעקטיווען רעכט צו האָפען, אַז אין דעם פרייען קאַמף פון די אידישע קרעפטען וועט דער נצחון ממילא אויספאַלען אויף דעם גורל פון איהר אידעאַל.

עס איז אָבער פון דער אַנדער זייט אויך קלאָר, אַז די רעוואָ־לוציע וועט ניט קאָנען ממילא זיין אַלעמענס פּרעטענזיעס מיט אַמאָל. ווער עס איז וועט מוזען אוועק גערן מיט לעדיגע הענד. ווער וועט דאָס זיין?

איך וויל מיך דאָ קודם אָבשטעלען אויף די שאַנסען פון דער א ס י מ י ל א צ י ע. איז דאָ באמת אַ וועלכער עס איז גרונט אַנצונעהמען אין איינעם מיט דעם אידישען אסימיליאַטאָר, אַז זיין

אידעאַל איז איצטער דער אמת׳ער „זכה בגורל״? ברענגט די רו־סישע רעוואָלוציע מיט זיך די פערווירקליכונג פון זיינע שטרעבונ־גען?

אין פלוג קאָן אויסדוכטען, אז דאָס איז אזוי. דער אסימי־ליאַטאָר קאָן בויען זיינע האָפענונגען אויף דער גאַנצער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק אין מעריב־אייראָפּאַ און צום טייל אויף אין אַמעריקאַ.

וואָס איז די גרונד־טענדענץ פון דעם אידישען לעבען אין יענע לענדער, זינט די מאָדערנע ציוויליזאַציע האָט זיך אריינגעריסען אין איהם און האָט אונטערגעגראָבען די יסודות פון אָן איבערנאַטיר־ליכען גלויבען אין משיח און וואונדער?

יעדער אָביעקטיווער היסטאָריקער וועט מוזען צוגעבען, אַז די גרונד־טענדענץ איז אומעטום געווען — אַ רייסען זיך פון די אייגענע פיער ווענד, אַ שטופּען זיך מיט אַן אומגעהויערן אימפּעט צו דער וועלט פון דער הערשענדער קולטור, אַ וואונדערבאַר שנעלער אריינדרינגען אין איהר און, ווי אַ רעזולטאַט דערפון, די צוברעק־לונג פון אַלע נאַציאָנאַל־אידישע יסודות, דער זיעג פון דער פרעמ־דער שפּראַך און דער פרעמדער קולטור אין דעם לעבען פון דעם אי־דישען פאָלק, דער באַנקראָט פון דעם אייגענעם אידישען נאַציאָנאַ־לען לעבען.

פאַר וואָס זאָל דאָס אין רוסלאַנד אַנדערש זיין? האָט זיך דער אסימילאַציאָנס־פּראָצעס ביי דער רוסישער אידענשאַפט ניט אָנגעהויבען שוין אין די פערציגער יאָהרען פון דעם פאָריגען יאָהר־הונדערט?

האָט ער דען ניט געמאַכט קיין ריעזיגע פאָרטשריטען פאַר דער גאַנצער צייט? און דער פּראָצעס וואָלט שוין לאַנג געקומען צו זיין נאַטירליכען סוף אָדער לכל הפּחות, וואָלט זיין זיעג שוין לאַנג גע־ווען פערזיכערט, ווען ניט די שוידערהאַפטע פערפאָלגונגען פון דער רוסישער רעגיערונג.

צונויפגעפּרעסט אין אַ פּאָר פּראָווינציעס, אָבגעשניטען פון דער אַלגעמיינער בילדונג, קינסטליך איינגעענגט אין געוויסע ספע־רען פון׳ם עקאָנאָמישען לעבען, האָט דאָס אידישע פאָלק זיך גע־האַלטען אין איינעם, ווי עס האַלט זיך נאָך אַן אַלטער אויוועז אין

אַן אָרעמער אידישער שטוב: אַ דאַנק דעם חסד פון די שטריק, מיט וועלכע ער איז פון אַלע זייטען ארומגעבונדען. נעהם צו די שטריק, און ער צופאַלט אין שטויב.

זענען אָט די אַלע „רעאַקציאָנערע", נאַציאָנאַלע טענדענצען, וואָס זענען אין דער לעצטער צייט אויסגעוואַקסען ביי דער אידישער אינטעליגענץ עפּעס אַן אַנדער זאַך, איידער אַ פּשוט'ער קנייפּען די באַקען און שטעלען די פאַרב? איז דער קאַמף אַנטקעגען דער אַסי־מיליאַציע אין תוך אַריין עפּעס אַן אַנדער זאַך, איידער דיזעלביגע אַסימיליאַציאָנס־טענדענץ, וואָס איז נאָר פערהאַלטען געוואָרען אין איהר לויף?

אַן אַלטער כּלל: אַז די וויינטרויבען הענגען צו הויך און דער פוקס קאָן ניט קלעטערן אויף דער וואַנד, זאָגט ער: „זיי זענען פאַר מיר צו זויער" אָבער קוים גראָבט איהר אָראָב די וואַנד. וועט שוין דער אידישער פוקס אריינדרינגען, וואו מען דאַרף, און זיך פאַנאַנדערלעגען, ווי אין זיין פאָטער'ס ווייננאָרטען.

מיט דער אָבשאַפונג פון דעם תחום וועלען זיך די אידען צור־שפּריצען ווי איינצעלנע טראָפּענס איבער'ן גאַנצען גרויסען לאַנד. מיט דער אָבשאַפונג פון די פּראָצענט־נאָרמען וועט דער גאַנצער קינפטיגער דור, לפּחות דער דור פון דער באַלעבאַטישער וועלט, בעקומען זיין ערציעהונג אין די רוסישע שוהלעס און אוניווערזיטע־טען און אין אַ פּאָר דורות ארום וועט איהר שוין קאָנען זאָגען דעם לעצטען קדיש נאָך דער אידישער נאַציע אין רוסלאַנד.

אזוי האָפט — און בעגרינדעט זיין האָפנונג — דער אסימי־ליאַטאָר.

דער פעהלער פון זיין חשבון בעשטעהט אָבער אין אַ פּאָר קליי־ניגקייטען: ער פערשטעהט ניט, ערשטענס, דעם כאַראַקטער פון דער דעמאָקראַטישער פרייהייט אין דעם צוואַנציגסטען יאָהרהונ־דערט און דערנאָך איז ער אַבסאָלוט אין טעות וועגען די אינווע־ניגסטע טענדענצען פון דעם אידישען פאָלק.

די אידישע אסימיליאַטאָרען זענען אויסגעוואַקסען אין דער פעריאָדע פון דעם צ ע נ ט ר א ל י ס ט י ש־דעמאָקראַטישען גע־דאַנק. דער פרייער שטאַאט איז, ווי צ. ב. לאַסאַל האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט, אַן איינהייטליכער אָרגאַניזם, מיט איין איינציגער

שפּראַך און איין־איינציגער קולטור. דאָס איז געווען דער אידעאַל פון דער פ ר א נ צ ו י ז י ש ע ר רעוואָלוציע. דער אידעאַל פון דער נאָרד־אַמעריקאַנישער רעפּובליק און ער איז אויך כ מ ע ט פערווירקליכט געוואָרען אומעטום, וואו די גרויס־בורזשואזיע האָט איינגעקעמפּט דעם טריאומף פאַר די פּרינציפּען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

אָבער שוין אין דער רעוואָלוציע פון דעם יאָהר 1848 האָבען גענומען קלינגען נייע שטימען, פיינדליכע צו דעם צענטראַליסטישען שטאַאַטס־אידעאַל, צו דער בורזשואזער, אַבסטראַקטער, בירגערליכער אויסגלייכונג פון אַלע פעלקער אין איינע איינציגע קולטור. און פון יעמאָלט אָן האָט דער אידעאַל פון א פעדעראַליסטישער רעפּובליק, וואָס זאָל יעדען איינצעל־פאָלק געבען די מעגליכקייט זיך נאַציאָנאַל פריי צו ענטוויקלען אין די גרעניצען פון דעם אַלגעמיינעם שטאַאַט, גענומען עראָבערען אַלץ מעהר און מעהר אָנהענגער צווישען דער ראַדיקאַלער דעמאָקראַטיע, דערהויפּט אין יענע לענדער, וואו מעהרערע פעלקער זענען געצוואונגען צו לעבען אין איינעם.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט אַ־פריהער ניט געוואָלט וויסען דערפון, געזעהען אין דעם אַן אויסדרוק פון דער קליין און מיטעל־בורזשואזער פּסיכאָלאָגיע, אַנטקעגען וועלכער מען מוז קעמפען, ווי מען מוז בכלל געהן האַנד אין האַנד מיט דער גרויס־בורזשואזיע דאָרטען, וואו איהרע אינטערעסען און אידעאַלען שטויסען זיך פיינדליך צונויף מיט די אידעאַלען און אינטערעסען פון דער מיטעלער און קלענערער באַלעבאַטישער וועלט.

די א י ד י ש ע סאָציאַל־דעמאָקראַטען זענען נאָך דאָפּעלט פאַנאַטישער אין דעם פונקט, איידער די ניט־אידישע, און זיי זענען דעריבער אומעטום געווען, — ווי זיי זענען נאָך דאָס רוב איצטער, — די פאָהנען־טרעגער פון דעם גרויס־בורזשואזען, צענטראַליסטיש־אַסימילאַטאָרישען אידעאַל.

אָבער אויך די סאָציאַלע דעמאָקראַטיע האָט אין דער לעצטער צייט אין גאַנצען געמוזט איבערבייטען איהר פּאָזיציע אין דער נאַציאָנאַליטעטען־פראַגע. זי האָט געמוזט איינזעהען, אַז אין דעם פּרט פון דעם קולטורעלען לעבען זענען די גרויסע ארבייטערמאַסען

אויסגעבונדען אין איינעם מיט אַלע אַנדערע דעמאָקראַטישע שיכ־ טען פון זייער פאָלק, און זיי מוזען דעריבער, אין איינעם מיט יענע, שטרעבען צו אַ נייער דעמאָקראַטיע, וואָס זאָל בעשאַפען אַ פרייען פּלאַץ פאַר דער ענטוויקלונג פון דעם אייגענעם נאַציאָנאַלען לעבען. זי האָט געמוזט איינזעהען, אַז עס לוינט זיך בעסער פאַר דעם פּראָ־ לעטאַריאַט — זעהען וואָס גיכער צו ווערען דער פ י ה ר ע ר אין דעם קאַמף פון די מאַסען פאַר אַזאַ נייער דעמאָקראַטיע, איידער צו זיין געצוואונגען נאָכצושלעפּען זיך נאָך זיי אין אַזאַ וויכטיגען פּונקט פון דעם פּאָליטישען לעבען.

די רוסישע רעוואָלוציע שיידט זיך אָב פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע צווישען אַנדערע פּרטים אויך אין דעם פּרט, וואָס די גרויס־בורזשואזע אינטערעסען און אנשויאונגען שפּיעלען אין איהר אַ קנאַפּע ראָליע. דאָס איז אַ רעוואָלוציע, וואָס איז געצוואונגען אָנצושפּאַרען זיך אויף די ברייטעסטע שיכטען פון דעם פאָלק, און דעריבער מוזען די פאָדערונגען פון דער מ אָ ד ע ר נ ע ר דע־ מאָקראַטיע, די פאָדערונגען פון נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע גלייכע רעכט פאַר אַלע פעלקער, וואָס וואוינען אין דעם לאַנד, שטעהן ביי איהר אין דער פאָדערגרונד.

עס איז דעריבער קיין חדוש ניט, וואָס עס איצטער ניטאָ קיין איין איינציגע דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין רוסלאַנד (אַ חוץ אפשר אַ פּאָר עקסטרעמיסטישע גרופּען), וואָס זאָל ניט האָבען אָנגעשריע־ בען דעם לאָזונג פון נאַציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג און זעלבסט־ פערוואַלטונג אויף איהר פאָהן.

און די ערשטע זאַך, וואָס די רוסישע רעוואָלוציע האָט געטהאָן, איז געווען די פּראָקלאַמירונג אָט פון דעם מ אָ ד ע ר ן ־ דעמאָקראַ־ טישען פּרינציפּ: גלייכע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע רעכט פאַר אַלעמען. עס קאָן גאָר קיין ברעקעל ספק ניט זיין, אַז די רוסישע קאָנסטיטו־ ציע וועט אין דער פולסטער מאָס דורכפיהרען אָט די נייע יסודות פון נאַציאָנאַלער זעלבסט־פערוואַלטונג, פון וועלכע די גרויסע פראַנ־ צויזישע צענטראַליסטישע רעוואָלוציע האָט קיין ברעקעל אהנונג געהאַט.

אָבער דורך דעם גופא וועלען אין רוסלאַנד בעשאַפען ווערען אַזעלכע בעדינגונגען פון׳ם פּאָליטישען לעבען, וואָס וועלען

צ ו ו י נ ג ע ן דאָס אידישע פאָלק, צו אָרגאַניזירען זיך, ווי א נאַציע, צו געניעסען דיזעלביגע רעכט ווי אַלע, ביי איהר אייגענעם טיש און ניט צו שטופען זיך אין א פרעמדער מסיבה.

.2

די דערהאַלטונג פון דעם אידישען פאָלק אין גלות אין א משך פון באַלד צוויי טויזענד יאָהר דערקלעהרט דער אַסימיליאַטאָר אויף א גאַנץ פשוט'ען אופן: דורך די שטענדיגע פערפאָלגונגען און גזירות אויף אידען. וואָלטען די פעלקער זיך בעגאַנגען מיט אונז, ווי מיט מענשען, וואָלטען מיר שוין לאַנג אָבגעזאָגט זיך פון אונזער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ און וואָלטען נאָר אפשר פערבליעבען ווי אנגעהעריגע פון א בעזונדער רעליגיעזען גלויבען, א מעהר אָדער ווייניגער רעפאָרמירטען. אַזוי גלויבט דער אַסימיליאַטאָר.

דער בעווייז פאַר איהם איז דער ביישפיעל פון יענעם אַסי־מילאַציאָנס־פראָצעס, וואָס די אידענשאַפט האָט דורכגעמאַכט אומעטום, וואו נאָר מען האָט זיי עמאַנסיפירט בירגערליך און פּאָליטיש. עס איז דעריבער פאַר דעם אַסימיליאַטאָר קיין ברעקעל ספק ניט, אַז אויך אין דעם בעפרייטען רוסלאַנד וועט דאָס אידי־שע פאָלק מוזען דורכמאַכען דעם זעלביגען אַסימי'אַציאָנס־פּראָ־צעס.

אָבער דאָ מאַכט ער א געוואַלדיגען טעות, און בעווייזט נאָר דערמיט, וואָס פאַר א קנאַפּע ידיעה ער האָט אין די קרעפטען, וואָס בעהערשען דאָס לעבען פון פעלקער, און ווי בעזונדערס פאַלש איז זיין אבשעצונג פון יענער הויפּט־קראַפט, וואָס בעהערשט דאָס היסטאָ־רישע לעבען פון דעם אידישען פאָלק.

פעלקער זענען לעבעדיגע איינהייטליכע אָרגאַניזמען, וואָס קעמפען עקשנות'דיג פאַר זייער קיום אויף דער וועלט. מיט גוטען זאָגט זיך קיין פאָלק ניט אָב פון זיין אייגענער נאַציאָנאַלער עק־זיסטענץ; בפרט יענע פעלקער, וואָס זענען שוין געקומען צו א שאַרפען און קלאָרען נאַציאָנאַלען זעלבסט־בעוואוסטזיין.

אַזעלכע פעלקער קאָנען פערשווינדען — און זענען אָפט אין דער געשיכטע פערשוואונדען — נאָר א רעזולטאַט פון א ו י ס־ר אָ ט ו נ ג ע ן, פון א געוואַלטזאַמען נאַציאָנאַלען מאָרד. מיט

דעם אידישען פאָלק קאָן אַזוינס שוין ניט מעהר פּאַסירען. זיין צעשפּרייטונג איבער דער גאַנצער וועלט איז געווען איינער פון יענע מיטלען, וואָס האָבען איהם געהאָלפען אויסצומיידען דעם טויט דורך געוואַלטזאַמע פערטיליגונג. און ווען ער וועט זיך איצטער אַמקעהרען אַהיים און אויפבויען אַן אייגענעם נאַציאָנאַלען לעבען, וועט דאָס געשעהן אין אַ צייט, ווען קריעגערישע אויסראָטונגען פון גאַנצע פעלקער זענען שוין געוואָרען אַן אונמעגליכע זאַך.

אין דער צעשפּרייטונג האָט זיך אָבער דאָס אידישע פאָלק דערהאַלטען ניט דערפאַר, וואָס די פעלקער האָבען איהם ניט געוואָלט איינזוויגען אין זיך, נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט מיט זיין גאַנצער מאַכט געקעמפט אַנטקעגען דעם, די אַרומיגע פרעמדע סביבה זאָל איהם איינשלינגען. די גאַנצע אידישע רעליגיע, דאָס גאַנצע גייסטיגע שאַפען פון אונזער פאָלק, דער גאַנצער בוי פון זיין לעבען האָט געהאַט נאָר איין אויסקוק אין זין: ווי אַזוי אַרום צו רינגלען זיך מיט אַן אייגענער נאַציאָנאַלער אַטמאָספערע, וואָס זאָל אויפהאַלטען די גאַנצקייט פון דעם פאָלק.

דער וואָס שטודירט די אידישע געשיכטע, ווי אַן אָביעקטיווער היסטאָריקער און ניט ווי אַ פעראינטערעסירטער פאַנאַטישער אַסי־מילאַטאָר, ווייס שוין פון לאַנג אָן, אַז די פערפאָלגונגען האָבען קיין מאָל ניט געהאָלפען דעם אידישען פאָלק אין זיין קאַמף פאַר עקזיס־טענץ. אדרבה, זיי זענען תמיד געווען דער גרעסטער שטעהר דערצו. שוין אין דעם יאָהר 1887 האָב איך, אין מיין היסטאָרישען אָבהאַנד־לונג וועגען דעם געשיכטליכען גורל פון דעם אידישען פאָלק, געקאָנט מיט פאַקטען בעווייזען, אַז די פערפאָלגונגען פלעגען תמיד פיהרען אָדער צום שמד, אָדער צו עמיגראַציע, אָדער צו אַ וועלכע עס איז משיח־בעוועגונג, וואָס פלעגט אונטערגראָבען די יסודות פון דער אידישער עקזיסטענץ אין גלות. דאָס נאַציאָנאַלע לעבען און שאַ־פען פלעגט אָבער אויפבליהען נאָר דאָרטען און יעמאָלט, וואו און ווען עס פלעגען בעשאַפען ווערען בעדינגונגען פאַר אַן אומגעשטער־טער אינוועניגסטער ענטוויקלונג.

כלומרש׳טיגע אויסנאַהמען פון דעם כלל זענען די שיקזאַלען פון דעם אידישען פאָלק אין די מעריב־אייראָפּעאישע פעלקער, איין יענע לענדער, וואו די אידען זענען געוואָרען עמאַנסיפּירט: אָבער

אַט די אויסנאַהמען דערקלערהען זיך דורך גאַנץ בעזונדערע אומ־שטענדען.

ק ו ד ם האָבען מיר דאָ צוטהאָן ניט מיט דעם רוב בנין פון דעם פאָלק, נאָר מיט איינצעלנע אָבגעשפּרונגענע קליינע פראַגמענ־טען, וואָס קאָנען אַלע מאָל געהן פערלאָרען ביי א פאָלק.

צ ו ו י י ט ע נ ס, בעלאַנגען יענע פראַגמענטען צו די הע־כערע, בורזשואַזערע שיכטען, וואָס זענען אָפט מאָל ביי אַלע פעלקער עלול צו ווערען אומטריי צו זייער אייגענער אומה, ווי נאָר די צוגע־העריגקייט צו זייער פאָלק טרעט אריין אין א קאָנפליקט מיט זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסען (פערגלייך, צ. ב. די פוילישע „אוגאָ־דאָווצעס").

ד ר י ט ע נ ס, האָט דער אידישער גייסט יעמאָלט דורכגע־לעבט דעם שווערסטען קריזיס אין זיין לעבען: דעם באַנקראָט אין זיינע האָפענונגען אויף אַן איבערנאַטירליכען משיח. עס האָט זיך געדוכט, אַז אויף א נאַטירליכען אופן קאָן דאָס אידישע פאָלק קיינמאָל ניט אויפגעריכט ווערען, און אַז אידען, ווי א נאַציע, זענען סאַי ווי סאַי פערפאַלענע, — האָט מען זיך אונטערגעגעבען דעם יצר־הרע פון נאַציאָנאַלען זעלבסט־מאָרד, וואָס האָט זיך געלוינט פאַר די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אינטערעסען פון דעם מעהר אָדער ווייניגער זיכער געשטעלטען יחיד.

פ ע ר ט ע נ ס, איז די אסימיליאַציע געוועזן א לעבענס־נויט פאַר דער קולטורעלער ענטוויקלונג פון דעם פאָלק, ווייל נאָר א דאַנק איהר, האָט זיך דער אידישער געדאַנק געקאָנט בעפרייען פון די רע־ליגיעזע יסודות, אויף וועלכען זיין גאַנצער לעבען איז געווען אויפ־געבויט.

פ י נ פ ט ע נ ס, איז יעמאָלט דער אַל־מענשליכער פּראָגרע־סיווער געדאַנק געשטאַנען אונטער דער שליטה פון דער גרויס־בור־זשואַזער קאָסמאָפּאָליטישער פּסיכאָלאָגיע, וואָס פאַר איהר איז יעדער מענש געווען א „סתם־מענש", א פּראָדוצירער פון עקאָנאָמי־שע ווערטהען, אָדער א פערמיטלער אין דעם פּראָצעס פון מקח־וממכר, אַן אבסטראַקטע עקאָנאָמישע ציפער, וועמעס נאַציאָנאַלע אייגענשאַפטען עס ווערען ניט גענומען אין בעטראַכט; אָדער ווע־מעס נאַציאָנאַלע אייגענשאַפטען עס קאָנען אַקוראַט אַזוי לייכט

אויסגעביטען ווערען אויף אנדערע נאציאָנאלע אייגענשאפטען, ווי לייכט מען קאָן אַן אמעריקאנישען דאָלאר אויסבייטען אויף רוסישע רובעלס, רוסישע רובעלס אויף דייטשע מארקען א. ז. וו.

אָט דאָס זענען געווען די פינף וויכטיגסטע מאָמענטען, וואָס האָבען אין דער נייעסטער צייט ארויסגערופען די אסימילאציאָנס־שטרעמונגען אין דעם לעבען פון די וועסט־אייראָפּעאישע אידען. און אויך דאָרטען, אין וועסט־אייראָפּא, האָבען זיי ניט געקאָנט אין גאנצען פערטויבען דעם נאציאָנאלען אינסטינקט, ניט געקאָנט מאַ־כען א תל פון דעם אידישען פאָלק; אויך דאָרטען איז זייער צייט שוין אריבער; אויך דאָרטען האָבען די אסימיליאציאָנס־אידע־אלען שוין געפּלאצט, און די בעסערע קינדער פון אונזער פאָלק הייבען זיך אָן אומצוקעהרען „א היים“, ווערען וואָס מעהר, אלץ מעהר דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון דער אידישער נאציאָנא־לער ווידערגעבורט.

נאָך וועניגער קאָנען אָט די פינף קוואלען פון דער אסימילי־אציע שפּיעלען א וועלכע עס איז ענטשיידענדע ראָליע אין דעם לע־בען פון אונזער פאָלק אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער.

ע ר ש ט ע נ ס, האָבען מיר דאָ צו טהאָן ניט מיט אָבגע־שפּרונגענע פראגמענטען פון אונזער פאָלק. די אידען פון די סלאַ־ווישע לענדער און פון רומעניען זענען ד אָ ס א י ד י ש ע פ אָ ל ק, זיין גרעסטער רוב מנין און רוב בנין. אין זיי, אין אָט די מאסען, לעבט דער נאציאָנאלער זעלבסט־דערהאלטונגס־טריעב, דער איינגע׳עקשנ׳טער אָרגאנישער קאמף פון יעדען פאָלק פאר זיין ז י י ן אויף דער וועלט; דאָס בעוואוסטע און אומבעוואוסטע שטרעבען צו דערהאלטען זיך ווי א בעזונדער מענשליכער מין.

צ ו ו י י ט ע נ ס, בעשטעהט אונזער פאָלק דאָס רוב פון אָרעמע אָדער קוים באלעבאטישע מאסען, וואָס לעבען צווישען זיך, וואָס האָבען ניט נאָר גאָר נישט ניט צו געווינען פון דער אסימי־ליאציע, נאָר וואָס מוזען זעהר אָפט ל י י ד ע ן פון איהר, ווייל זי שלעפּט אוועק פון פאָלק די גרעסטע כוחות, אין וועלכע מען נוי־טיגט זיך אזוי שטארק אין דער היים.

ד ר י ט ע נ ס, איז דער אידישער געדאנק שוין ארויס א לע־בעדיגער, א פערשטארקטער און א בעפרייטער, פון יענעם קריזיס,

אין וועלכען ער האָט זיך געפונען אין דעם סוף פון דעם אכצעהנטען יאָהרהונדערט : א דאנק דער אומגעהויער פרוכטבארער ארבייט פון דעם נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווען דור, — פון די פינסקערס, ליליענבליומס, אחד־העם׳ס, הערצלס, נאָרדויס, דובנאָווס, ראַטנערס, זשאַבאָטינסקים און נאָך א סך אנדערע, איינגערע און עלטערע, א דאַנק דער טהעטיגקייט פון א ל ע אידישע פּאָליטישע פּארטייען: פון דעם ציוניזם, דעם „בונד", פון די נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטען, איז די נאַציאָנאַלע אידעע אָבגעטיילט געוואָרען פון דעם רעליגיעזען גלויבען אין משיח און וואונדער, און דער באנקראָט פון יענעם גלויבען ריהרט שוין ניט אָן די יסודות פו דעם אידישען נאַציאָנאַלען זיין.

פ ע ר ט ע נ ס, איז די אסימיליאציע שוין ניט מעהר קיין קולטורעלע לעבענס־נויט פאַר׳ן אידישען פאָלק. עס איז אין דערהיים בעשאַפען געוואָרען א רייכע אייגענע ליטעראטור וואָס קאָן צופיהרען מאָדערנע וועלטליכע בילדונג צו די מאַסען אין זייער אייגענער שפּראַך, און מיר האָבען שוין א גאַנצען דור יונגע געלערנטע, וואָס שעפּען זייערע דערקענטניסען אין דער פּרעמד, מיט ניט קיין אנדער צוועק, ווי נאָר מיט דעם, כדי צו ברענגען עס צוריק אהיים, כדי צו בעפרוכפּערען מיט זיי די אייגענע פעלדער.

און וויכטיגער פאַר אלץ איז די ענדערונג אין דעם פ י נ פ־ ט ע ן פונקט : דער מאָדערנער פּראָגרעסיווער געדאנק פון דער מענשהייט האָט זיך שוין אין גאַנצען און אבסאָלוט אָבגעזאָגט פון דעם גרויס־בורזשואזען קאָסמאָפּאָליטיזם.

אויף דער עקזיסטענץ פון איינצעלנע פעלקער קוקט מען שוין ניט ווי אויף אַן אומגליק, פון וועלכען מען דאַרף זעהען, וואָס גיכער פּטור צו ווערען, אָדער מיט וועלכען מען דאַרף זיך העכסטענס רעכענען מיט קללות אין הארצען. גאַנץ נייע אידעאלען בעהערשען איצטער די וועלט.

שוין דער ערשטער א ר ב י י ט ע ר־אינטערנאציאָנאַל האָט אין די זעכציגער יאָהרען פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט אָפיציעל געבראָכען מיט דעם קאָסמאָפּאָליטיזם פון דער גרויס־בורזשואזיע און האָט אויף זיין פּלאַץ ווידער־אויפגעבויט דעם אלט־אידישען אידעאַל פון אונזערע נביאים, דעם א י נ ט ע ר נ א צ י אָ נ א ל ע ן

אידעאל פון „שבת אחים" צווישען פעלקער, פון ליעבע און רעס־פעקט צו יעדעם איינצעלנעם פאָלק, צו זיין שפּראַך, זיין קולטור, זיין אייגענעם דרך אין דער מענשליכער ענטוויקלונג.

אַט די פעלקער־פריינדליכע טענדענצען פון די אַלט־אידישע פאָלקס־מענשען, וועלכער דער מאָדערנער פּראָלעטאַריאַט, דער אוואנגארד פון די פאָלקסמאסען, האָט ווידער לעבעדיג געמאכט אין דעם עפענטליכען געדאנק, — זיי ווערען איצטער די הערשענדע אין דעם פּאָליטישען לעבען, א דאנק דעם איצטיגען קריעג און דער רוסישער רעוואָלוציע.

3.

מיר האָבען געזעהען, וואו עס ליעגט דער גרונד־פעהלער פון אונזערע אסימיליאטאָרען פאר רוסלאנד. זייער אידעאל איז געבלי־בען הינטער אונזער צייט אויף מינדעסטענס א דריי דורות צוריק, סאי אין דער אלגעמיינער פּראָגרעסיווער פּאָליטיק, סאי אין דעם פּראָגרעסיווען געדאנק פון דעם אידישען פאָלק.

אין דער פּראָגרעסיווער פּאָליטיק פון דער וועלט טרעט דער פעדעראליסטישער פּרינציפּ זיעגרייך ארוים אנטקעגען דעם צענ־טראליסמישען; אין דעם אידישען לעבען איז פערשוואונדען דער געגענזאץ פון פּראָגרעס און נאציאָנאליטעט — א געגענזאץ וואָס האָט געהערשט סאי ביי דעם פרום־נאציאָנאלען דור, סאי ביי דעם פּראָגרעסיוו־אסימילאטאָרישען. די אויבערהאנד אין דעם אידישען לעבען, די פיהרענדע ראָליע געהט אריבער צו דעם נאציאָנאל־פּראָ־גרעסיווען דור, וואָס זוכט אויפצובויען דאָס אידישע לעבען אויף דיזעלבינע פּאָליטישע יסודות, וואָס ווערען הערשענד אין דער איי־ראָפּאישער דעמאָקראטיע.

אָבער ניט נאָר די פּרינציפּען פון דער מאָדערנער דעמאָקראטיע און פון דעם אידישען נאציאָנאל־פּראָגרעסיווען געדאנק וועלען טריי־בען די אידען אין רוסלאנד דערצו, זיי זאָלען זיך קאָנסטיטואירען נאציאָנאל, זיי זאָלען קעמפען אנטקעגען דער אסימילאציע און זיי זאָלען אלע כחות אָנווענדען, כדי אָבצוהיטען דעם אייגענעם קיום און די אייגענע נאציאָנאלע עטוויקלונג: דאָס פּאָליטישע לעבען אין דעם פרייען רוסלאנד וועט זיי צווינגען דאָס צו טהאָן.

די רוסישע דעמאָקראַטיע וועט זיין אַ פרייער נאַציאָנאַליטעטען־שטאַאַט. די איינצעלנע פעלקער, לפּחות די קולטורעלע, וועלען בעקומען נאַציאָנאַלע רעכט, ד. ה. נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע. דאָס איז די פאָדערונג פון אַלע פּראָגרעסיווע פּאַרטייען אין לאַנד.

לויט דעם פּרינציפּ פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וועט דער שטאַאַט אַריבערטראָגען אויף די איינצעלנע פעלקער אַ טייל פון זיין מאַכט און וועט זיי איבערגעבען די אויפגאַבע, זיי זאָלען אויספיהרען געוויסע עפענטליכע ענינים, וואָס האָבען פריהער געהערט נאָר צו זיין אייגענער קאָמפּעטענץ.

לאָמיר נעהמען אַ ביישפּיעל, די פאָלקס־בילדונג. פאָלקס־בילדונג איז אַן ענין, וואָס געהערט צום שטאַאַט. ער בילדעט די ערציהונגס־אַנשטאַלטען אויף זיין חשבון, אָבער אויך אין זיין שפּראַך, אין דער אָפיציעלער שטאַאַטס־שפּראַך. גיט ער אַ וועלכער עס איז נאַציאָנאַליטעט אויטאָנאָמיע אין בילדונגס־זאַכען, יעמאָלט בעפאָלמעכטיגט ער די נאַציאָנאַליטעט, זי זאָל *אויף זיין חשבון* און אונטער דער קאָנטראָל פון זיינע געזעצען בויען די נויטיגע ערציהונגס־אַנשטאַלטען פאַר איהרע קינדער, אין איהר אייגענער שפּראַך. דער שטאַאַט איז דעריבער מחויב צו געבען די הוצאות דערצו, ד. ה. אַוועקגעבען דער נאַציאָנאַליטעט אַ געוויסען טייל פון זיין יעהרליכען ביודזשעט פאַר פאָלקס־בילדונג. און די נאַציאָנאַליטעט איז זיך מתחיב אויסצופילען דעם ווילען פון דעם שטאַאַט, לויט איהרע אייגענע נאַציאָנאַלע נויטען און לויט די אַלגעמיינע אינטערעסען פון דעם לאַנד.

און אַזוי איז דאָס אויך מיט אַלע אַנדערע ענינים, וואָס קאָנען אַריבערגעטראָגען ווערען פון דעם שטאַאַט אויף דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

*נאַציאָנאַלע רעכט זענען דעריבער ניט נאָר רעכט, נאָר אויך גענענזייטיגע פליכטען*: פליכטען פון דער נאַציע צו דעם שטאַאַט און פון דעם שטאַאַט צו דער נאַציע.

פון דעם אַליין ווערט שוין קלאָר, ווי אויסגעבונדען עס זענען דערביי די אינטערעסען פון דעם אַלגעמיינעם שטאַאַט און די אינטערעסען פון די איינצעלנע נאַציעס ; וואָס גערעמער עס זיינען די

גרעניצען פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וואָס מעהר עס ווערט דורכגעפיהרט דעם פּרינציפּ פון פעדעראַליזם, וואָס מעהר עניגים דער שטאַאַט טראָגט אַריבער אויף דער נאַציאָנאַליטעט, אַלץ מעהר ווערט ער פעוואַנדעלט אין אַ פעלקער-פעראייניגונג, אין אַ שותפות, וואו דער איינצעלנער שותף איז ניט דער בירגער, ניט דער יחיד, — נאָר דאָס פאָלק, צו וועלכען דער יחיד געהערט.

דערפון אַליין איז שוין אָבער אויך ממילא געדרונגען, אַז יעדער איינער מוז דערביי זיין פעראינטערעסירט, זיין פאָלק זאָל האָבען פון דער שותפות דעם גאַנצען חלק שטאַאַטס-הילף, סאַי אין אַ מאַטעריעלען, סאַי אין אַ גייסטיגען זין, — וואָס איהם קומט, לויט דעם דעמאָקראַטישען יושר; קיין אַנדער פאָלק זאָל ניט האָבען קיין איין ברעקעל איבערוואָג איבער איהם, וואָס זאָל ניט זיין בע־רעכטיגט לויט דעמזעלביגען דעמאָקראַטישען יושר. די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיען דאַרפען ווערען געבויט אויף דעם יסוד פון נאַציאָ־נאַלער גלייכבערעכטיגונג.

די נאַציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג ווערט גאַראַנטירט דורכ'ן געזעץ, אָבער דורכגעפיהרט אין לעבען קאָן זי נאָר ווערען דורך די אָנשטרענגונג פון די אייגענע נאַציאָנאַלע כחות. און ווי פּינקטליך דער געזעץ זאָל ניט פערוואָרענען אַלע רעכט, וועט אָבער די נאַציע זיין געצוואונגען צו ענטוויקלען איהר גאַנצע מאַכט, כדי צו דער־גרייכען אין דער ווירקליכקייט יענע וואָג און בעדיי־טונג אין דעם אַלגעמיינעם שטאַאַטס-לעבען, צו וועלכער זי איז פעהיג לויט איהרע אינוועניגסטע קרעפטען.

ניט נאָר דאַרף זי זיין שטאַרק אין צאָהל, נאָר אויך קרעפ־טיג אין איהר קולטורעלען לעבען, אין איהר עקאָנאָמישער ענטוויק־לונג, כדי צו ווערען אַ פאַקטאָר, מיט וועלכען ניט נאָר דאָס געזעץ, נאָר די גאַנצע ווירקליכקייט זאָל זיך דאַרפען רעכענען.

דאָס מוז פיהרען דערצו, וואָס קיינער וועט ניט וועלען ליידען, אַז דעם אַנדערענס וואָג און בעדייט אין עפענטליכען לעבען זאָל פערגרעסערט ווערען ניט אַ דאַנק די אייגענע אינוועניגסטע כוחות, נאָר אַ דאַנק יענע כוחות, וואָס זענען אַוועקגערויבט געוואָרען פון דער פרעמד. מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז קיין פאָלק וועט

ניט וועלען לײדען, א וועלכעם עס איז אנדער פאָלק זאָל שטארקער ווערען א דאנק דעם, וואָס עס וועט אסימילירען אין זיך ווערטפולע טײלען פון אן אנדערען.

יעדע נאציאָנאַליטעט, וואָס וועט דערלאָזען, אז די אסימילאציע זאָל זיך ערנסט ארײן רײסען אין איהר לעבען און אוועקשלעפען איהרע קינדער צו אן אנדער פאָלק, וועט דורכדעם גופא בעגעהן א דאָפּעלטען פּאָליטישען פעהלער: ערשטענס, וועט זי אָבשוואכען איהר אײגענע וואָג און בעדײטונג, און צווײטענס וועט זי ארויסרופען די שנאה צו זיך מצד יענע פעלקער, מיט וועלכע זי א ס י ־ ל י ר ט ז י ך נ י ט.

אין דעם צוקינפטיגען פרײען רוסלאנד וועט אזא אסימילאטאָרישע טאקטיק פון דעם אידישען פאָלק, — אויב זי זאָל ווײטער אָנגעפיהרט ווערען, — ווערען נאָך געפעהרליכער פאר אונז, אײדער איצטער, ווײלע יעמאָלט וועלען א סך נאציאָנאַלע גרופען זײן פערינטערעסירט, מיר זאָלען מיט אונזער גרויס־רוסישער אסימילאַציע ניט שטערען דעם נאטירליכען באלאנס פון די נאציאָנאַלע קרעפטען אין דעם לאנד.

און ווען אפילו דאָס אידישע פאָלק זאָל זיך אָנהויבען טײלווייז אסימילירען מ י ט א ל ע מ ע ן אין א גלײכער מאָס, — ווערען ניט נאָר גרויס־רוסיש, נאָר אויך קלײן־רוסיש, ווײס־רוסיש, טאָטעריש, ארמעניש און גרוזיניש, — וועט ער דערמיט ניט אָבווענדען דעם אומווילען פון די פעלקער אנטקעגען זיך.

די גרויס־רוסישע אינטעליגענץ וועט זײן אנטקעגען אונז אײנמאָל דערפאר, וואָס מיר קאָנקורירען מיט איהר גופא אין דער גרויס־רוסישער קולטור, און א־חוץ דעם וועט זי נאָך מאָהנען פון אונז, פאר וואָס מיר פערשטאַרקען מיט אונזערע קינדער די נומערישע קראפט און די קולטורעלע מאכט, פון דעם קלײן־רוס, דעם ווײס־רוס, דעם טאָטער און דעם גרוזין.

און אקוראט אזא פ י ע ל פ א כ ע ר אנטי־סעמיטיזם וועט מחמת די אײגענע טעמים מוזען דערוועקט ווערען בײ דעם קלײן־רוס, דעם ווײס־רוס, דעם טאָטער און דעם גרוזין. יעדע פון די נאציאָנאַלע גרופען וועט אונז פײנט האָבען סײ דערפאר וואָס מיר רײסען זיך ארײן אין איהר קולטור און לעגען ארויף אונזער אידישען

שטעמפעל אויף איהר ענטוויקלונג, סיי דערפאר וואס מיר רייסען זיך אריין אין פרעמדע קולטורען און מאכען נאך שטארקער זייער קראפט. — דאס וועט אמת זיין א גרויסער אינוועניגסטער ווידערשפרוך; וועלען מיר יעמאלט האבען ביי זיי א לאגישע עולה.

עס וועט פאר דעם אידישען פאלק דעריבער קיין אנדער ברירה ניט זיין, סיידען צו קאנצענטרירען זיך ארום דער אייגענער נאציאנאלער פאהן, זעהען אז אלע אויפטהוען, וואס די אידען טהוען־אויף אויף דעם פעלד פון דער פריעדליכער קולטור, זאלען פערשרייבען ווערען אויף דעם אידישען חשבון און ניט אויף קיין אנדערן'ס: *אז יעדער איד זאל בלייבען אין דער היים*, אז יעדער טראפען אידישע ענערגיע זאל פערשטארקען די אייגענע פאזיציע און פערמעהרען די אייגענע חשיבות אין דעם אלגעמיין־שטאאטליכען לעבען; ד. ה. זעהען, אז דער אסימילאציאנס־פראצעס זאל אין גאנצען אויפהערען.

און נאך א פונקט. די אינוועניגסטע לאגיק פון א נאציאנאליטעטען־שטאאט וועט בעשאפען א גאנץ אנדער בעגריעף פון *עפענטליכען יחוס*, פאר וועלכען דער מאדערנער איד איז אזוי עמפינדליך. אין א צענטראליסטישען שטאאט איז דאס הערשענדע פאלק דער יחוס. זיין שפראך, זיין קולטור איז די געהויבענע און די עקאנאמיש פארטיילהאפטערע. דאס איז איינע פון די אורזאכען, פאר וואס א סך אידען זענען אזוי להוט ארויסצושפרינגען פון דער אייגענער הויט און ארויפצוציהען אויף זיך די פרעמדע הויט פון דעם מיוחס. אין א פעדעראליסטישען שטאאט וועט דער גרעסטער יחוס זיין — *די טרייקייט צו דער אייגענער פאהן*, דער שטאלץ מיט דער אייגענער נאציע, — דער איד מיט זיין עמפינדליכען חוש פאר עפענטליכען יחוס — וועט תיכף דערשפירען, וואוהין עס בלאזט דער נייער ווינד און ווי מען דארף דעריבער אנשטעלען די לייוועטען פון זיין נאציאנאלען אקרענט...

## .4

### די שפּראַכען־פראַגע.

**אין דעם אויטאָקראַטישען רוסלאַנד איז דער אידישער עפענט־** ליכער געדאַנק געשטאַנען פאַר מינדעסטענס דריי גרונד־פּראָבלע־מען בנוגע צו דעם נאַציאָנאַלען לעבען:

זאָל מען זיך אסימילירען, מיט דער ניט־אידישער וועלט, אָדער אָנהאַלטען און ענטוויקלען די אייגענע אידישע נאַציאָנאַליטעט? נאַציאָנאַליזם אָדער אסימיליאַציע?

זאָל מען קעמפען פאַר'ן קיום הלאום נאָר אין אַן אייגענעם אי־דישען לאַנד, אָדער נאָר אין די גלות־לענדער? אָדער אפשר אי דאָ אי דאָרטען? טעריטאָריאַליזם, גלות־נאַציאָנאַליזם, אָדער א סינ־טעז פוןביידען?

זאָל די נאַציאָנאַלע שפּראַך זיין העברעאיש אָדער אידיש? העברעאיזם אָדער אידישיזם? אָדער ביידע שפּראַכען צוזאַמען?

מיר האָבען שוין פריהער געזעהן, ווי אַזוי דאָס ער־שטע פּראָבלעם, — נאַציאָנאַליזם אָדער אסימילאַציע, — וועט מוזען פערענטפערט ווערען אין דעם פרייען רוסלאַנד. די רוסישע רעוואָלוציע וועט פּראָקלאַמירען און דורכפיהרען אין לעבען דעם פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיען פאַר אַלע קולטורעלע פעלקער פון דעם לאַנד (מ י נ ד ע ס ט ע נ ס פאַר זיי). די גע־שאַפענע פּאָליטישע לאַגע וועט צווינגען דאָס אידישע פאָלק ארויפ־צוטרעטען אויף דעם וועג פון אייגענער סאָציאַלער ענטוויקלונג, — א וועג, וואָס שטימט צונויף סיי מיט די פאָדערונגען פון דער מאָ־דערנער פּעדעראַליסטישער דעמאָקראַטיע, סאַי מיט די אינוועניגס־טע היסטאָרישע טענדענצען פון דעם אידישען פאָלק.

דערמיט גופא ווערט אויך פערענטפערט א גרויסער טייל פון דעם צווייטען פּראָבלעם. עס ווערט אבסאָלוט און שאַרף אָבגע־שליידערט דער ריינער טעריטאָריאַליזם, וואָס וויל וויסען פון א אידישען פאָלק נאָר אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל עס האָט אַן איי־גען לאַנד, אָדער לעבט אויף אַן אייגענער טעריטאָריע. די רוסישע רעוואָלוציע וועט אין ערשטער ליניע ברענגען דעם טריאומף פון דעם אידישען גלות־נאַציאָנאַליזם. ווי עס זאָל ניט האַלטען אין

דער צוקונפט מיט אַ אידישען לאַנד, אין רוסלאַנד וועט דאָס אידישע פאָלק מוזען בויען אַן אייגענעם נאַציאָנאַלען לעבען אזוי לאַנג, ווי לאַנג עס וועט דאָרטען וואוינען אַ אידיש פאָלק.

אָט די צוויי פאַקטען, — די אידישע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע און די נויטוועגדיגקייט אָנצושטרענגען דעם נאַציאָנאַלען ווילען אין דעם קאַמף אַנטקעגען דער אַסימיליאַציע, — ברענגען מיט זיך אָבער דעם פולען און קלאָרען ענטפער אויך אויף דעם דריטען פּראָבלעם: די פראַגע וועגען דער אידישער נאַציאָנאַלער שפּראַך, וועגען העברעאיש אָדער אידיש.

אין דער פאַר־רעוואָלוציאָנערער צייט איז דער העברעאיזם אַרויסגעטרעטען מיט דעם פאָרמעל: „או עברית, או רוסית“; אונזער שפּראַך אין רוסלאַנד דאַרף זיין אָדער די העברעאישע, אָדער די רוסישע.

פאַר יעדען איינעם, וואָס האָט זיך נאָר אַריינגעטראַכט אין דעם ענין פון נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר די רוסלענדישע פעלקער, מוז זיין קלאָר ווי דער טאָג, אַז וועגען רוסיש, ווי אַן אָפיציעלע שפּראַך פון דער אידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, ווי דער שפּראַך פון די אידישע ערציהונגס־אַנשטאַלטען אין דעם אידישען עפענטליכען לעבען, קאָן איצטער גאָר קיין רעד ניט זיין.

שפּראַך־געמיינשאַפט איז קולטור־געמיינשאַפט. אַ פאָלק וואָס רעדט אַ שפּראַך און לעבט אין אַ קולטור פון אַן אַנדער פאָלק, קאָן אין אונזערע צייטען נאָר יעמאָלט אָבהיטען זיין נאַציאָנאַלע זעלבסט־שטענדיגקייט, ווען עס האָט אַן אייגענע, פאָליטיש אונאַבהענגיגע טעריטאָריע, — ווי די אַמעריקאַנער אין פערגלייך מיט די ענגלענדער, די דייטש־שווייצער אין פערגלייך מיט דייטשלאַנד, די בעלגישע וואַלאָנען אין פערגלייך מיט פראַנקרייך.

אין אַ נאַציאָנאַליטעטען־שטאַאַט פאַלט דעריבער נאַציאָנאַליטעט צונויף מיט שפּראַך. וועלכע שפּראַך דו געברויכסט, צו יענער נאַציאָנאַליטעט ביסטו צוגעשריעבען. אָט פאַרוואָס אין עסטרייך און אויף דעם באַלקאַן־האַלב־אינזעל מאַכען די פּאָליטיקער אזוי פיעל קונצען מיט דער שפּראַך־סטאַטיסטיק. אָט פאַרוואָס אין עסטרייך טהאָר אַ איד ניט אָנגעבען אידיש פאַר זיין מוטער־שפּראַך.

אַט פאַר וואָס אין בוקאָווינא ווערט אידיש פעררעכענט פאַר דייטש און אין גאַליציע גאָר ניט פעררעכענט, אַקוראַט, ווי ער וואָלט אי־בערהויפּט ניט עקזיסטירט. אין בוקאָווינא ווערט גערעכענט מיט אזוי פיעל מעהר דייטשען, וויפיעל עס זיינען דאָ אידען, און אין גאַליציען מיט אזוי פיעל מעהר פּוילען, ווייל... גענוג, פרעג קשיות אויף גאַליציע! ווייל אידיש איז קיין שפּראַך ניט.

אָננעהמען רוסיש פאַר דער אָפיציעלער שפּראַך פון דער אידי־שער אויטאָנאָמיע וואָלט געהייסען צושרייבען זיך צו דער גרויס־רוסישער נאַציאָנאַליטעט און — ארויס־רופען אנטקעגען זיך דעם פּראָטעסט און דעם קאַמף מצד אַלע ניט גרויס־רוסען אין דעם לאַנד. הייסט עס, אַז די ברירה פון „או רוסית" איז אין רוסלאַנד לגמרי אָבגעפרעגט. אגב, וואָלט די ברירה פון „או רוסית" גע־דאַרפט אין דעם רוסישען נאַציאָנאַליטעטען־שטאַאט פאַנאַנדער־געצווייגען ווערען אין: „או רוסית, או טאַטארית, או טשואוואשית, או יאקוטית וכו'", לויט די נעמען פון די אַלע רוסלענדישע שפּראַ־כען, וואָס וועלען בעקומען די שטאַאַטליכע גלייכבערעכטיגונג. אָבער דאָס וואָלט אין קיין פאַל ניט געענדערט דעם גרונד־כאַראַק־טער פון אָט דער ברירה. דאָס וואָלט אין אַלע פעלען געווען ניט קיין אנדער זאַך, ווי די אָפיציעלע אַסימיליאַציע, וואָס איז איצטער דעם אידישען פאָלק אונמעגליך געוואָרען אין רוסלאַנד.

בלייבען אויף די שאַלען פון דער וואָג נאָר די צוויי שפּראַכען, אין וועלכע אונזער פאָלק שאַפט: אידיש און העברעאיש. אויף ו/עלכער שאַל וועט די רוסישע רעוואָלוציע ארויפלעגען איהר גאַנצע געוויכט?

עס קאָן קיין ברעקעל ספק ניט זיין, אַז נאָר אויף דער א י־ד י ש ע ר. די רוסישע רעוואָלוציע וועט, לפּחות פאַר רוסלאַנד, ברענגען דעם טריאומף ניט נאָר פון דעם גלות־נאַציאָנאַליזם, נאָר אויך פון יענעם אידעאַל, מיט וועלכען ער איז לאָגיש פערבונדען: די שטאַאַטליכע אנערקענונג און די אינוועניגסטע פאַנאַנדערבלי־הונג פון דער אידישער שפּראַך.

מיר האָבען שוין געזעהען, אַז אַ נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע איז אַ שותפות'ער עסק, אין וועלכען עס זענען גלייך פעראינטערע־סירט סאַי דער דעמאָקראַטישער שטאַאַט, סאַי דאָס פאָלק, ווען

זי ווערט נעגעבען. דער שטאַאַט איז אָבער פעראינטערעסירט, אז די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע זאָל געבויט ווערען אויף דעם יסוד פון יענער שפּראַך, וואָס ווערט ווירקליך גע־נערעדט און פערשטאַנען פון פאָלק.

עס זענען דאָ אַ סך טעמים, פאַר וואָס דער שטאַאַט מוז שטע־לען דעם פאָלק אזא בעדינג. מיר וועלען ברענגען דאָ נאָר דעם וויכטיגסטען.

מעהר פון אַלץ איז דער שטאַאַט פעראינטערעסירט, אז יעדער איינער זאָל זיין בעקאַנט מיט זיינע געזעצען און זיינע פעראָרד־נונגען. עס איז אַן אַלטער כלל אין דער יוריספּרודענץ, אז קיינער קאָן זיך ניט בערופען אין געריכט אויף דעם פאַקט, וואָס איהם איז ניט בעקאַנט דער געזעץ אָדער די פעראָרדנונג.

אין אַ נאַציאָנאַליטעטען־שטאַאַט מוזען אַלע וויכטיגע פער־אָרדנונגען און געזעצען אַרויסגעגעבען ווערען אין אַלע יענע שפּראַכען, וואָס זענען אָפיציעל בערעכטיגט דערצו, כדי אַלע אויטאָ־נאָמע פעלקער זאָלען זיי קענען פערשטע־הען. פאַר גאָר גלייכבערעכטיגטע פעלקער מוז דער שטאַאַט אליין בעזאָרגען די וויכטיגע איבערזעצונגען, און זיי, די איבערזע־צונגען, האָבען דעמזעלביגען יורידישען ווערט, ווי אַן אָרגינאַל: אין אַלע פעלען קאָן מען זיך אויף זיי בערופען אין געריכט. אין אַנדערע פעלען ווערען נאָך צוגעלאָזען בעגלויביגטע אי־בערזעצונגען, אָדער שטאַאַטליך־אויטאָריזירטע איבערזעצונגען, וואָס זייער יורידישע גילטונג איז אַ ביסעל שמעלער איידער די פון דעם אָריגינאַל. (האָט אַ פאָלק ניט קיין שפּראַך־גלייכבערעכטיגונג, ווערען זיינע איבער־זעצונגען בעטראַכט פאַר פּריוואַטע און האָבען ניט קיין יורידישע גילטונג פאַר׳ן געריכט).

על־כל־פנים אַנערקענט דער שטאַאַט נאָר אַזאַ שפּראַך, וואָס קאָן איהם צוניץ־קומען, אין וועלכער ער קאָן זיך צונויפ־רעדען מיט דער בעפעלקערונג. עס איז דעריבער קלאָר, אז ווען אַ פאָלק זאָל פערלאַנגען גלייכבערעכטיגונג פאַר אַ שפּראַך, וועלכע ער נעברויכט ניט אין זיין טאָג־טעגליכען לעבען, וועט דער שטאַאַט מוזען איהם אָבזאָגען אין זיין פערלאַנג.

זאָלען די ר׳טענער, צום ביישפּיעל, פּלוצלונג בעשליסען, אַז זיי װילען אָנהויבען רעדען פראַנצויז און בויען זייער קולטור אין פראַנצויז, און זאָלען זיי אַרויסטרעטען מיט דער פּאָדערונג, פראַנצויז זאָל װערען דער יסוד פון זייער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, װעט זיי דער שטאַאַט מוזען ענטפערען:

„װי פרייע בירגער פון דעם לאַנד, זייט איהר בערעכטיגט אויסציבויען װעלכע שפּראַך איהר װילט, װילט איהר פראַנצויז, קאָנט איהר, אויף אייער אייגענעם חשבון, װי פּריװאַט מענשען אויסבויען אַלע נויטיגע אַנשטאַלטען, אַז פראַנצויז זאָל װערען די גערעדטע שפּראַך פון אייער פאָלק. און דאַן װען זי װעט דאָס װערען, װעט אייער אויטאָנאָמיע קאָנען געבויט װערען אויף דעם יסוד פון יענער שפּראַך. ביז צו יענער צייט אָבער װעט פאַר מיר עקזיסטירען נאָר אייער מוטער־שפּראַך, רוטעניש, אָדער איהר װעט איבערהויפּט ניט האָבען קיין אויטאָנאָמיע און װעט מוזען נאַציאָנאַל צוגערעכענט װערען צו אַ װעלכע עס איז אַנדערער נאַציאָנאַליטעט. און די מיטלען, װאָס איך בעװיליג פאַר אייער אויטאָנאָמיע, קאָן איך בעװיליגען נאָר אויף דעם תנאי, װען זי זאָל זיין געבויט אויף דעם יסוד פון אייער איצטער גערעדטער שפּראַך, אָדער — איהר װעט איבערהויפּט ניט בעקומען קיין מיטלען פון מיר. כל־זמן פראַנצויז איז נאָך ניט קיין גערעדטע שפּראַך ביי אַ בעדייטענדען טייל פון אונזערע בירגער, קאָן זי ניט רעכענען אויף אַ װעלכער עס איז הילף מצד דעם שטאַאַט".

װאָס פראַנצויז פאַר דעם רוטענער, דאָס איז העברעאיש פאַר דעם אידען. פון אַ שטאַאַטליכען שטאַנדפּונקט, פערשטעהט זיך: דאָס איז אַ שפּראַך, װאָס דאָס פאָלק רעדט ניט און פערשטעהט ניט. ממילא קאָן די אידישע אויטאָנאָמיע ניט געבויט זיין אויף איהר יסוד, אפילו װען דאָס אידישע פאָלק זאָל דאָס װעלען.

און פאַר װאָס זאָלען די אידישע מאַסען, ד. ה. דאָס אידישע פאָלק, װעלען העברעאיש װי אַ נאַציאָנאַל־שפּראַך? װאָס פאַר אַ ניצען װעלען זיי האָבען פון איהם אין דעם שטאַאַטליכען לעבען? װעלכע לעבענס־נויטען פון די אידישע מאַסען װעט ער בעפריעדי־

גען? קיינע לעבענס־נויטען קאָן ער ניט בעפריעדיגען, קיין נוצען קאָן ער די אידישע מאסען ניט ברייננען.

.5

אין דעם פאָריגען ארטיקעל האָבען מיר געזעהען, אז דער פרייער רוסישער נאציאָנאליטעטען־שטאאט וועט פון זיין זייט מו־זען זיין פעראינטערעסירט, די נאציאָנאלע אויטאָנאָמיע פון די פעל־קער זאָל זיין אויפגעבויט אויף דעם יסוד פון דער ג ע ר ע ד ט ע ר פאָלקס־שפראך. ממילא קאָן ער ניט געבען קיין נאציאָנאלע גלייכ־בערעכטיגונג דעם העברעאיש, כל זמן יענער לשון איז נאָך ניט די גערעדטע שפראך פון די אידישע מאסען. פאַר דער אידישער אויטאָנאָמיע מוז ער שטעלען דעם בעדינג, ז י ז אָ ל ג ע ב ו י ט ו ו ע ר ע ן א ו י ף ד ע ם י ס ו ד פ ו ן א י ד י ש.

אָבער אויך דאָס אידישע פאָלק האָט ניט קיין אנדער אינטע־רעס אין דער שפראכען־פראגע, ווי נאָר דעם, אז דער שטאאטליכער יסוד פון זיין נאציאָנאלער גלייכבערעכטיגונג זאָל זיין ניט העברע־איש, נאָר אידיש.

און ווען איך רעד פון דעם אידישען פאָלק אין רוסלאנד, האָב איך דאָ אין זין דעם פאָליטישען טייטש פון דעם וואָרט, וואָס האָט אין א דעמאָקראטישער צייט קיין אנדער בעדייט ניט, ווי נאָר דעם: דאָס אידשע פאָלק, דאָס זענען ד י א י ד י ש ע מ א ־ ס ע ן, דער סכום אידישע שטאאטס־בירגער, וואָס בעקומט א רעכט אויף א נאציאָנאלער אויטאָנאָמיע. אין זייערע לעבענס־אינטערעסען און נויטען ליעגט, זאָג איך, אז זייער אויטאָנאָמיע זאָל געבויט ווערען אויף דעם פונדאמענט פון א י ד י ש.

דאָס ליעגט אין זייערע קולטורעלע לעבענס־נויטען, אין זייע־רע נאציאָנאלע לעבענס־נויטען, אין זייערע בירגערליכע, פאָליטישע און אינטערנאציאָנאלע אינטערעסען.

דער אויפבוי פון דער אידישער אויטאָנאָמיע אויף דעם יסוד פון דעם ניט גערעדטען העברעאיש וואָלט ק ו ל ט ו ר ע ל נאָך מעהר פערטיעפט דעם תהום וואָס עקזיסטירט איצטער צווישען די נידעריגערע מדרגות און די העכערע מדרגות פון דער אידישער קול־טור.

עס איז נאָך ניטאָ אויף דער וועלט קיין איין פאָלק, וואָס ביי איהם זאָלען אַלע זיינע שיכטען שטעהן אויף דערזעלביגער מדרגה פון קולטור און בילדונג. אָבער ווייל ביי קיין ציוויליזירטען פאָלק אין דער וועלט איז ניטאָ קיין שפּראַכען־דואַליזם, — איין לשון פאַר די נידעריגערע קולטור־שטופען, די „עם־הארצים“, און אַן אַנדער שפּראַך פאַר די געבילדעטע און געלערנטע, — קאָן יעדער איי־נער פון פאָלק, וואָס האָט נאָר דעם ווילען און די פעהיגקייט דערצו, זיך אויפהויבען ביסלעכווייז פון די נידעריגסטע ביז צו די העכסטע שטאַפּלען פון דעם אַלגעמיין־מענשליכען פּראָגרעס, און ער איז ניט געצוואונגען דערביי אָנצוקומען צו אַ וועלכער עס איז פרעמדער, איהם ניט בעקאַנטער שפּראַך.

אַזוי האָבען די ארבייטער פּרודאָן, פּיערר ליערו און בענוא מאַ־לאָן אין פראַנקרייך געקאָנט זיך אויפהויבען פון דעם נידעריגסטען קולטורעלען מעמד צו דער מדרגה פון פיהרער און וועג־ווייזער ניט נאָר פאַר זייער קלאַס, נאָר אויך, ווי פּרודאָן, פאַר דער גאַנצער מענשהייט. אַזוי האָבען בעבעל און האַזענקלעווער אין דייטשלאַנד געקאָנט אריינגעהמען אין זיך די רעזולטאַטען פון דער רייכער דייט־שער בילדונג און פיהרען ניט נאָר דעם פּאָליטיש־עקאָנאָמישען קאַמף פון דער סאָציאַלער דעמאָקראַטיע, נאָר אויך איהר גייסטיגען קאַמף מיט דער בירגערליכער וועלט. אַזוי האָט מאַקסים גאָרקי געקאָנט ארויפקלעטערען פון דעם „באַרוועסען שייגעץ“ (דעם באָ־סיאַק) צו דער מדרגה פון אַ בעדייטענדען קינסטלער און אַן ערנס־טען וואָרט־פיהרער פון דעם רוסישען פאָלק.

ביי די אַלע און עהנליכע פאָלקס־קינדער איז דער איבערגאַנג פון נידעריגער צו העכערער קולטור ניט געווען פערבונדען מיט אַ שפּראַך־רעוואָלוציע. זיי האָבען זיך געהויבען ביסלעכווייז פון שטופע צו שטופע, אין יעדען מאָמענט פון זייער ענטוויקלונג האָ־בען זיי ארויסגעשטראַהלט אַליץ מעהר בילדונג און אויפקלעהרונג אין זייער סביבה און מיט די שטראַהלען האָבען זיי מאַגנעטיש גע־צויגען אין דער הויך אַליץ מעהר עלעמענטען פון דער ניעדער.

די איינהייטליכע שפּראַך־אַטמאָספערע פאַר אַלע גראַדען פון דער פאָלקס־קולטור גיט די מעגליכקייט אויפצואוועקען אַ סך שאַ־פענדע כחות פון דעם פאָלק, וואָס וואָלטען ביי אַנדערע אומשטענ־

דען ניט געקאָנט אריבערשפּרייזען דעם אָבגרונט, וואָס די צוויי־שפּראַכיגקייט בעשאַפט צווישען מאַסע און אינטעליגענץ.

זאָגט ניט: דאָס האָט געקאָנט זיין נאָר ביי יענע פעלקער, וואָס האָבען שוין אַ רייכע פּראָגרעסיווע קולטור אין זייער אייגענער שפּראַך. איך ווייס אַליין, אַז אונזער קולטור איז זעהר אָרעם אין יענע אַלגעמיין־מענשליכע בעשאַפונגען, וואָס זיינען נויטיג, כדי מען זאָל קאָנען באמת זיין אַ מאָדערנער געבילדעטער מענש. אָבער אָט דער פּראָגרעסיוו־קולטורעלער דלות הערשט ניט נאָר אין דער אידישער שפּראַך, נאָר אויך אין דער העברעאישער, און אין דער העברעאישער אפשר נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, איידער אין דער אידישער.

וואָס עס זאָל ניט זיין די שפּראַך פון אונזער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וועט אַ היבשע סומע געלט מוזען אָנגעווענדעט ווערען, כדי איבערצוזעצען אין איהר די וויכטיגסטע אוצרות פון דער מענשליכער קולטור, אָנגעזאַמעלט אין אַלע צווייגען פון דעם מענשליכען וויסען און שאַפען.

די דעמאָקראַטיש־אידישע נאַציאָנאַל־פערוואַלטונג וועט גאַנץ זיכער בעוויליגען די דאָזיגע סומען פאַר איבערזעצונגען אין אִידיש, וואָס עפענען אויף פאַר׳ן גאַנצען פאָלק אַלע טהירען צו אַלע מענשליכע קולטור־אוצרות, און ניט אין העברעאיש, וואָס בעשאַפט נאָר אַן אַראַנזשעריע פאַר אַ פּאָר אויסדערוועהלטע יחידים; אין אִידיש, וואָס בעפרוכפּערט אַלע שאַפונגס כוחות פון דעם פאָלק, און ניט אין העברעאיש, וואָס בלייבט איינגעשלאָסען אין דער וועלט פון אונזערע העכערע באַלאַבאַטישע קרייזען.

מיט אַ פאָנד פון אַ מיליאָן רובעל — וואָס איז אין אונזערע צייטען אַ מיליאָן רובעל פאַר אַ שטאַאַטליך געשיצטער נאַציאָנאַלער פערוואַלטונג? — און מיט דער ארבייט פון יענעם דור אִידישע שריפטשטעלער, וואָס לעבט מיט אונז היינט, קאָן אויפגעבויט ווערען דער בנין פון דער מענשליכער פּראָגרעסיווער קולטור פאַר׳ן אידישען פאָלק, קאָנען איבערגעאַרבייט ווערען די נויטיגע ענציקלאָפּעדיעס און גרונד־ווערק פון אַלע וויסענשאַפטען, קאָנען איבערגעזעצט ווערען די קלאַסיקער פון דעם טעאָרעטישען און קינסט־

לערישען שאַפען. און מיט אַ צוגאָב פון נאָך אַ ריש אַלף קערבלעך קאָנען בעאַרבייט ווערען אין אידיש אויך אַלע ווינקטיגסטע, אמת מענשליכע שאַפונגען, וואָס געפינען זיך אין דעם אוצר פון אונזער העברעאישער קולטור.

און מערקט אייך: די אידישע שפּראַך איז פאַר די לעצטע פופצעהן יאָהר געוואָרען אַזוי רייך, אַז אין דעם פּרט פון איבערזעצונגען קאָן זי אַלע מאָל אויפנעהמען די קאָנקורענץ מיט העברעאיש; דערהויפּט נאָך מיט יענעם כלומרש'ט „מאָדערנעם" העברעאיש פון אונזערע טעג, וואָס איז געוואָרען נאָך ערגער איידער אַ זשאַרגאָן, וואָס קלינגט ווי אַ קינסטליכע גהיים־שפּראַך, פערשטענדליך נאָר פאַר די „אנשי שלומינו", וועלכע ווייסען דעם סוד.

משוגע וועט זי ווערען, די אידישע נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטיע, ווען זי זאָל געבען דעם פאָלק די קולטור אין אַ שיפריר־שפּראַך. דאָס וואָלט געהייסען געבען דעם פאָלק שטיינער אַנשטאַט ברויט.

אגב גלויב איך — און מבינים וועלען מיר מודה זיין אין דעם — אַז אויך אין דעם ענין פון נײַ־שאַפונגען האָט אונזער יונגער אידיש שפּראַכליך שוין באַלד־באַלד אָנגעיאָגט דעם גלענצענדסטען העברעאיש. אין בויגיגקייט, ריהרעוודיגקייט, פלינקען לויף און שטיפּעריש האָזען־שפּרונג קאָן זיך זעלטען ווער פון די העברעער פערגלייכען מיט אַ משה נאַדיר, וועמעס רייכער טאַלאַנט עס מוז נאָך ליידער אַוועקגעהן דאָס רוב אויף שפּראַכליכע מוסקעל־גימנאַסטיק. און משה נאַדיר איז ניט דער איינציגער פון אונזערע יונגע, וואָס קאָנען באַלאַנסירען אויפ'ן נאָז אַ שטאַנג מיט אַ ברענענדיגען לאָמפּ. מיט אַזעלכע עלאַסטישע מוסקולען קאָן אונזער שפּראַך שוין איצטער געפינען איהר גלייכגעוויכט אין יעדער לאַגע, אפילו דאָרטען, וואו מען מוז טאַנצען אויף אַ דראָהט, וואו מען דאַרף קאָנען זיך אויסגעפונען אין די צאַרטעסטע שאַטירונגען פון דער פּאָעזיע און אין די שפּינוועב־דינע געדאַנקען פון דער פילאָסאָפיע.

דערביי האַלט אידיש נאָך גאָר ביי דעם אָנהויב פון זיין ענטוויקלונג. געמאָסטען מיט דעם מאַסשטאַב פון דער רוסישער ליטעראַטור־געשיכטע, לעבען מיר איצטער נאָך אין דעם פּעריאָד פון

אַ קאַראַמזין, אַ זשוקאָווסקי, אַ גריבאָיעדאָוו, ווען דער גרעסטער טייל פון דער רוסישער פראַנצויזיש־ערצויגענער אינטעליגענץ האָט נאָך מיט אַן אריסטאָקראַטישען בטול געקוקט אויף דער אייגענער פאָלקס־שפּראַך. אָבער עס קלאַפּט שוין אין אונזער טיר די עפּאָכע פון די אידישע פּושקינס און ליערמאָנטאָווס, גאָגאָלס, טורגעניעווס און טאָלסטאָיס, — די עפּאָכע פון דעם זעלבסט־זיכערען אויסגע־וואַקסענעם שאַפען.

כ ו ח ו ת צו בעשאַפען גרויסע און אָריגינעלע ווערק זענען ביי דעם אידישען פאָלק דאָ. די זעפטען וואָס האָבען ארויסגעבראַכט אַ יהודה הלוי אין אַ שפּאַניען און אַ היינריך היינע אין דייטשלאַנד, זענען ניט אויסגעטריקענט געוואָרען אויך אין רוסלאַנד און קאָנען זיך פאַנאַנדערבליהען אין דער אידישער שפּראַך.

ביז אַהער זענען זיי אויפגעהאַלטען געוואָרען דורך די אָבגע־שטאַנענקייט פון די פרום־נאַציאָנאַלע דורות און דורך די אָבגעריי־טענקייט פון דעם פּראָגרעסיוו־אַסימילאַטאָרישען דור. דער נאַציאָ־נאַל־פּראָגרעסיווער אידישער דור וועט, אַ דאַנק דער רוסישער רע־וואָלוציע, בעשאַפען די נויטיגע בעדינגונגען פאַר זייער פרייען אַרויסטרעט אין לעבען.

אין דער צייט, ווען די רוסישע אַריסטאָקראַטיע האָט געמוזט אָבטרעטען איהר פּלאַץ פאַר דער הערשאַפט פון דער רוסישער דע־מאָקראַטיע, וועט אויך די אידישע אַריסטאָקראַטיע „גברת“ זיך מו־זען אונטערגעבען דעם רעוואָלוציאָנערען אויפשטאַנד פון דער „שפחה“. זי וועט דאָס מוזען טהאָן דערפאַר, ווייל די „שפחה“ קאָן בעסער איידער זי בעפרידיגען ניט נאָר די קולטורעלע נויטען פון דעם אידישען פאָלק, נאָר אויך זיינע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע לעבענס־נויטען.

## 6.

מיינער אַ פריינד, אַן אַלטע קלוגע אידישע פרוי, פלעגט מיר אָפט זאָגען: „קינדער וואַקסען ניט אַזוי ווי עפּעלעך אויף אַ בוים“. און אויך נייע געזעלשאַפטליכע רעוואָלוציעס ענטוויקלען זיך ניט אַזוי רוהיג און אָרגאַניש ווי דאָס וואַקסען פון אַ פלאַנץ. זיי דאַרפען אויך דורכמאַכען זייערע „פּאָקעלעך און מאָזעלעך“, און אַלע אַנדערע

קינדער־קרענק, וואָס קאָנען אמאָל אמת ווערען געפעהרליך פאַר'ן לעבען.

בעת איך שרייב דעם איצטיגען אַרטיקעל איז דער ביולעטין פון דער רוסישער רעוואָלוציע ניט גאָר קיין פרעהליכער: איהר פולס איז גאַנץ זיכער ניט נאָרמאַל. קיין געפעהרליכער פיבער איז נאָך ניטאָ, און על פּי סברא דאַרף מען אָננעהמען, אַז דאָס איז נאָר אַ קליינע שטערונג אין דעם יונגען אָרגאַניזם.

ווי די היעגע בורזשואזע צייטונגען דערקלערען, שטאַמט די שטערונג פון אַן איבעריגען ביסען „פרייהייט". אין נאָרמאַלע אומ־שטענדען קאָן אַן איבעריגער ביסען פרייהייט קיין מאָל ניט שאַדען, ווי עס קאָן ניט שאַדען אַ דאָפּעל־פּאָרציע פרייע, פרישע לופט. אַזוי, קומט אויס, לויט מיין דאָקטאָריע. אָבער אויף אַ הונגעריגען מאָגען, פאַר אַן אָרגאַניזם מיט בלוטענדע וואונדען, — ווער ווייס? אפשר האָט דער שנעלער איבערגאַנג פון שטיקענעס צו אבסאָלוטער פרייהייט פאַרט אַ ביסעל אָנגעריהרט דעם גלייכגע־וויכט פון דעם אָרגאַניזם.

על־כל־פּנים צו אונזער ענין, — דעם ענין פון רוסישע רעוואָ־לוציע און אידישע אינטערעסען, — האָט דאָס ניט קיין דירעקטע שייכות.

אויב אין רוסלאַנד זאָל באמת שוין איצטער זיך פאַנאַנדער־ברעכען דער קאַמף צווישען דער בירגערליכער און דער סאָציאַלער דעמאָקראַטיע, איז, ווער עס זאָל ניט זיעגען, וועט אַלץ זיעגען די דעמאָקראַטיע אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס. ווענען אַ זיעג פון די אַלטע אָבגעלעבטע כוחות, פון די ראָמאַנאָווס מיט זייערע „שווארצע מאות", פון די „זוברעס" — די פריצים אָדער אפילו — אָקטאָבריסטישער גרויס־בורזשואזיע, קאָן גאָך דער־ווייל קיין רייד ניט זיין.

יעדע דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד וועט אָבער מוזען שטרעבען צו ווערען אַ פרייער נאַציאָנאַליטעטען־שטאַאַט און וועט מוזען בעזאָרגען יעדען קולטורעלען פאָלק מיט אַ סכום פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אויף דעם יסוד פון יענער שפּראַך, וועלכע דער שטאַאַט וועט אנערקענען פאַר'ן פאָלק.

מיר האָבען אין די פריהערדיגע אַרטיקלען געזעהן, אַז פאַר

אידען קאָן דער רוסישער שטאַאט ניט אנערקענען קיין אנדער שפּראַך, ווי נאָר די פאָלקס־שפּראַך, דעם א י ד י ש, ווייל דער שטאַאט איז, ווי א צד, אין דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פער־אינטערעסירט, אז ער זאָל זיך קאָנען ווענדען צו דעם פאָלק אין א שפּראַך, וועלכע דאָס פאָלק פערשטעהט.

אָבער אויך דאָס אידישע פאָלק איז פון זיין צד פעראינטערע־סירט, אז די שפּראַך פון זיין נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין רוס־לאַנד זאָל זיין ניט קיין אנדערע, ווי נאָר אידיש. מיר האָבען אין דעם פאָריגען ארטיקעל אויפגעוויזען אויף די ק ו ל ט ו ר ע־ל ע נויטען פון דעם פאָלק. איצטער לאָמיר זעהן, וואָס דיקטירען איהם זיינע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע נויטען.

די ערשטע און וויכטיגסטע נאַציאָנאַלע לעבענס־נויט איז די פערזיכערונג פון דער אייגענער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. דער בעסטער מיטעל דערצו איז, אַן אייגען לאַנד. אָבער וועגען דעם רעדען מיר איצט ניט: די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע ווערט דאָך געגעבען די אידען אין רוסלאַנד ניט אויף דעם באַזיס פון אַן אייגענער טעריטאָריע.

בלייבען די צוויי אנדערע מיטלען, א בעזונדער רעליגיע און אַן אייגענע שפּראַך.

די אידישע רעליגיע קאָן ניט ווערען דער באַזיס פון דער אידיש־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. וואָס פאַר א ראָליע זי זאָל ניט האָבען געשפּיעלט אין דער פערגאַנגענהייט אין דעם פּרט פון אויפ־האַלטען דעם קיום פון דעם אידישען פאָלק, — מיר לעבען איצטער אין א ו ו ע ל ט ל י כ ע ר פּעריאָדע, וואָס זוכט אומעטום ראַ־דיקאַל פאַנאַנדערצושיידען שטאַאט און רעליגיע. דער גלויבען ווערט דערקלערט ווי אַן אבסאָלוטע פּריוואַט־זאַך, א ריין־אינדיווי־דועלע אנגעלעגענהייט פון יעדען איד, אין וועלכע דער שטאַאט האָט קיין ברעקעל רעכט ניט אריינצומישען זיך, ניט דירעקט, ניט אינדירעקט.

בעשאַפען א נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אויף דעם יסוד פון דער אידישער רעליגיע, ווי דאָס האָבען די דייטשען געמאַכט אין פּוילען, הייסט פּאָליצייליך פאַרשרייבען יעדען אידען, אין וואָס ער מוז גלויבען, כדי ער זאָל קאָנען געניעסען די פאָרטיילען פון

א נאַציאָנאַלער זעלבסט-פערוואַלטונג. אין א פ ר י י ה י י ט-ל י ך-דעמאָקראַטישען שטאַאַט אין אַזאַ זאַך אונמעגליך. אגב וואָלט דאָס געהייסען, אַז מען אנערקענט דערביי ניט די אידישע נ אַ צ י ע, וואָס נעהמט אַרום, ווי יעדע נאַציע, אַלערליי מענ-שען מיט אַלערליי גלויבונגען און אַפּיקורסות'שען, נאָר די אידישע ר ע ל י ג י ע, וואָס האָט צו טהאָן נאָר מיט די „בני דת משה".
א פרייהייטליכער נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ט ע ט ע ן-שטאַאַט קאָן ניט געבען קיין בעשטימטע שטאַאַטליכע פּרעראָגאַטיווען צו די מיטגליעדער פון א געוויסער רעליגיע אָדער א געוויסער סעקטע.

דעם קיום הלאום וועט דאָס אידישע פאָלק אין רוסלאַנד דאַר-פען פערזיכערען מיט די מיטלען פון זיין ש פּ ר אַ ך. אין דער ערשטער ליניע וועט ער דעריבער דאַרפען קעמפען אַנטקעגען דער ש פּ ר אַ ך - אַ ס י מ י ל אַ צ י ע מיט דער אַרומיגער וועלט.

וואָס קאָן איהם אין דעם קאַמף בעסער העלפען: אידיש אָדער העברעאיש?

די אָנהענגער פון דעם העברעאיזם האָבען אָפט אויפגעוויזען אויף דעם ווערט פון העברעאיש אין דעם קאַמף אַנטקעגען אַסי-מילאַציע. דאָרטען, וואו די אויסערע אומשטענדען פון דעם שטאַאַטס-לעבען האָבען געצוואונגען די אידישע בעפעלקערונג אין גאַנצען צו פערלאָזען זייער אייגענע שפּראַך און אָנצונעהמען דעם לשון פון דעם הערשענדען פאָלק, — דאָרטען איז דאָס שטודיום פון העברעאיש אַלעמאָל געווען א מיטעל, ווי אויפצוהאַלטען דאָס אייגענע קולטורעלע לעבען און ממילא די אייגענע נאַציאָנאַלע עק-זיסטענץ.

איך וויל בשום אופן ניט אָבלייקענען אָט דעם פאַקט. אדרבה, עס איז זעהר וויכטיג צו האָבען איהם אין זין. ער דערקלעהרט אונז, ווי אַזוי און פון וואַנען דער העברעאיזם האָט זיך גענומען אין אונזער לעבען.

געשיכטליך איז דער העברעאיזם אויסגעוואַקסען אין דער השכלה-צייט, ניט ווי א פּראָטעסט אַנטקעגען דער שפּראַכען-אַסי-מילאַציע, נאָר ווי א ג ע ג ע ן - ג ע ו ו י כ ט צו איהר. אַז אידען מוזען אָנהויבען רעדען די שפּראַך פון דעם לאַנד, אין וועלכען זיי וואוינען, דאָס האָט די השכלה-צייט ניט געלייקענט. אדרבה, זי

האָט דאָס געוואָלט. „היה אדם בצאתך ויהודי באהליך" — זיי אַ מענש מיט מענשען גלייך אין גאַס און אַ איד נאָר ביי זיך אין דער היים, — איז געווען די פאָרמעל פון דער השכלה. אין גאַס דאַרף מען רעדען די שפּראַך פון דער הערשענדער גאַס, אָבער אַזוי ווי דאָס וואָלט דאָך מוזען פיהרען סוף־כל־סוף צו דעם פערשווינדען פון דעם אידישען פאָלק, איז — זאָל מען אין דער היים שאַפען זיך אַ יום־טוב'דיגען לעבען אין דער העברעאישער קולטור, וואָס זאָל ווי עס איז אויפהאַלטען דאָס אייגענע חיות.

מען זעהט דערפון, אַז די ראָליע פון העברעאיש און דעם קאַמף אַנטקעגען דער אַסימיליאַציע קאָן זיין נאָר די פון אַ געגען־געוויכט. דאָס הייסט, אַז אויף איין שאָל פון אונזער לעבען און שאַפען זאָל טאַקע ליעגען די שפּראַכליכען אַסימיליאַציע מיט דער פרעמד. נאָר היות ווי דאָס קאָן אונז אַראָבציעהען אין אַ נאַציאָנאַלען שאול תחתיה, זאָל מען אויף דער אַנדער שאָל פון דער וואָג אַרויפלעגען דעם העברעאיזם, כדי ווידער אַרויסצוברענגען אַ גלייכגעוויכט.

אין דעם קאַמף אַנטקעגען דער אַסימיליאַציע נויטיגט זיך אונזער פאָלק אָבער ניט אין אַ געגען־געוויכט, וואָס האַלט זי שטענדיג אויף, נאָר אין אַ געגען־גיפט, וואָס זאָל זי אינגאַנצען אַרויסיאָגען פון אונזער אָרגאַניזם. אַזאַ געגען־גיפט קאָן נאָר זיין די גערעדטע שפּראַך.

רעדען מיר די פרעמדע שפּראַך, איז יעמאָלט האַלטען מיר אויף די אַסימיליאַציע מיט יעדען אָטהעם, וואָס מיר עטהעמען, מיט יעדען וואָרט, וואָס מיר לאָזען אַרויס פון מויל. רעדען מיר אָבער אונזער אייגענע שפּראַך איז יעמאָלט פערקעהרט: מיט יעדען אָטהעם, וואָס מיר עטהעמען, מיט יעדען וואָרט, וואָס מיר לאָזען אַרויס פון מויל, דאָקומענטירען מיר אונזער צוגעהעריגקייט צו דעם אידישען פאָלק, פיהרען מיר אַ קאַמף אַנטקעגען דער אַסימילירענדער ווירקונג פון דער פרעמד.

וואָלט העברעאיש געווען אַזאַ גערעדטע שפּראַך אין רוסלאַנד, יעמאָלט וואָלט ער געקאָנט נעהמען אויף זיך די בעפריעדיגונג פון דער וויכטיגסטער נאַציאָנאַלער לעבענס־נויט: די נויט פון דעם קאַמף אַנטקעגען דער אַסימיליאַציע. כל־זמן אָבער העברעאיש קאָן ניט זיין די גערעדטע שפּראַך פון די מאַסען, קאָן

ער אויך ניט זיין קיין נאַציאָנאַלער געגנער־גיפט אנטקעגען דער פרעמדער שפּראַך. און ממילא וועט ער, אונטער דעם בעפעהלענדען דרוק פון די אידישע נאַציאָנאַלע נויטען אין רולאַנד, מוזען אָבטרעטען זיין פּלאַץ דער גערעדטער שפּראַך פון דעם פאָלק, דעם אידיש.

און וויבאַלד די אידישע שפּראַך וועט אויך מוזען בעזאָרגען די קולטורעלע בעדערפניסען פון אונזער פאָלק, וועט אויך די קולטורעלע ראָליע פון העברעאיש אין אונזער לעבען מוזען אין גאַנצען אריבערגעהן אויף דער אידישער שפּראַך.

דאָס ליעגט אין דער אינווענינגסטער טענדענץ פון דער אידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, אין די אייזערנע נויטווענדיגקייטען פון אַ קולטורעלען און אַ נאַציאָנאַלען לעבען אין גלות, און יעדער אלף־בית־אינגעל אין דער פּאָליטיק וויים, ווי די אייזערנע נויטווענדיגקייטען פון אַ פּראָגרעסיווען נאַציאָנאַלען לעבען בעגעהען זיך מיט יענע ראָמאַנטישע געלוסטען און חלומות, וואָס ווילען זיך אוועק שטעלען אנטקעגען זיי.

אָבער ניט נאָר די קולטורעלע און די נאַציאָנאַלע נויטען, — אויך די בירגערליכע און פּאָליטישע אינטערעסען פון דעם אידישען פאָלק אין רוסלאַנד טרייבען איהם ארויפצוטרעטען אויף דעם וועג פון דעם קאָנסעקווענטען אידישיזם.

## 7.

**דער רוסלענדישער שטאַאט וועט בשום אופן ניט איינשטימען** די אידישע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע זאָל זיין געבויט אויף דעם יסוד פון העברעאיש. ער וועט געבען נאַציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג נאָר דער אידישער שפּראַך, ווייל אידיש ווערט גערעדט און פערשטאַנען פון פאָלק.

דאָס אידישע פאָלק, ווי אַ גאַנצעס, וועט אויך מוזען ארויסשטעלען דיזעלבינע פאָדערונג; אידיש, ווי די שפּראַך פון פאָלק און אינטעליגענץ, ליעגט אין די אינטערעסען פון אונזער קולטורעלער ענטוויקלונג, ווייל נאָר די שפּראַך קאָן אָבשאַפען דעם תחום צווישען די ניעדעריגערע און די העכערע שטופען פון בילדונג און קולטור און קאָן געבען יעדען אידען די מעגליכקייט,

אויפצוהויבען זיך פון די נידעריגסטע צו די העכסטע. אידיש ליעגט אויך אין די נאַציאָנאַלע אינטערעסען פון דעם אידישען פאָלק, ווייל נאָר מיט אידיש קאָן מען אם בעסטען בעקעמפען די אסימילאַציע. העברעאיש קאָן אין דעם קאַמף שפּיעלען העכסטענס די ראָליע פון א געגענגעוויכט, וואָס ליעגט אויף איין שאָל פון דער וואָג, בעת די אסימילאַציע בלייבט ליעגען אויף דער אנדער שאָל. אידיש אָבער, ווירקט, ווי א געגענגיפט, וואָס יאָגט ארויס פון דעם אָרגאַניזם דעם שעדליכען סם.

דאָס אַלץ האָבען מיר געפּרואווט דערקלערען אין די פריהער־דיגע ארטיקלען.

אָבער ניט נאָר דאָס גאַנצע פאָלק איז פעראינטערעסירט, אז אי־דיש זאָל ווערען די אנערקענטע און גלייכבערעכטיגטע נאַציאָנאַל־שפּראַך פון׳ם אידישען פאָלק אין רוסלאַנד. עס איז אין דעם פאַר־אינטערעסירט אויך יעדער איינצעלנער איד אין זיין בירגערליכען און פּאָליטישען לעבען.

דאָס בירגערליכע לעבען נעהמט ארום אַלע טאָג־טעגליכע ער־שיינונגען פון האנדעל און וואנדעל, פון בעציהונגען צווישען על־טערען און קינדער, צווישען מאַן און פרוי, צווישען ארבייט־נעהמער און ארבייט־געבער, צווישען דעם פּראָפעסיאָנעלען מענשען און זיינע קונדען, צווישען דעם לוה און דעם מלוה. די אַלע ערשיינונגען זענען נאָרמירט דורך געוויסע געזעצען, וואָס הערשען אין לאַנד. דאָס רוב ווערען די בירגערליכע בעציהונגען באַזירט אויף מינדליכע אדער שטיל־שווייגענדע, זעלבסט־פערשטענדליכע אָבמאַכונגען, וואָס נייטיגען זיך ניט אין קיינע שריפטליכע דאָקומענטען. אין די וויכ־טיגסטע פעלען ווערען אָבער די אָבמאַכונגען פערפעסטיגט אין א שריפטליכען דאָקומענט: א קאָנטראַקט, א וועקסעל, א צואה, א שטר־מכירה און דג״ל. דער שטאַאַט נעהמט אויף זיך די התחיבות צו זאָרגען, אז דער ווילען, וואָס איז אויסגעדריקט געוואָרען אין אזעלכע דאָקומענטען, זאָל דורכגעפיהרט ווערען אין לעבען, אויב יענער ווילען געהט ניט להיפך צו דעם הערשענדען געזעץ. צו דעם בירגערליכען לעבען מוז מען אָבער צורכענען ניט נאָר אַלץ, וואָס ווערט פאָראויסגעזעהען אין דעם אזוי אָנגערופענעם „בירגערליכען רעכט“, נאָר אויך אַלץ, וואָס ווערט בעהאַנדעלט אין דעם קרימי־

נעלען רעכט, אין דעם פּאָליציי־רעכט און אַלע אַנדערע מיני רעכ־
טען, װאָס פּאַסען אויף אויף די האַנדלונגען און דעם אויפפיהר פון
יעדען איינצעלנעם און װעלכע בעשטימען אויך, װאָס עס דאַרף
געטהאָן װערען מיט יעדען איינצעלנעם, אויב ער זאָל האָבען די
העזה, זיך ניט אויפצופיהרען, װי דאָס געזעץ האָט געבאָטען.

די טעאָריע פון נאַציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג האָט שוין לאַנג
אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג, אַז אַלע געזעצען און פעראָרדנונגען
זאָלען אַרויסגעלאָזען װערען אויך אין דער שפּראַך פון דער נאַציאָ־
נאַלער אויטאָנאָמיע. אַז אַלע שריפטליכע אָבמאַכען און דאָקומענ־
טען זאָלען קאָנען פערפאַסט װערען אין איהר און זאָלען האָבען די
פולע יורידישע גילטונג אין די אויגען פון דעם געזעץ; אַז אַלע
פערהאַנדלונגען פאַר'ן געריכט זאָלען קאָנען געפיהרט װערען אין די
שפּראַכען, װאָס זענען פערשטענדליך פאַר די צדדים, און אַז אַלע
עפענטליכע אָנגעשטעלטע פון אַ װעלכען עס איז געגענעד, — פון
דעם ריכטער ביז צו דעם פּאָליציי־מאַן, פון דעם קאַנצליי־שרייבער
ביז צו דעם שומר, — זאָלען גוט בעהערשען אַלע יענע שפּראַכען,
װאָס האָבען נאַציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג אין יענעם געגענד.

אין קאַזאַן װעלען זיי, אַ חוץ רוסיש, דאַרפען קענען טאָטע־
ריש. אין באַקו — נאָך, אַ חוץ דעם, גרוזיניש און אַרמעניש. אין
ריגאַ — דייטש און לעטיש. אין יאַקוטסק — יאַקוטיש (אויב די
יאַקוטען װעלען, װי איך האָף, שוין איצטער בעקומען אַ נאַציאָנאַלע
אויטאָנאָמיע). אין בערדיטשעװ, אַדעס און אַלע אַנדערע ערטער
מיט אַ בעדייטענדער אידישער בעפעלקערונג װעלען זיי מוזען בע־
הערשען אויך יענע שפּראַך, װאָס װעט אַנערקענט װערען אין דער
אידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

אָט די פאָדערונג פון דער נאַציאָנאַלער גלייכבערעכטיגונג איז
אייך פערבונדען מיט נאָך אַ פאָדערונג, אַז אַלע װיכטיגערע בעאַמ־
טע און אָנגעשטעלטע פון דעם שטאַאַט און דער אָרטיגער פערװאַל־
טונג זאָלען זיין גוט בעקאַנט מיט די יסודות פון דעם לעבענספיהר,
װאָס הערשען ביי די פעלקער פון זייער ראַיאָן.

ביידע פאָדערונגען שטאַמען פון יענעם אלף־בית־כלל אין דער
פּאָליטיק, מיט װעלכען מען רעכענט זיך אָבער נאָך אַזוי װעניג אַפילו
אין די פּראָגרעסיװסטע דעמאָקראַטיעס: דעם כלל, װאָס זאָגט, אַז

דער שטאַאט, דאָס געזעץ און די פערוואַלטונג עקזיסטירען צוליעב דער בעפעלקערונג, און ניט די בעפעלקערונג צוליעב דעם שטאַאט, דעם געזעץ און דער פערוואַלטונג.

ווי איינפאַך, דורכזיכטיג און זעלבסטפערשטענדליך דער כלל זאָל ניט זיין, האָט נאָך קיין מאָדערנער שטאַאט ניט געפּרואווט דורכפיהרען איהם ערנסט אין לעבען. אפילו ניט שווייצאַריע. אויף וויפיעל מיר איז בעקאַנט, האָט מען נאָר אין בעלגיע, — אַ דאַנק דער בעמיהונג פון די סאָציאַליסטען, — דורכגעפיהרט דעם געזעץ, אַז דער שטאַאט איז מחויב צו פערעפענטליכען זיינע געזעצען אויך אין ד י י ט ש צוליעב די פופצעהן טויזענד דייטשען, וואָס וואוינען אין יענעם לאַנד.

אָבער די רוסישע רעוואָלוציע, אויב זי זאָל בלייבען טריי איהר אינוועניגסטער, מאָדערן־דעמאָקראַטישער לאָגיק, וועט די ערשטע קאָנסעקווענט דורכפיהרען אין לעבען יענעם וויכטיגסטען פון אַלע פּאָליטישע כללים.

און אויב דאָס וועט מקוים ווערען, — און רוסלאַנד'ס פעלקער זענען פעראינטערעסירט אין דעם, עס ז אָ ל מקוים ווערען, — איז דאַרף מען נאָך דאָ אַ סך טראַכטען, וועלכע שפּראַך עס ליעגט אין די בירגערליכע לעבענס־נויטען פון יעדען אידען: העברעאיש אָדער אידיש?

וואָס קאָן איהם דאָ העברעאיש נוצען? וואָס געווינט ער דערפון, ווען די געזעצען און פעראָרדנונגען וועלען איבערזעצט ווערען אין העברעאיש? — פאַר זיין פערשטענדניס וואָלט שוין גלייכער געווען, זיי זאָלען בלייבען אין רוסיש. — וואָס וועט ער האָבען דערפון, ווען זיינע דאָקומענטען און קאָנטראַקטען זאָלען געמאַכט ווערען אין העברעאיש? — ער וועט בלייבען אַ פערקויפטער ביי דעם העברעאישען אדוואָקאַט, ווי ער איז איצטער אַ פערקויפטער ביי דעם רוסאַק. — וואָס וועט גרינגער מאַכען זיין לאַגע בעת אַ משפט, ווען די פערהאַנדלונגען זאָלען געפיהרט ווערען אין העברעאיש? — אפילו אויף אַ דין־תורה ביים רב האָט ער געהאַט אַ רעכט צו רעדען זיין אייגענעם לשון. מיט וויפיעל וועט זיך פיהלען גליקליכער, ווען ער וועט וויסען, אַז מיט דעם פּאָליציי־מאַן, וואָס שלעפּט איהם

אין קאַזע, קאָן ער זיך אויס'טענה'ען אין דעם „דבור העברי“ מיט'ן פּתח און דעם מלרע?

די נויטען און די אינטערעסען פון דעם בירגערליכען לעבען זענען די וויכטיגסטע לעבענס־נויטען, און זיי רעדען אַלע אין איין קול, אַז די אידישע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע מוז געבויט ווערען אויף דם יסוד פון אידיש, און בשום אופן ניט אויף דעם פון העברעאיש; סיידען מען וויל, זי זאָל ברענגען דעם אידישען פאָלק שאָדען אַנ־שטאָט נוצען.

שוין פון אַלע ארגומענטען, וואָס מיר האָבען געבראַכט ביז אַהער, מוז יעדען איינעם קלאָר ווערען, אַז פאַר די אידען אין רוס־לאַנד קאָן, צוליעב זייערע אייגענע קולטורעלע, נאַציאָנאַלע און ביר־גערליכע אינטערעסען, גאָר קיין רייד ניט זיין וועגען העברעאיש, ווי דער שפּראַך פון דער אידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

די וואָס וואָלטען וועלען, אַז אונזער אָפיציעל אַנערקענטע נאַ־ציאָנאַלע שפּראַך אין רוסלאַנד זאָל זיין ניט אידיש, נאָר העברעאיש, קאָנען דאָס טהאָן אָדער אויס גרענצלאָזען עם הארצות אין די ענינים פון נאַציאָנאַלער גלייכבערעכטיגונג, אָדער אויס אומפערראַנטוואָרט־ליכער בטלנות אין די וויכטיגסטע פראַגען פון דעם פאָלקס־לעבען, אָדער אויך אויס דעם פערבאָרגענעם מיין: אונטערצושטעלען מיט העברעאיש אַ הינטער־פיסעל דער אידישער נאַציאָנאַלער אויטאָ־נאָמיע, זי זאָל בלייבען נאָר אויפ'ן פּאַפּיער און ניט דורכגעפיהרט ווערען אין לעבען.

## 8.

### דאָרט וואו די אידישע מאַסען רעדען אידיש.

אויף דעם בעריהמטען פּרעסבורגער רב, דעם „חתם סופר“, דערצעהלט מען אַזאַ מעשה:

די אָרטאָדאָקסישע אידען האָבען איהם אויסגעקליבען פאַר אַ דעפּוטאַט צו דער וויענער פּאַרלאַמענט. פלעגט ער אויף אַלע זי־צונגען פון דעם פּאַרלאַמענט קומען „זיצען“, האָט אָבער קיינמאָל ניט אַרויסגעלאָזט קיין איין וואָרט פון זיין מויל.

איינמאָל איז פאָרגעקומען זעהר אַ היציגע דעבאַטע וועגען אַ

פראַגע, וואָס האָט אויפגערודערט דאָס גאַנצע לאַנד. האָט איהם זיין שכן אַ פרעג געטהאָן אין דייטש:

— וואָס האַלט אייער עהרווירדען פון דעם ענין?

האָט דער פרעסבורגער רב אויסגעשטעלט אויף איהם אַ פּאָר גרויסע אויגען און האָט אָבגעשניטען שאַרף און קאַלט:

— ניקס דאַיטש!

דער פרעסבורגער רב האָט אַ וואָרט ניט פערשטאַנען פון די אַלע פערהאַנדלונגען, צוליעב וועלכע מען האָט איהם געשיקט קיין וויען „זיצען".

די מעשה'לע האָב איך געלייענט מיט אַ סך יאָהרען צוריק ערגעץ־וואו אין אַ קריטיק פון דער אידישער אָרטאָדאָקסיע אין עסטרייך, פון איהר פּאָליטישער אומבעדייטענקייט און אָבגעשטאַנענקייט.

דער אַסימילאַטאָרישער קריטיקער פון דעם פּאַרפאַל איז גאַנץ זיכער געוועזען גערעכט, ווען ער האָט פערלאַנגט, אַז די אידישע דע־פּוטאַטען צום פּאַרלאַמענט זאָלען קאָנען גוט פערשטעהן דייטש. אויב אָבער מען וואָלט דערפון געוואָלט אַרויסדרינגען, אַז יעדער דעפּוטאַט מוז אויך קאָנען ר ע ד ע ן די הערשענדע שפּראַך פון דעם לאַנד, וואָלט מען געמאַכט אַ גרויסען טעות.

שוין איצטער האָבען אַלע עסטרייכישע פעלקער אַ רעכט, זייערע פערטרעטער זאָלען האַלטען זייערע רעדעס אין רייכסראַט אין זייער אייגענעם לשון, און די רעדעס מוזען אויפגענומען ווערען אין דעם אַלגעמיינעם פּראָטאָקאָל.

אָט די שפּראַכען־גלייכבערעכטיגונג אין דעם העכסטען פּאָלי־טישען אינסטיטוט פון דעם לאַנד איז אַ פּועל־יוצא פון יענער נאַ־ציאָנאַלער גלייכבערעכטיגונג, וואָס די פעלקער האָבען „על פּי פּרינ־ציפּ" אין עסטרייך. ווי אונבעקוועם דאָס זאָל אַ מאָל ניט זיין פאַר די פיהרונג פון די פערהאַנדלונגען, איז אָבער דער פּרינציפּ פון שפּראַכען־גלייכבערעכטיגונג אַ סך וויכטיגער, איידער די פּאָליטישע בעקוועמליכקייט.

די וויכטיגקייט בעשטעהט אין דעם, וואָס דורך דאָס רעכט צו געברויכען די אייגענע שפּראַך אין פּאַרלאַמענט ווערט פאַר אַלע־מען דעמאָנסטרירט די גלייכע רעכט פון אַלע אומות און לשנות, דעם

גלייכען ווערטה זייערען פאַר'ן שטאַאַט. אָבער ניט נאָר דאָס אַליין.
נאָך אַנ'אַנדערער מאָמענט קומט דאָ אין בעטראַכט.

וואָלט אין עסטרייך איין שפּראַך געווען אַ הערשענדע, יעמאָלט
וואָלט מען קיין אַנדערע דעפּוטאַטען גאָר ניט געקאָנט אויסקלייבען,
כיידען די, וואָס בעהערשען די אָפיציעלע שפּראַך פון דעם שטאַאַט.
דאָס וואָלט פאַקטיש בעשאַפען אַ געוויסען שפּראַכליכען צענז, אַ
בעגרעניצונג פון דעם אַבסאָלוט פרייען וואַהל־רעכט.

איך וואָלט יעמאָלט געקאָנט אויסקלייבען ניט די, וואָס פער־
שטעהן מיך און וועמען איך פערשטעה; ניט די, מיט וועמעס גע־
דאַנקען איך שטים איין, אָדער וועלכע דריקען אויס מיינע אידעען
און פערלאַנגען. אויב די מענשען, צו וועמען איך האָב דעם גרעס־
טען צוטרוי, האָבען ניט געפונען פאַר נויטיג אויסצולערנען זיך די
פרעמדע הערשענדע שפּראַך, האָב איך פאַקטיש קיין מעגליכקייט
ניט צו פערטרויען זיי מיינע פּאָליטישע אינטערעסען. איך מוז
שוין זוכען אַנדערע פערטרעטער, וואָס בעזיצען דעם נויטיגען
ש פּ ר אַ כ ל י כ ע ן צ ע נ ז, — מענשען, מיט וועמען איך בין
אפשר גאָר ניט אַזוי צופריעדען.

די שפּראַכען־גלייכבערעכטיגונג אין פּאַרלאַמענט גיט מיר צו־
ריק מיין וואַהל פרייהייט. איך קלויב אויס די מענשען, וואָס זענען
מיר טייער פאַר זייערע אַנדערע מעלות און ניט פאַר זייערע לינג־
וויסטישע קענטניסען, און איך קאָן אַרויסשטעלען אויך מיין אייגענע
קאַנדידאַטור, ווען איך זאָל אפילו זיין שטום אין אַלע שפּראַכען, אַ
חוץ מיין אייגענעם מאַמע־לשון.

די פּרעסבורגער אידען האָבען גאַנץ געוויס געהאַט אַ רעכט צו
שיקען אין פּאַרלאַמענט יענע פּערזאָן, צו וועלכער זיי האָבען געהאַט
דעם גרעסטען צוטרוי, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס זי האָט פון דער
גאַנצער דייטשער שפּראַך געוויסט נאָר די צוויי ווערטער: „ניקס
דאַיטש".

די צרה מיט יענער פּרעסבורגער קאַנדידאַטור איז נאָר בעשטאַ־
נען אין דעם, וואָס אידען זענען ניט אַ גלייכבערעכטיגטע נאַציע אין
עסטרייך; וואָס אידיש, די אמת'ע שפּראַך פון דעם פּרעסבורגער רב
און זיינע וועהלער, איז ניט אַנערקענט אין דעם עסטרייכישען פּאַר־
לאַמענט. וואָלטען די אידען אין עסטרייך פערעכענט געווען, ווי

אלע אנדערע פעלקער, וואָלט שוין דער פרעסבורגער גאון גאנץ זיכער געקאָנט ארויסזאָגען זיינע געדאנקען אין זיין שפּראך, ווי דאָס טהוען די איטאליענער און די רוטענער אין דעם זעלבען עסטריי־כישען פּארלאמענט. און אלע די, וואָס וואָלטען זיך בעדארפט רע־כענען מיט די מיינונגען פון א גלייכבערעכטיגטען פאָלק, וואָלטען שוין געפונען מיטלען ווי אזוי אויסצוגעפינען אין וואָס די מיינונגען בעשטעהען...

אויך אין רוסלאנד וועט די נאציאָנאלע גלייכבערעכטיגונג זיך קודם כל אויסדריקען אין שפּראכען־גלייכבערעכטיגונג אויף אלע פעלדער פון דעם עפענטליכען לעבען און ממילא אויך אויף דעם רוס־לענדישען פּארלאמענט וועלען צוגעלאָזען ווערען אלע יענע שפּרא־כען, אויף וועלכע עס וועלען אויפגעבויט ווערען די נאציאָנאלע אויר־טאָנאָמיעס פון די פעלקער.

קאָנט איהר זיך שוין משער זיין, וואָס עס וואָלט געוואָרען פון דער אידישער דעמאָקראטיע ווען העברעאיש זאָל דערקלערט ווערען פאר דער נאציאָנאלער שפּראך פון דעם אידישען פאָלק. אידען וואָלטען געקאָנט שיקען נאָר יענע דעפּוטאטען אין פּארלאמענט, וואָס בעהערשען דעם „דבור העברי“, און דער „בונד“ וואָלט קיין אנדער ברירה ניט געהאט; ער וואָלט געמוזט אָבגעבען זיינע שטי־מען פאר די אושינסקי’ס און די קלויזנערס.

איך וויל גאָר ניט לייקענען, אז פאר די אושינסקים און די קלויזנערס וואָלט דאָס געווען גאָר ניט קיין שלעכטער משא־ומתן. אָבער איך צווייפעל זעהר שטארק, צי דער „בונד“ — און ניט נאָר ער, נאָר אויך די פּועלי־ציון און די ס. ס. און די „סיימאָווצעס“ און די גאנצע אידישע דעמאָקראטיע, — וואָלטען מסכים געווען אויף אזא אידישער אויטאָנאָמיע, וואָס זאָל דורך די אויבערשאפט פון העברעאיש בעשאפען די פּאקטישע אויבערהערשאפט פון דעם העב־רעאיסט.

נאָך וויכטיגער, איידער צו מעגען רעדען די אייגענע שפּראך אין דעם אלגעמיינעם פּארלאמענט, איז די שפּראכען־פראגע און די אָרגאנען פון דער אייגענער נאציאָנאלער זעלבסט־פערוואלטונג.

עס וועלען גאנץ זיכער זיין דעמאָקראטישע אידישע קהילות, געבויט אויף א ריין וועלטליכען יסוד, פריי פון יעדער רעליגיעזער

ביימישעניץ. עס וועט גאַנץ זיכער זיין אַ וועלכע עס איז צענט־ראַלע פערוואַלטונג פון אַלע קהילות אין לאַנד.

וואָס פאַר אַ פאָרם אָט די אַלע אָרגאַנען פון דער אידישער אויטאָנאָמיע אין רוסלאַנד זאָלען ניט אָננעהמען, וועלען די דעמאָ־קראַטישע וועהלער מוזען זיין בלוטיג פעראינטערעסירט אין דעם, אַז אַלע פערהאַנדלונגען, ווי אויך רעזאָלוציעס, בעשליסען און פער־אָרדנונגען, — זאָלען פאָרקומען און אַרויסגעטראָגען ווערען אין דער גערעדטער און פערשטאַנענער שפּראַך פון דעם פאָלק, אין אידיש.

קוים שטעלט מען אַוועק העברעאיש אַנשטאַט אידיש, אַזוי ווערט תיכף בעשאַפען פאַר די וואהלען אַ פּאַקטישער שפּראַכען־צענז. אין די אָרגאַנען פון דער אידישער זעלבסטפער־וואַלטונג, וועלען אידישע וועהלער קאָנען אויסקלייבען נאָר יענע דעפּוטאַטען, וואָס קאָנען זיך פליסיג אויסדריקען אין העברעאיש.

עס איז גענוג צו האָבען קלאָר אין זיך נאָר אָט דעם איינציגען פּונקט — די שפּראַכען פראַגע און דער נאַציאָנאַל־אידישער פער־וואַלטונג, און דער שפּראַכען־צענז, וואָס העברעאיש וואָלט אַרויפ־געלעגט אויף דעם אידישען דעמאָקראַטישען וועהלער, — כדי קלאָר איינצוזעהן, אַז העברעאיש האָט קיין ברעקעל שאַנס ניט צו ווערען די שפּראַך פון דער אידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין רוס־לאַנד.

דער אידישער בורזשואַזיע וואָלט זיך אפשר גריילעך געלוינט, העברעאיש זאָל זיין די אָפיציעלע שפּראַך פון דעם אידישען פּאָ־ליטישען לעבען, און די „פּנקסים" פון דער אידישער זעלבסט־פער־וואַלטונג זאָלען אויך געפיהרט ווערען אין העברעאיש. אַזוי איז דאָס שוין אַ מאָל געווען אין דער צייט פון דער אידישער אויטאָנאָ־מיע אין פּוילען, — דעם „ועד ארבע הארצות", — און אין די טעג פון דעם אידישען „קהל" אין רוסלאַנד. אָבער אין רוסלאַנד איז דאָס איצטער אַ זאַך פון דער אַבסאָלוטער אוממעגליכקייט: די אידישע מאַסען זענען, אַ דאַנק פריהער דעם רב'שע און דערנאָך דעם „בונד", נאָך פאַר דער רעוואָלוציע אַרויסגעריסען געוואָרען פון זייער פּאָליטישער אפּאַטיע, און וועלען שוין ניט קאָנען בלינד נאָכ־געהן נאָך די „באַלאַבאַטים".

זיי וועלען זיין פעראינטערעסירט צו האָבען די פולסטע קאָנט־ראָל איבער אַלע אָרגאַנען פון דער אידישער זעלבסט־פערוואַלטונג; ניט צו זיין געבונדען אין זייערע וואהלען מיט אזא שפּראַכען־צענז, וואָס קאָן נאָר צוניץ קומען דער בורזשואזער מינאָריטעט און צו זעהן, אז אין דער אייגענער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע זאָל אַלץ פּאָרקומען אין יענער שפּראַך, וועלכע דאָס פאָלק פערשטעהט. די דעמאָקראַטישע מאַסען האָבען איצטער גענוג אָרגאַניזירטע פּאַר־שטעהער אין דער פאָרם פון די פערשיעדענסטע דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, וואָס וועלען גאָר חוצפּה'דיג בעווייזען דער בורזשואזיע. ווער גרעסער איז. זיי וועלען איהר אין איינס און צוויי אַריינשלאָ־גען אין מוח דעם אלף־בית פון דער פּאָליטישער וויסענשאַפט, אז די נאַציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג ווערט אריינגעפיהרט אין לעבען ניט צוליעב די אינטערעסען פון דער בורזשואזער מינאָריטעט, נאָר צוליעב די קולטורעלע, נאַציאָנאַלע, בירגערליכע און פּאָליטישע לעבענס־נויטען פון די גרויסע מאַסען, וואָס קאָנען בעפריעדיגט ווע־רען גאָר אויף דעם יסוד פון דער אידישער שפּראַך.

עס איז מיר, דעם אמת געזאָגט, זעהר פריקרע, וואָס איך פער־נעהם זיך אזוי לאַנג מיט דער אידישער שפּראַכען־פראַגע אין רוס־לאַנד און זיך מיט אַלערליי ארגומענטען צו בעווייזען, אז פיער מאָל פיער איז זעכצעהן, ווייל אין תוך אריין איז איינס און איינס אַלע מאָל צוויי.

אָבער — בין איך דען שולדיג אין דעם, וואָס די נאַציאָנאַלע מאַטעמאַטיק פון אונזערע העברעאיסטען הערט נאָך ניט אויף צו מענה'ן, אז פיער מאָל פיער מוז א מאָל זיין א חלב'נע ליכט, ווייל עס טרעפט א מאָל, אז איינס און איינס איז א שטרויענער דאַך?

איך וויים צו גוט, אז ניט נאָר ביי אונז, אידען, נאָר אויך ביי די אומות העולם איז די שאָוועניסטישע וועלט אָפט מאָל קאַפּאַבעל ארויסצוברענגען משונה'דיגע חשבונות, פאר וועלכע די פעלקער דאַר־פען זיך דערנאָך פאַנאַנדער צאָהלען מיט שווערע מזומנים, לויט די כללים פון דעם אַלגעמיין־מענשליכין חשבון.

איך האָב דעריבער געהאַלטען פאר מיין חוב ארויסצוברענגען אזוי קלאָר ווי מעגליך די רעכנונג פון העברעאיש און אידיש פאר אונזער קינפטיגען לעבען אין רוסלאַנד און נאָך א מאָל צו בעווייזען,

אַז אויב אין דעם פאַל קאָן פיער מאָל פיער ניט זיין קיין חלב'נע ליכט, ווייל איינס און איינס איז קיין מאָל ניט געווען און קאָן קיין מאָל ניט זיין קיין שטרויערנער דאַך.

דאָרטען, וואו די אידישע מאַסען רעדען אידיש, וואו זיי זענען געצוואונגען צו פיהרען אַן איינענעם נאַציאָנאַלען לעבען, וואו עס זענען דאַ פּארטייען, וואָס דערקלעהרען זיי זייערע קולטורעלע, נאַציאָנאַלע, בירגערליכע און פּאָליטישע לעבענס־נויטען, — דאָרטען קאָן זייער נאַציאָנאַלע שפּראַך ניט זיין העברעאיש נאָר מוז זיין דוקא אידיש.

מאַי־יוני, 1917.

# גלות־פּסיכאָלאָגיע

איך ווייס ניט, ווער עס האָט צום ערשטען מאָל ארויסגע־בראַכט דעם אויסדרוק: „גלות־פּסיכאָלאָגיע". איך בין מיר אָבער משער, אַז ער מוז שטאַמען פון ציוניסטיש־טעריטאָריאַליסטישע קרייזען און אַז ער דאַרף אָנטייטען אויף עפּעס אַזוינס אין אונזער גייסטיגען לעבען, וואָס פערדיענט אויסגעריסען צו ווערען מיט די וואָרצלען.

אָבער וואָס אַזוינס איז עס? איך מיין דאָ ניט דעם גאַנצען קאַטאַלאָג פון יענע פּסיכישע ערשיינונגען, וואָס דאַרפען ארומגע־נומען ווערען מיט דעם נאָמען גלות־פּסיכאָלאָגיע, ניט די גאַנצע באָטאַניק פון יענע ווילדע גייסטיגע פּלאַנצונגען, וואָס דאַרפען אויסגעוואָרצעלט ווערען פון אונזער נשמה. איך מיין דאָ יענעם גרונד־פּרינציפּ וואָס מיט זיין הילף זאָלען מיר קאָנען אין אַלע פעלען ריכטיג און קלאָר בעשטימען, וועלכע נשמה־געוויק־סען זענען „גלות־פּסיכאָלאָגישע", און מוזען דעריבער אויסגעוואָר־צעלט ווערען, אָהן אַ ברעקעל רחמנות.

אויב איך האָב ניט קיין טעות, האָבען אונזערע טעאָרעטיקער ביז אַהער זיך זעהר ווייניג אָדער אפשר גאָרניט בעשעפטיגט מיט דער דאָזיגער פראַגע. איך וויל דעריבער מאַכען דעם ערשטען פּרוב צו פערענטפערען זי.

אין פּלוג איז אַ ברעקעל ניט שווער ארויסצוגעפינען דעם גרונד־פּרינציפּ, די נויטווענדיגע אייגענשאַפט פון יעדער גלות־פּסי־כאָלאָגיע. און אין דער אמת'ן! די „פּסיכאָלאָגיע" בכלל איז דער גאַנצער סכום פון אַלע אונזערע פּסיכאָלאָגישע ערשיינונגען, פון אַלע אונזערע געדאַנקען, געפיהלען, „ווילענישען", שטרעבונגען, שטי־מונגען, גוסטען און געוועהנהייטען. די „גלות־פּסיכאָלאָגיע" בפרט איז ממילא יענער טייל פון אַלע געשעהענישען אין אונזער נשמה,

וועלכער שטאַמט פון דעם פאַקט, וואָס מיר לעבען אין גלות און ניט אין אן אייגענער פרייער היים. און אַלע מאָל, ווען מיר געפי־נען אין זיך א פסיחישען צושטאַנד, — א געדאַנק, א געפיהל אָדער א שטרעבונג, — וואָס איז ארויסגעוואַקסען פון יענעם פאַקט, איז דאָס גאַנץ געוויס א „גלות'דיגער" און מוז פער'משפט ווערען צום טויט.

ס'איז גענוג נור אביסעל נעהנטער צו צוטראָגען צום אויג אָט דעם אויבען־אויפיגען ענטפער, כדי אויפ'ן שטעל איינצוזעהן, אז ווי ריכטיג ער זאָל ניט זיין טעאָרעטיש, קאָן ניט אין איהם ליעגען דער אמת'ער מיין פון יענעם געדאַנק, וועלכען מיר מוזען פערבינדען מיט דעם אויסדרוק: „גלות־פסיכאָלאָגיע". אויב דער ענטפער, וואָס ליגט אויבען־אויף, וואָלט געווען אמת, וואָלטען מיר דעמאָלט קודם כל געמוזט פער'משפט'ן צום טויט אַלע יענע געפיהלען פון פ ר אָ ט ע ס ט אנטקעגען דעם גלות, די גאַנצע בענקשאַפט נאָך בעפרייאונג פון איהם און דעם גאַנצען סכום פון געדאַנקען, ווי אזוי פון איהם אויסגעלייזט צו ווערן, ווייל זיי אַלע שטאַמען בלי ספק פון דעם פאַקט, וואָס מיר לעבען אין גלות.

און ניט נור דאָס. לעבען אין גלות הייסט לעבען אין דער פרעמד; לעבען אין דער פרעמד הייסט אָבער אויך: ווערען בע־קאַנט מיט דער פרעמד און אריינגעהמען אין זיך אַלץ, וואָס מיר האָבען אריינגענומען אין דער נשמה פון דער פרעמד — גלות־פסיכאָלאָגיע. אָבער שוין־זשע וואָלט א וועלכער עס איז בר דעת באמת געוואָלט פערשטיקען אין זיך אַלץ, וואָס די פרעמד האָט איהם געגעבען? שוין זשע איז אונז נאָך ניט קלאָר געוואָרען יענער פונדאַמענטאַלער כלל פון יעדען מענשליכען פראָגרעס, אז א פאָלק קאָן זיך ענטוויקלען נור דעמאָלט, ווען עס שליסט זיך ניט אָב פון דער מענשהייט, ווען צווישען איהר און דער „פרעמד" קומט־פאָר א שטענדיגער אויסבייט־שטראָם פון נעהמען און געבען, געבען און נעהמען? וואָלטען מיר באמת געוואָלט פערטיליגען פון אונזער נשמה אַלץ, וואָס דער מענשליכער פראָגרעס האָט ארויסגעבראַכט אין דעם משך פון אונזער גלות־לעבען, — אַלע וויסענשאַפטליכע, קינסטלערישע, פילאָזאָפישע און קולטורעלע ערואָבערונגען, וועלכע

ער האָט געמאַכט און וועלכע מיר האָבען אין דער לעצטער צייט אריבערגענומען פון איהם?

איך גיב צו, אז מיר האָבען גענוג רעאַקציאָנערען, וואָס וואָלטען זיך גיט נור ניט אָבגעשראָקען פאַר אַזאַ ראַדיקאַלען קאַמף אַנט־קעגען דער „גלות־פסיכאָלאָגיע", נאָר וואָס זעהען דעם גאַנצען זין פון זייערע שטרעבונגען און אידעאַלען אין דעם קאַמף אַנטקעגען דער מאָדערנער אייראָפּעאישער קולטור. אָבער וועגען זיי ריידען מיר ניט. די, פאַר וועמען דער פרייער געדאַנק, דאָס פרייע זוכען, פאָרשען און שאַפען איז די ביטערסטע פרי פון דעם גלות־לעבען, געפינען זיך אין אַ גייסטיגער אַטמאָספערע, וואָס איז אַזוי ווייט פון אונזערער, אז מיר קאָנען נור מיט גרויס מיה איינע די אַנדערע פערשטעהן.

פאַר אַ מאָדערנעם אידען איז די מאָדערנע מענשליכע קולטור דער באַזיס פון זיין נשמה און ווי הויך ער זאָל ניט שעצען די גייסטיגע שעהנקייט, וואָס ליעגט אין דער אַלטער אידישער קולטור, ווי שטאַרק ער זאָל ניט בעוואונדערען די גייסטיגע גאונות, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט אָנגעווענדט אויף איהר אויסבוי, איז פאַר איהם אונמעגליך אומצוקעהרען זיך צוריק אין דעם אַלטען מדבר פון שולחן־ערוך און קבלה. יענער טייל פון אונזער נשמה, וואָס איז צונויפגעוואַקסען מיט דער מאָדערנער קולטור, איז דורך־און־דורך אָנגעזאַפּט מיט „גלות־פסיכאָלאָגיע", ווייל די קולטור איז אויסגעוואַקסען אין „גלות".

און בכלל: ניט אַלץ, וואָס איז שלעכט אין אונז, שטאַמט פון דעם „גלות", און ניט אַלץ, וואָס איז פון „גלות" אין אונז, איז שלעכט. דאָס גוטע און דאָס שלעכטע, וואָס איז אין אונז, שטאַמט צום טייל פון אונז אַליין, פון אונזער כאַראַקטער און דעם בוי פון אונזער נשמה, און צום טייל פון דער סביבה, אין וועלכער מיר לעבען. מען קען אָבער גאַנץ זיכער ניט איינטיילען דאָס אַזוי, אז אַל־דאָס־גוטס זאָל שטאַמען פון אונז און אַל־דאָס־בייז זאָל קומען פון דער סביבה.

ממילא, קאָן דער פאַקט, וואָס אַ וועלכער־עס־איז צושטאַנד אין אונז איז אַרויסגעוואַקסען פון דעם גלות, נאָך בשום אופן ניט זיין קיין בעוויז, אז ער איז אַ „גלות"־פסיכאָלאָגישער. אז אַנ־

דער מאסשטאב מוז דעריבער געפונען ווערען, וואָס זאָל קלאָר ארויס־ברייגנען דאָס „פחות־ערך׳דיגע" און שענדליכע פון יענער פסיכאָלאָגיע.

אויב איך האָב ניט קיין טעות, ליעגט דער וואָרצעל פון דער גלות־פסיכאָלאָגיע ניט אין דעם אלגעמיינעם פאקט, וואָס מיר לע־בען אין גלות, נאָר אין דער ספעציעלער ערשייגונג, וואָס מיר לע־בען אין גלות פערשקלאפט. דער שקלאפישער זין, — אָט דאָס איז דער מקור, פון וואנען עס שלאָגט די גלות־פסיכאָלאָגיע, און די בעסטע פאָרמעל פאר איהר האָט דער איד בעשאפען אין זיין פסח׳דיגען שפרוך פון „השתא עבדי, לשנה הבאה בני חורין": „איצט זענען מיר קנעכט, איבער־א־יאָהר וועלען זיין פרייע מענשען". אין דעם השתא עבדי, — אין דעם אָבטרעטען פאר דער געגענווארט, אין דעם אויסאיינען זיך מיט דעם געדאנק, אז איצט מוזען מיר בלייבען קנעכט, אין דעם אייביגען אָבלעגען פון פרייהייט אויף „איבער־א־יאָהר", — אָט דאָ ליעגט דער אייגענטליכער סם־המות פון דער גלות־פסיכאָלאָגיע.

יעדען געדאנק, וואָס איך אונטערשטיץ — ניט דערפאר, ווייל איך גלויב אין איהם, נאָר ווייל „השתא עבדי"; יעדעס געפיהל, וואָס דערוועקט זיך אין מיין ברוסט, מיט וועלכען איך וואָלט מיך געשעמט, ווען איך וואָלט געווען א „בן־חורין"; יעדע האנדלונג, וואָס איך טהו אָדער פון וועלכער איך זאָג מיך אָב, ניט דערפאר, ווייל איך זעה־איין איהר נוצען אָדער שאָדען, נאָר ווייל — „וואָס זאָל מען טהאָן: מיר זיינען איצט אין גלות!" — דאָס אלץ איז גלות־פסיכאָלאָגיע.

ווייל מען באמת בעפרייט ווערען פון איהר, מוז מען תמיד האלטען פאר די אויגען איהר היפך, איהר ערגסטען און ביטערס־טען פיינד: די פסיכאָלאָגיע פון דעם פרייען, שטאָלצען, זעלבסט־שטענדיגען מאַן. אלץ, אנטקעגען וואָס עס פראָטעסטירט דער „בן־חורין" אין דיר, איז גלות־פסיכאָלאָגיע, איז יענע גיפטיגע פלאנץ, וועלכע מוז אויסגעראָט ווערען „עד לחרמה".

איך ווייס גאנץ גוט, אז די פאָרמעל איז צו אלגעמיין, צו אב־סטראקט, מען זאָל קאָנען מיט איהר הילף אלע מאָל פאנאנדער־שיידען צווישען די „גלות"־פלאנצען און די פרייע מענשליכע פלאנ־

צען אין אונזער נשמה. די שוועריקייט ליגנט ניט אין דער פּאַר־מעל גופא, נאָר אין דעם אומשטאַנד, וואָס יעדערער האָט זיך זיין „בן־חורין“ אין דער ברוסט. די „בני־חורין“ וואָלטען אויך אין אַן איינגענער פרייער היים פערשיידען אויפגענומען די פּראָבלעמען פון דעם אינדיווידועלען און געזעלשאַפטליכען לעבען און וואָלטען געשטרעבט צו פערשיידענע אידעאַלען, אין איין און דיזעלביגע געזעלשאַפטליכע ערשיינונג וואָלט אויך דאָרט איינעם אָנצינדען מיט דעם אש־להבה פון רעוואָלוציאָנערען פּראָטעסט און דעם אַנדערן מיט דער פריידיגסטער התלהבות. אָבער פאַר יעדען פון אונז איז זיין איינענער בן־חורין, — דער אידעאַל פון אַ שטאָלצען, פרייען חשוב'ען לעבען, — דער בעסטער שופט איבער דער גלות־פּסיכאָ־לאָגיע.

כדי צו וויסען, צי עפּעס אין דיין נשמה איז גלות־פּסיכאָלאָגיע, אָדער ניט, איז דערביי דאָ גאָר אַ פּשוט מיטעל:

זיי דיר משער, אַז דו ביזט אַ פרייער מענש אין אַן איינענער פרייער היים. מאָל דיר קלאָר אויס, וואָס וואָלסטו דאָרט בע־קעמפט און פאַר וואָס וואָלסטו דיך דאָרט איינגעשטעלט, און דאָס, וואָס דו וואָלסט דאָרט אונטערשטיצט, אונטערשטיץ אויך דאָ. איצט בעטראַכט דיינע געפיהלען און דיינע האַנדלונגען אין גלות, אויב דו געפינסט, אַז דו זאָגסט דיך אָב פון אַ קאַמף, וואָס איז טייער דיין נשמה, אָדער דו אונטערשטיצסט אַ זאַך, וואָס איז איהר צו־ווידער, מעהר ניט דערפאַר, ווייל השתא עבדי, — ווייל „איצט זענען מיר אין גלות“, — איז זיי וויסען, אַז דו שטעהסט אונטער דער גיפטיגער שליטה פון דער גלות־פּסיכאָלאָגיע.

אַ פּאָר ביישפּיעלען וועלען אונז נאָך קלאָרער מאַכען דעם ענין.

אויב איינער גלויבט באמת, אַז פּאָליטיק דאַרף געמאַכט ווער־רען נור פון אַ פּאָר „גדולים“; אַז דאָס פּאָלק האָט קיין רעכט ניט אריינצומישען זיך אין אַזוינע זאַכען, וואָס ריהרען־אָן די יסודות פון זיין לעבען, און אויב אַזאַ מענש זוכט צו פערענטפערען די פּראָבלעמען פון דעם פּאָלקס־לעבען דורך שתדלנות ביי די „גדולים“, די איינגענע אָדער די פרעמדע, דורך „מה־יפית“־טאַקטיקען און פּאַרהויז־אינטריגען, איז ער פ ר י י פון גלות־פּסיכאָלאָגיע, מחמת דעם פּשוט'ען טעם, וואָס דער צרה'דיגער „בן־חורין“ זיינער וואָלט

אויך אין אַ פרייער אייגענער היים ניט געוואוסט פון קיין אַנדער פּאָליטיק, ווי נאָר קריכען אויף דער ערד און לעקען ביי די „גרויסע" און „שטאַרקע" דעם שטויב פון זייערע שטיוועל.

אָבער אויב איינעמ'ס „בן־חורין" איז שוין אויסגעוואַקסען, ברוך־השם, צו דער מדרגה פון אַ שטאָלצען, פרייען דעמאָקראַט, און ער בויגט פּאָרט זיין נאַקען פאַר די, וואָס האָבען די מאַכט אין די הענד, און ער טרייבט שתדלנות־פּאָליטיק און מה־יפית־טאַקטיק, ווייל „דאָ און איצט קאָן מען ניט אַנדערש", איז דאָס די געמיינסטע גלות־פּסיכאָלאָגיע.

אויב איינער גלויבט באמונה שלמה, אַז די אידישע רעליגיאָן איז דער העכסטער שטאַפּעל פון אמת און, אפילו ווען מיר וואָלטען געלעבט אין אונזער אייגענעם פרייען לאַנד, וואָלט ער, דער בן־חורין, געקעמפט פאַר יעדען אות פון דעם שולחן־ערוך, איז זיין קאַמף דאָ אין גלות פאַר די אַלטע רעליגיעזע קייטען, אַנטקעגען יעדען פערזוך אַראָבצוואַרפען זיי פון זיך, בשום אופן ניט קיין גלות־פּסיכאָלאָגיע, ווען אפילו מיר קאָנען זיין ווי איבערצייגט, אַז די איבערגעבענקייט צום שולחן־ערוך האָט געקאָנט אויסוואַקסען נאָר אין גלות.

נאָר אויב איינער איז שוין אינוויינינג בעפרייט פון דעם גלוי־בען אין איהם, אָבער ער שטעלט זיך פּאָרט פאַר איהם איין שטאָל און אייזען, מחמת דעם איינציגען טעם, וואָס דער שולחן־ערוך איז די בעזטע שמירה פאַר דעם נאַציאָנאַלען קיום אין גלות, איז דאָס ניט קיין אַנדער זאַך, ווי „גלות"־פּסיכאָלאָגיע.

איך קען מענשען, גאַנץ פריידענקענדע, וואָס ביי זיי איז אַזוי קלאָר ווי דער טאָג, אַז אין אַן אייגענעם לאַנד וועלען מיר מוזען דורכ־פיהרען דעם פאַנאַנדערדריים פון „רעליגיע" און „נאַציע" אַקוראַט אַזוי שאַרף, ווי ער איז דורכגעפיהרט ביי אַלע פּראָגרעסיווע פעל־קער. מיר וועלען מוזען געבען יעדען אידען דאָס רעכט צו גלויבען אָדער ניט צו גלויבען אין וואָס ער וויל. און פונדעסטוועגען ווע־רען אָט די פריידענקער פערציטערטע, ווי נאָר מען וויל דורכפיהרען דעם פּרינציפּ פון אַבסאָלוטער רעליגיאָנס־פרייהייט אין דעם אידי־שען לעבען שוין דאָ, אין גלות. אָט די אַבסאָלוטע רעליגיאָנס־פריי־הייט קאָנען אַ סך פון אונזערע „נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלען" ניט צולאָזען

פשוט דערפאר, ווייל „דאָ, אין גלות“, זאָגען זיי, וואָלט דאָס געווען אַ געפאהר פאר דעם קיום־הלאום. אין דער אמת׳ן זענען זיי ניט קאָנסעקווענט דערפאר, וואָס זיי טרויען ניט דעם אייגענעם „בן־זורין“: פערשטאָפּען איהם דאָס מויל מיט דעם „השתא עבדי“ און טרייסטען איהם מיט דער הלשות׳דיגער טרייסט פון „לשנה הבאה“. אָט דאָס איז אמת׳ע גלות־פסיכאָלאָגיע.

נאָכאמאָל: דעם פרומען אידען בעשולדיג איך ניט אין דער דאָזיגער פסיכאָלאָגיע. איך פערשטעה זיין וועהטאָג און האָב דורך־ארץ פאר זיין קאַמף, ווייל איך וויים, אז אויך אין דער פרייער היים וואָלט ער געשטאַנען אויף זיין קלעריקאַלען שטאַנדפּונקט און וואָלט געקעמפּט פאר זיין אמת. איך בעשולדיג אין דער ערגסטער גלות־פסיכאָלאָגיע נאָר יענע, פאר וועמען אי אידישע רעליגיאָן איז ניט קיין אינווייניגסטער אמת פון זייער הארצען; וואָס בעגעהען זיך מיט רעליגיעזע אמת׳ן, ווי מען בעגעהט זיך מיט שטיינער און פלעקער; וואָס ווילען אויסבויען פון זיי אַ דרויסע־דיגע צאַם ארום זיך, ווייל עס ל ו י נ ט זיך אזוי צו טהאָן — אין גלות!

איך קען נאָך אַנדערע פריידענקענדע מענשען, שוין, ניט צו פערזיינדיגען, סאָציאַליסטען, וואָס גלויבען, ווי כשר׳ע סאָציאַליס־טען, באמונה שלמה, אז יעדע אייגנע פערבינדונג פון דעם פּראָלע־טאַריאַט מיט דער בורזשואַזיע מוז פיהרען צו דער אָבשוואַכונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט׳ס ענערגיע, און פון דעסטוועגען דערלאָזט זיי זייער „ריין־פּראָלעטארישער“ יושר, זיי זאָלען איינשפּאַנען דעם אידישען ארבייטער אין איין וואָגען מיט דער בורזשואַזיע, ווייל „דאָ, אין גלות, קאָן מען אַנדערש ניט“, ווייל, אַז ניט, וועט די בורזשואַזיע גאָר ניט וועלען „פאָדערן“. אויך דאָ האָבען מיר פאר אונז אַ פאַל פון ריינער, אויסגעקריסטאַליזירטער גלות־פסיכאָלאָגיע.

ווידער אַמאָל: איך האָב דאָ אין זינען נאָר די גאַנץ כשר׳ע, מאַרקסיסטישע סאָציאַליסטען־טעריטאָריאַליסטען און די „פּועלי־ציון“, וואָס גלויבען, אַז ווי נאָר מיר קומען אין אונזער פרייער היים, אזוי שפּייען מיר אָן אין פּנים דער בורזשואַזיע, פערקאַשערן תיכף די אַרבעל און הויבען־אָן פיהרען אַ קוממיות׳דיגע קלאַסען־קאַמף... דאָס דאַרף אָבער געשעהן נאָר „לשנה הבאה“. איצט, צו־

ריק, דאַרף מען ציטערען פאַר יעדען ערנסטערן אַרויסטרעטען פון דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט, ווייל — השתא עבדי. די האַלב־כשר'ע און גאַר „טריף פּסול'ע" סאָציאַליסטען, וואָס גלויבען, אַז אפילו אין דער אייגענער היים וועלען מיר מוזען אין געוויסע גרע־ניצען געהן האַנד אין האַנד מיט דער בורזשואַזיע, — זיי בעשולדיג איך ניט אין „גלות־פּסיכאָלאָגיע", ווייל זיי בלייבען טריי זייער אייגענעם „בן־חורין".

איך וואָלט געקאָנט אָנפיהרען נאָך אַ גאַנצע מאַסע ביישפּיע־לען, וואָס וואָלטען אונז אילוסטרירט די „גלות־פּסיכאָלאָגיע" דוקא פון יענע נאַציאָנאַליסטען, וואָס לאָזען דאָס ווערטעל ניט אַרויס פון מויל און שלײדערען עס אין פּנים פון זייערע געגנער, וואָס זענען אין דעם פּונקט אַ סך ריינער, איידער זיי אַליין.

אָבער מיין היינטיגער אַרטיקעל איז ניט קיין פּאָלעמישער, נאָר א י ן ע ר ש ט ע ר ל י נ י ע אַ ריין־טעאָרעטישער. מיט יעדען פּעדימעל פון מיינע נערוועז האָב איך אַליין פּיינט „גלות" און „גלות־פּסיכאָלאָגיע". איך האָב מיר געוואָלט אַליין קלאָר ווערען אין דעם ענין, כדי אויף זיך אַליין צו קאָנען האַלטען דעם קאָנטראָל, און דאָס איז דער רעזולטאַט, צו וועלכען איך בין געקומען:

עס איז ניטאָ קיין אַבסאָלוטע גלות־פּסיכאָלאָגיע. יעדער איי־נער האָט זיין אייגענעם שטיקעל צרה אין דעם פּרט, און זי העננט אָב פון דעם אייגענעם פרייהייטס־אידעאַל. פריי פון גלות־פּסיכאָ־לאָגיע איז דער, וואָס קעמפט פאַר זיינע פרייהייטס־אידעאַלען אין דער פרעמד ניט מיט אַ קלענערער ענערגיע, איידער ער וואָלט גע־קעמפט פאַר זיי „אין דער היים". פריי פון גלות־פּסיכאָלאָגיע איז דער, וואָס פיהלט שטאָלץ אין זיך דעם בן־חורין, און לאָזט ניט קריי־כען אויפ'ן קאָפּ און פאָדערט אומעטום דאָס רעכט, וואָס איהם גע־הערט, ווי אַ פרייען מענשען, אַלץ איינס, וואו ער זאָל זיך ניט געפינען: אין דער היים, אָדער אין דער פרעמד. די „גלות־פּסי־כאָלאָגיע" הויבט זיך אָן מיט דעם מאָמענט, ווען מען הויבט־אָן צו מאַכען קאָמפּראָמיסען מיט דעם אייגענעם „בן־חורין", ווען מען הויבט־אָן צו פערריידען איהם די צייהן מיט דער זויערער „נעביך"־טענה, אַז — „הויב זיך ניט אָן מיט דעם גוי", „פערגעס ניט, מיר

זענען אין דער פּרעמד", און — „וואָס זאָל מען טהאָן? דער בי־טערער גלות!"

דער אידעאַל פון דעם פרייען, שטאָלצען מענשען אין דער אייגענער היים איז דער איינציגער מאַסשטאַב, מיט וועלכען מיר קאָנען מעסטען און דורך וועלכען מיר קאָנען בעשטימען די גלות־פּסיכאָלאָגיע: זי איז אַלע מאָל די פרוכט פון אַ געבראָכענער פרייהייט און אַ פערטונקעלטען שטאָלץ.

די אויפלעבונג פון דעם דאָזיגען אידעאַל אין אונזער ברוסט, זיין דורכפיהרונג אין יעדען מאָמענט פון אונזער לעבען, אין יעדען אָרט פון אונזער זין איז דאָס איינציגע מיטעל אַנטקעגען דער גלות־פּסיכאָלאָגיע. זי איז אָבער אויך דאָס איינציגע מיטעל אַנטקעגען דעם גלות, ווייל נאָר די, וואָס וועלען אינגאַנצען זיין פריי פון דער דאָזיגער פערשאָלטענער פּסיכאָלאָגיע, וועלען קאָנען בויען אַן איי־גענע פרייע היים.

אין דער „פאָלקס־שטימע", ניו יאָרק און אין „פריינד", פּעטערסבורג.

# הערמאַן באַהר וועגען אידישען נאַציאָנאַליזם

אין דעם נומער 8 פון דער ציוניסטישער „די וועלט“ איז אי־בערגעגעבען דער אינהאַלט פון אַ זעהר בעלעהרענדער פאָרלעזונג וועלכע הערמאַן באַהר האָט ניט לאַנג געהאַלטען אין דער „אידישער לעזע־האַללע“ אין פּראַג. די פאָרלעזונג רופט זיך „דאָס יודענפּראָב־לעם“.

הערמאַן באַהר איז איינע פון די אינטערעסאַנטעסטע פיגורען אין דער נייער דייטשער ליטעראַטור. אויף זיין נאָמען פאַלט אויס אַ גאַנץ גרויסער חלק פון יענעם רוהם, וועלכע די „יונגע“ האָבען פערדיענט דורך זייער בעשאַפען די מאָדערנע ריכטונגען אין דער דייטשער קונסט. צו דעם סוף אַכטציגער און דעם אָנהויב נייַנצי־גער יאָהרען פון דעם פאָריגען יאהרהונדערט איז באַהר געווען דער אייגענטליכער פאָהנען־טרעגער פון דער נייער בעוועגונג; ניט נאָר דער טהעאָרעטישער וואָרט־פיהרער, נאָר אויך דער בעשאַפער פון קונסט־ווערקען, אין וועלכע די נייע פרינציפען האָבען געזאָלט זיין אויסגעדריקט.

אַ ראָמאַניסט, וואָס האָט גליקליך פעראייניגט דאָסטאָיעוו־סקי'ס מיקראָסקאָפּישען אַנאַליז פון צורודערטע נשמות מיט דעם מאָדערנעם עסטעטיזם, דעם פאַלען כורעים פאַר דער ריינער שעהנ־הייט, איז באַהר געוואָרען דער פאָטער פון יענער ריכטונג אין'ם ראָמאַן, וואָס האָט איצטער זיין גלענצענדסטען פערטרעטער אין פּויל פּשיבישעווסקי; אַ דראַמטורג פון קראַפט און ווירקונג; אַ גלענצענדער סטיליסט און קריטיקער, וואָס האָט קאָמענטירט פאַר'ן דייטשען עולם די מאָדערנע ריכטונגען פון די אויסלענדישע ליטע־ראַטורען און האָט געקעמפּט זייער קאַמף, איז הערמאַן באַהר אָבער ניט נאָר ליטעראַט און קונסט־קריטיקער: ער האָט אויך גאָר ניט קיין שלעכטען קאָפּ אין ריין טהעאָרעטישע ענינים.

איך ווייס ניט, אויב אַלעמען, וואָס האָבען זיך מיט איהם אינטערעסירט, איז בעקאַנט דער פאַקט, אַז באַהר איז אַ לענגערע צייט געווען אַ פאַרקעמפּער פון דעם יונגען מאַרקסיזם. ער האָט מיט פיעל טהעאָרעטישער עלעגאַנץ און שאַרפזין געפּרובט אָנווענדען מאַרקס' היסטאָרישען מאַטעריאַליזם אויף דעם אַנאַליז און דער דערקלעהרונג פון דער ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע ר עוואָלוציע פון זיין צייט.

שפּעטער האָט זיך באַהר אָבגעזאָגט פון'ם מאַרקסיזם. אָבער זיין מאַרקסיסטישעס הויפּט־ווערק „צור קריטיק דער מאָדערנע" האָט נאָך עד היום ניט פערלאָרען זיין ווערט ניט נאָר ווי אַ היס־טאָרישער דאָקומענט, נאָר אויך ווי אַ טהעאָרעטישער בנין. די פונדאַמענטען פון דעם בנין זענען, אמת, פעראַלטעט און צושאָ־קעלט, אָבער פון זיינע איינצעלנע טיילען קאָן מען נאָך עד היום עפּעס לערנען, בפרט יענע, וואָס אינטערעסירען זיך מיט דעם רייכען און פערפּלאָנטערטען פּראָבלעם, ווי אַזוי „די געזעל־שאַפטליכע מאַטעריע" ווירקט אויף די קינסטלערישע בעוואוסט־זיין'ס־פאָרמען.

פון דערזעלביגער צייט (אַ ביסעל פריהער) שטאַמט נאָך אַ מאַרקסיטיש־פּאָלעמישעס ווערק פון איהם, וואָס איז אָפט אוועק־געשטעלט געוואָרען אויף דיזעלביגע הויך, ווי די בעריהמטע פּאָ־לעמיקען פון לאַססאַל אנטקעגען שולצע־דעליטש און פון ענגעלס אנטקעגען דיורינג. (ליידער איז מיר איצטער ארויס פון זכרון סיי דער נאָמען פונ'ם ווערק, סיי דער נאָמען פון'ם אונגליקליכען, וואָס האָט צוגעצויגען צו זיך דעם כעס אין די פּאָלעמישע פיילען פון הערמאַן באַהר).

געוואָרען „אויס מאַרקסיסט", איז הערמאַן באַהר געוואָרען אויך „אויס סאָציאַל־דעמאָקראַט", — אַן ערשיינונג, וואָס ער־קלערט זיך ביי באַהר'ן, ווי ביי אַ סך אַנדערע, גאָר פּשוט. זיין סאָציאַליזם איז צו פעסט געווען צונויפגעוואַקסען מיט די ריין־פילאָסאָפישע און געשיכטס־פילאָסאָפישע טהעאָרעמען פון'ם מאַרק־סיזם. האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז יענע זענען פאַלש, — ווע־ניגסטענס האָט עס זיך אַזוי ארויסגעוויזען אין באַהר'ס אויגען, —

האָט ממילא אויך דער סאָציאַליזם פערלאָרען פאַר איהם יעדע בע־רעכטיגונג.

אָבער אַ פּראָגרעסיוו־ראַדיקאַלער מענש איז באַהר געבליבען, און כמעט אויף יעדעם פעלד פון דעם עפענטליכען בעוואוסטזיין, וואו דאָס נייע קעמפט אנטקעגען דאָס אַלטע, קאָנען מיר טרעפען באַהר'ן ווען ניט אין אַ פיהרער־ראָליע איז לכל־הפחות אין דער ראָליע פון אַ פעהיגען סאָלדאַט, וואָס פערשטעהט צו בעגעהן זיך מיט אַלע אַרטען געוועהר: ער פעכט גוט מיט'ן שווערד, אָבער פערשטעהט אויך ווי צו ציעלען פון אַ שווערען האַרמאַט.

אַלס סאָלדאַט פון דער פּראָגרעסיווער אַרמעע איז הערמאַן באַהר אָפט צונויפגעקומען זיך מיט ראַדיקאַלע אידען און איז אַ לאַנגע צייט געווען אַ מיט־אַרויסגעבער פון דער וויענער צייטשריפט „די צייט", וואָס צוויי ראַדיקאַלע אידען זענען געשטאַנען אויף איהר שפּיץ, און איבערהויפּט איז די גייסטיגע אַטמאָספערע, אין וועל־כער אַ הערמאַן באַהר בעוועגט זיך, פול אָנגעפּראָפּט מיט ראַדיקאַלע אידען, וואָס האָבען, פערשטעהט זיך, שוין לאַנג פערלאָרען זייער צורת איד (אָדער וועניגסטענס גלויבען זיי אין דעם) און פאַר וועלכע דאָס וואָרט „אידישער נאַציאָנאַליזם" איז אַ פּערזענליכע בעליידי־גונג.

עס איז דעריבער זעהר אינטערעסאַנט צו הערען, וואָס אַזאַ מענש האָט צו זאָגען וועגען דאָס „אידען־פּראָבלעם".

אין וואָס בעשטעהט דאָס דאָזיגע פּראָבלעם? פאַר אונזער איינעם וואָלט גאָר ניט שווער געווען צו געבען אַן ענטפער אויף דער שאלה: דאָס הויפּט־פּראָבלעם פון דעם אידישען פאָלק איז דאָס פּראָבלעם פון אַ זעלבסטשטענדיגען נאַציאָנאַלען לעבען, דער קאַמף פון דעם מאָדערנעם פּראָגרעסיווען נאַציאָנאַליזם אַנטקעגען דער אַסימילאַציע. צום גליק האָט אויך באַהר פערשטאַנען זיין טהעמאַ אין דעם זעלביגען זין, און זיין גאַנצער רעפעראַט איז געווען אַ טיעפע קריטיק פון דעם אַסימילאַציאָנס־איד און אַן אויפפאָדערונג, אידען זאָלען זיך אין איראָפּאַ אָרגאַניזירען ווי אַ בעזונדער נאַציע.

דער געדאַנק, פערשטעהט זיך, איז ניט ניי. ניי איז אָבער, וואָס אַן איראָפּעאישער ראַדיקאַל רעדט אַזוינע רעד, וויל

ביז אהער האָט דער אייראָפּעאישער ראַדיקאַל אָדער ריין ענגאַאיס־טיש צוגעבאַמקעט צו דער אַסימילאַציע, ווייל זי האָט פערמעהרט זיין אַרמעע מיט פעהיגע שטרייטערס, אָדער ער האָט געמאַכט א שוויינ וועגען זיינע אמת'ע געפיהלען און געדאַנקען, כדי נישט צו בעליידיגען די אידישע גענאָסען.

דענקט זיך באמת אריין אין דער לאַגע פון אַן אויפגעקלערטען ראַדיקאַל. ער זעהט איין די גאַנצע לעכערליכקייט פון דער אי־דישער אַסימילאַציע, דעם אונגעהויערען שווינדעל פון דעם אידי־שען „דייטש", „רוס", „פראַנצויז" א. אז. וו., אָבער וואָס זאָל ער טהאָן? ער זעהט אין דער זעלביגער צייט, אַז דער אַנטי־סעמיטיזם, וואָס איז אויך זיין פיינד, איז די איינציגע געזעלשאַפטליכע ריכטונג, וועלכע קעמפט אַנטקעגען דעם דאָזיגען „בלאָף". האָט ניט א רעכט זיין אידישער גענאָסע צו פערלאַנגען פון איהם, ער זאָל אין דעם פונקט ניט געהן האַנד אין האַנד מיט דעם אַנטיסעמיטיזם? און וועט דער אידישער גענאָסע ניט האָ־בען א רעכט אויך איהם צו בעשולדיגען אין אַנטיסעמיטיזם, ווען ער וועט אַרויסגעהן און זאָגען צו זיינע אידישע פיינד. „איך גלויב ניט אין אייערע אָנשטעלען. איהר וועט קיינמאָל ניט זיין קיין „רוסען", „דייטשען", „פראַנצויזען". אידען זענט איהר געוועזען און אידען מוזט איהר בלייבען"...

כדי אויסצומיידען דעם חשד אין אַנטיסעמיטיזם, מוז דער ראַ־דיקאַל מאַכען אַזא מינע, אַקוראַט ווי ער וואָלט באמת געגלויבט אין דער פערוואַנדלונגס־מיסטעריע פון א אידען אין א רוס אָדער א דייטש, — אַן איבערנאַטירליכער וואונדער, וואָס אין איהם איז נאָך שווערער צו גלויבען איידער אין די פערוואַנדלונג פון וויין און ברויט אין פלייש און בלוט.

הערמאַן באַהר איז אָבער אַלע מאָל געוועזען אַן „ערץ־עזות־פנים" און אויך איצטער זאָגט ער אָפען און עהרליך, אַז ער פערשטעהט ניט ווי אַזוי אַזא וואונדער קאָן געשעהן. שילדערענדיג די לעכער־ליכקייט פון די רייכע אידען, וואָס ווילען נאָכמאַכען נאָך דעם פרעמדען לעבען פון דער פרעמדער אַריסטאָקראַטיע, בעמערקט באַהר, אַז די מיאוסע ערשיינונג קאָן מען געפינען אומעטום, אפילו אין דער ליטעראַטור. „ווי אונגעהויער נאַריש איז דער געהיימניס־

פולער אינטערעס, די געהיימניספולע סימפּאַטיע, וואָס די אידישע אויטאָרען ווייזען אַרויס בנוגע צו דעם גערמאַנישען לעגענדען־קרייז! יעדער פון די דאָזיגע בערלינער מאָדערנע אידען מאַכט אַ פערהימעלטען פּנים, ווי נאָר ער הערט דעם נאָמען פון דעם קעניג אַרטוס. פאַר וואָס? ווער איז דער קעניג אַרטוס? מיר געפעלען ניט יענע אידען, אָבער פּסיכאָלאָגיש בעוואונדער איך זיי, איך בע־וואונדער דעם געהירן־קונץ־שטיק, וואָס זיי ברענגען אַרויס".

אין אַן אַנדער שטעל ווייזט ער אויף אויף דעם אַלט־בעקאַנטען פאַקט, אַז דער בעסטער לויב פאַר אַן אַסימילירטען אידען איז ווען מען זאָגט איהם, אַז ער איז אייגענטליך גאָר קיין איד ניט. „וואָס זענען דאָס", פרעגט באהר, „פאַר מענשען, וואָס דער העכסטער לויב ביי זיי איז ווען מען זאָגט זיי: דאָס וואָס איהר זענט, זענט איהר אייגענטליך ניט? איך האָב אַמאָל געלעזען אַ וואונדער־שעהנעם בריעף, וועלכער איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר די דאָזיגע גאַנצע פערווירונג אין די אויפגעקעלהרטע אידישע קעפּ, וואָס איך קאָן ניט פערשטעהן. אַ דיכטער, אַ איד, — איך רוף איהם דאָ דער איד א., האָט אָנגעשריעבען אַ שטיק. אַן אַנדער איד, דער איד בע, האָט איהם שטאַרק אַרונטערגעריסען אין אַ קריטיק. אַ דריטער איד, וועמען דאָס שטיק פון דעם אידען בע איז שטאַרק געפעלען געוואָ־רען, שרייבט צו איהם אַ בריעף וועגען יענער אַרונטעררייסענדער קריטיק און זאָגט: דער הערר בע איז אַ נידערטרעכטיגער קערל. עס ברענגט איהם אַריין אין כעס, ווי געמיין יענער הערר האָט גע־שריעבען וועגען דאָס פיינע שטיק. „אָבער עסט זיך ניט אָפּ די האַרץ דערפון", זאָגט ער צום סוף, „ווי קאָן דען אַ איד ווען עס איז פערשטעהן די הערליכקייט פון אייער שעפּפונג!"

איך קען, זאָגט ווייטער באהר, „אַלע דריי העררען, אַלע דריי זענען אידען, אַלע דריי אַנשטענדיגע מענשען, און דער וואָס האָט געשריעבען יענעם בריעף, האָט איהם געשריעבען אין דעם טיעפס־טען ערנסט. איך קאָן געבען אַ שבועה, אַז דער אַנעקדאָט איז אַן אמת. און איצטער שטעלט זיך פאַר די ברייטע מאַסע פון'ם פאָלק, די דורכשניט־אינטעליגענץ פון דעם דייטשען, פראַנצויזישען, טשע־כישען פאָלק, פאַר וועמעס אויגען עס שפּיעלען זיך אָב אַזעלכע ער־שיינונגען"....

א נאַטירליכער מענש מיט אַ נאַטירליכען נאַציאָנאַל־געפיהל קאָן דאָס טאַקע באמת ניט בעגרייפען, ער פערשטעהט דאָס פּשוט ניט.

נאָך אַן אינטערעסאַנטען פאַנקט ברענגט באַהר, כדי צו איל־לוסטרירען זיין געדאַנק.

„איך בין איינמאַל געקומען אין אַן אָרט אין דרום־עסטרייך, וואו צוויי נאַציאָנען, — אגב, ביידע סלאַווישע, זענען געשטאַנען אין א בימערען קאַמף, איינע געגען דער אַנדערער. יעדע פון די דאָזיגע נאַציאָנען האָט געהאַט אַן אויסגעצייכענטען פיהרער, ביידע זעהר קלוגע, טיכטיגע און געשיימטע מענשען. איינער פון זיי, דר. א., איז געווען — אַן אונגארישער איד. דער אַנדערער, דר. ב. — אַן עסטר־רייכער איד.

ניט ווילענדיג פרעגט מען זיך: וואָס איז דאָס פאַר אַ ראַסע? ווי מוז דאָס דאָרטען אויסזעהן אין די געהירן פון אַזעלכע לייט? די דאָזיגע אידען מאַכען בעשיינפערליך אַ גרויסען טעות. געוויס, ווען איך וואָהן אָב אַ סך יאָהרען צווישען פראַנצויזען אָדער יאַפּאַ־נער, קאָן איך ביז צו אַ געוויסען גראַד אריינגעהמען אין זיך דעם גאַנצען געדאַנקען־אינהאַלט פון די פראַנצויזען. וואַהרשיינליך קאָן איך אַפּילו אין אַלע זיטליכע ענינים זיך צופּאַסען צו דעם עמפּפינ־דונגס־לעבען פון אַ פרעמדער נאַציאָן. און דאָס, מיינען אַזעלכע אידען, איז גענוג כדי פערוואַנדעלט צו ווערען אין אַ קינד פון יענער פרעמדער נאַציע.

דאָס איז אָבער ניט אמת. אין'ם נאַציאָנאַלען לעבען שפּיעלען די הויפּט־ראָליע די אינסטינקטיווע זאַכען. איך קאָן ווערען אַ פּאָל־קאָמענער ענגלענדער אין דענקען און אין עמפּינדען. אָבער אַפּילו ווען איך זאָל האָבען אָבגעלעבט צוואַנציג יאָהר אין ענגלאַנד, חתונה געהאַט מיט אַן ענגלענדערין און לפּנים זיך אין גאַנצען אַסימילירען, וועלען נאָך יעמאָלט אַרויסשפּרינגען קליינינקייטען, וואָס וועלען בעווייזען, אַז איך בין פּאָרט ניט קיין ענגלענדער.

איך וועל ניט קאָנען לאַכען דאָרטען וואו דער ענגלענדער לאַכט פונ'ם גאַנצען הארצען און צוריק וועל איך דערצעהלען לוסטיגע מעשיות, ביי וועלכע דער ענגלענדער וועט בלייבען קאַלט און ערנסט. אָהן אַ שום גרונד וועט פאַר מיר זיין סימפּאַטיש עפּעס אַזוינס, וואָס

איז אומסימפּאַטיש דעם עכטען ענגלענדער און אומגעקעהרט. אינ־סטינקטיווע זאַכען קאָן מען ניט בענעהמען מיט די געהירן. אָט דאָ, גלויב איך, ליעגט דער טיעפער פּסיכאָלאָגישער טעות פון דעם אסי־מיליאַציאָנס־איד".

עס פערשטעהט זיך, אז דער ראַדיקאַל, פאַר וועמען דער אסי־מיליאַציאָנס־איד איז אָדער אַ לעבערליכע ערשיינונג, אָדער אַניט־פערשטאַנענע חדה, מוז קוקען גאָר מיט אַנדערע אויגען אויף יענע פּראָגרעסיווע אידען, וואָס בעקענען זיך שטאָלץ צו דער אידישער נאַציע. אזא איד איז געווען טהעאָדאָר הערצל, און הערמאַן באַהר רעדט זעהר ווארעם וועגען איהם. ער דערצעהלט אונז וועגען איי־ניגע מאָמענטען פון הערצל'ס לעבען, וואָס האָבען אויך אַן אַלגע־מיינעם אינטערעס.

„איך רעכען פאַר איינעם פון די ווירקליך גרויסע גליקס־פאַלען אין מיין לעבען", זאָגט ער, „וואָס איך האָב פון מיין יוגענד־אָן פער־זענליך געקענט דעם גרעסטען אידען פון אונזער צייט און וואָס איך בין מיט איהם געווען זעהר בעפריינדעט: מיט טהעאָדאָר הערצל. ווייסט איהר וואָס טהעאָדאָר הערצל איז געווען, בעת איך בין מיט איהם בעקאַנט געוואָרען? ער איז געווען אַ דייטש־נאַציאָנאַלער בורשענשאַפטער. דאָס איז געווען זיין אָנהויב. און ער איז געווען אַן אויסגעצייכענטער דייטשער בורשענשאַפטער".

באַהר דערצעהלט אונז, ווי הערצל האָט אריינגענומען אין זיין געהירן דאָס גאַנצע דייטשטהום און ווי ער פלעגט עס פּלאַסטיש אויסדריקען אין אַלע ערשיינונגען פון דעם וויענער שטודענטישען לעבען, אינ'ם רעדען, טרינקען און ביי די דועלען. דערפאַר האָט די „פאַרביגע" פערבינדונג, צו וועלכער הערצל האָט געהערט, אין איין פריה־מאָרגען בעשלאָסען, מען זאָל אַלע אידען ארויסיאָגען „פון דער פאַרב" „קום אינפאַמיאַ" („מיט שמאַך")...

אגב אורחא! אויב דער אַמעריקאַנער אידישער לעזער מיינט, אז אַ „פאַרביגע פערבינדונג" איז אַ נעגער־פערבינדונג אָדער אַן אינדיאַנער־פעראיין, האָט ער אַ טעות. דאָ רעדט זיך עס וועגען שטודענטען־פעראיינען, וואָס טראָגען געוויסע פאַרבען, ווי סמנים, וואָס בעדייטען... אסור, אויב איך הויב אָן צו וויסען, וואָס זיי בע־דייטען! ער כל פּנים געהערען יענע שטודענטען צו דער ווייסער

ציוויליזירטער ראַסע. דאָס מוז מען תמיד געדענקען. אז ניט, קאָן מען באמת מיינען, אז זיי געהערען צו די אינדיאַנער.

„דאָס איז געוועז", זאָגט באַהר, „הערצל'ס גרויסע יוגענד ער־לעבנים". איהם, דעם פעהיגסטען פון זיי אַלעמען, האָבען זיי ארויס־געשטויסען, און האָבען געהאַט אַ געוויסען לאָגישען רעכט דערצו. זיי האָבען איהם געזאָגט: „מיר מוזען ציעהען די קאָנסעקווענצען פון ד י י ן דייטש־נאַציאָנאַלען געדאַנקען".

הערצל איז אוועק קיין בערלין, פון דאָרטען קיין פּאַריז, וואו ער האָט דורכגעלעבט די גאַנץ גרויסע, אויפרודערנדע טראַגעדיע פון זיין לעבען: אַלס אַ קאָרעספּאָנדענט פון דער „נייער פרייער פּרעסע" איז ער געוועז דערביי, ווי מען האָט פון דרייפוסען אראָב־געריסען די עפּאַלעטען. הערצל האָט אָפט דערצעהלט פאַר באַהר'ן יענעם וויכטיגען מאָמענט פון זיין לעבען. דערהויפּט האָט געווירקט אויף איהם דער אויסדרוק פון האַס, וועלכען ער האָט געזעהען אויף אַלע פּנים'ער, אַ האַס ניט נאָר צו דעם קאַפּיטאַן דרייפוס, נאָר צו דעם גאַנצען יודענטום.

ער האָט זיך געפיהלט אַקוראַט ווי ער וואָלט זיין גאַנץ לעבען אָבגעלעבט אין אַ פינסטערער נאַכט און פּלוצלונג איז געקומען אַן אונגעהויערער בליץ, וואָס האָט מיט אַמאָל אויף אַ רגע אויפגעדעקט פאַר איהם דעם גאַנצען אמת. אין דעם מאָמענט האָט ער זיך גע־מוזט זאָגען: „דו שטעהסט צווישען די דאָזיגע מענשען, דו שפּיעלסט מיט דער קולטור פון די דאָזיגע מענשען, דו פיהלסט דיך נאָך שטאָלץ, וואָס מען גיט דיר דאָס רעכט אָנצופּאַסען זיך צו דער קולטור פון די דאָזיגע מענשען, וואָס שטעלען זיך אַזוי צו דיר און דיין גלייכען, אָט מיט דעם פערצוקטען האַס אין פּנים"...

דאָס איז געוועז דער מאָמענט ווען הערצל איז צוריק געוואָ־רען אַ איד.

הערמאַן באַ־ר בעטראַכט די דרייפוס־אַפערע ניט ווי אַ צופע־ליגע עפּיזאָדע אין דעם לעבען פון דעם פראַנצויזישען פאָלק, נאָר ווי אַ נויטוועגדיגע ערשיינונג פאַר אַלע צייטען און פעלקער, צווישען וועלכע די אידען וואוינען. די געשיכטע מיט דרייפוס'ען, זאָגט ער, „וועט זיך אַלע מאָל ווידערהאָלען, כל זמן די אידען וועלען זוכען זייער עקזיסטענץ אין אַ פרעמדער וועלט. זי וועט אויפהערען אין

דעם מאָמענט, ווען די אידען אין אייראָפּא וועלען זיך אוועקשטעלען אקוראַט אזוי ווי אַלע אַנדערע נאַציאָנען,ווי צוגעהעריגע פון א בע־שטימטער בעוואוסטער אָרגאַניזירטער נאַציאָן".

באהר'ס פּאָרלעזונג האָט נאָך איינינע אַנדערע אינטערעסאַנטע געדאַנקען וועגען דער ראָליע, וועלכע די אידישע נאַציאָן קאָן שפּיע־לען אין דעם אייראָפּעאישען לעבען. מיר וועלען דאָ ברענגען נאָר דעם פּועל־יוצא, צו וועלכען ער קומט נאָך אַלע זיינע בעטראַכטונ־גען:

„דאָס איינציגע נויטווענדיגע פאר אידען און דאָס איינ־ציג נויטווענדיגע פאר די אַנדערע נאַציאָנען אין אייראָפּא איז, אז די אידען זאָלען זיך דערמאָהנען אָן זייער אייגענער נאַציאָנאַלי־טעט, אז זיי זאָלען זיך אָרגאַניזירען אין אייראָפּא ווי א נאַציאָן, — זיי קאָנען נאָך דערביי בלייבען זעהר גוטע, בראַווע שטאַאטס־ביר־גער אין יעדעם איינצעלנעם שטאַאט, — און אז זיי זאָלען זיך דער־קלעהרען אין לעבען ווי אַן אָרגאַניזירטע נאַציאָן. ווען זיי וועלען זיך פיהלען ווי א נאַציאָן, וועלען זיי, ווילענדיג — ניט ווילענדיג, זיך מוזע אוועקשטעלען אויף דער ריכטיגער זייט פון דער מענש־הייט, אויף דער זייט פון פרייהייט, אויף דער זייט פון דעם פאָלק. אומעטום וואו עס זענען דאָ געדריקטע, דאָרטען זענען דאָ זייערע פריינד, און ניט ערגעץ אַנדערסוואו. זייט די פריינד פון די בע־דריקטע, און איהר וועט תמיד זיין אויף דעם ריכטיגען וועג".

הערמאַן באהר'ס פאָרלעזונג בעווייזט אונז, ווי פאַלש עס איז דער פּחד פון איינינע אסימילאַטאָרען, אז אונזער ריקקעהר צו דעם נאַציאָנאַליזם קאָן אָבשטויסען פון אונז די פּראָגרעסיווע עלעמענ־טען פון לאַנד. אדרבה! נאָר אָט דער ריקקעהר, אויב ער איז נאָר פערבונדען מיט אַן אמת־פּראָגרעסיווען פּראָגראַם, קאָן בעפרייען ביידע צדדים פון יענער אוננאַטירליכע לאַגע, אין וועלכע די אסי־מילאַציאָן האָט אונז אריין געבראַכט און קאָן נאָר שטאַרקער מאַ־כען די סימפּאַטיע צו אונזערע פאָלקס־אינטערעסען ביי אַלע אמת ראַדיקאַלע און אמת פּראָגרעסיווע מענשען.

„דאָס נייע לעבען", מאַרט, 1911.

# א פּאָר ווערטער וועגען אידישען אַנאַרכיזם

(צו דעם 10־יעהריגען יובילעאום פון דער „פרייער אַרבייטער שטימע„)

ווי יעדע געזעלשאַפטליכע בעוועגונג פון אַ פאָלק, וואָס נעהמט אַנטייל אין דעם מאָדערנעם פּראָגרעס, געהערט אויך דער אידישער אַנאַרכיזם צו צוויי וועלט־ספערען: צו דער אַלגעמיין־מענשליכער ספערע פון דער בעוועגונג, און צו דער נאַציאָנאַלער ספערע פון דעם פאָלק. דער אידישער אַנאַרכיזם, — ווי קליין און אָרעם ער זאָל ניט זיין, — איז אַ א י ד י ש ע ר צווייג אויף דעם אַלגעמיין־אַנאַרכיסטישען בוים און אַן אַ נ אַ ר כ י ס ט י ש ע ר צווייג אויף דעם בוים פון דער אידישער קולטור.

וועלכע אייגענשאַפט איז אין איהם גובר די אַנדערע: זיין אַנאַרכיסטישקייט אָדער זיין אידישקייט? אין וואָס ליעגט די וויכטיגקייט פון דעם אויפטהו, וואָס ער האָט אויפגעטהאָן? אין דעם, וואָס ער האָט די אַלגעמיין־אַנאַרכיסטישע בעוועגונג בערייכערט מיט אַ אידישען צווייג, אָדער אין דעם, וואָס ער האָט די אידישע קולטור בערייכערט מיט דער אַנאַרכיסטישער ריכטונג?

צי די געשיכטע פון דער אַלוועלטליכער אַ נ אַ ר כ י ס ט י־ ש ע ר ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק וועט זיך ווען עס איז אָב־שטעלען אויף די צעהן יאָהר־גענג „פרייע אַרבייטער שטימע“ און מיט אַ גוטען וואָרט דערמאָנען זיי, בין איך שטאַרק אין ספק: אַזוי ווענינ האָט דער א י ד י ש ע ר צווייג אויפגעטאָן פאַר דער ענטוויקלונג פון דעם אַנאַרכיזם איבערהויפּט. אָבער דאָס איז פאַר מיר קלאָר ווי דער טאָג, אַז דער געשיכטס־שרייבער פון דער א י־ ד י ש ע ר ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק וועט זיך מ ו ז ע ן אָבשטעלען אויף די צעהן יאָהרגענג, כדי אויסצופאָרשען און אָב־צושעצען זייער ווירקונג אויף די ענטוויקלונג פון דער אידישער קולטור.

דער פאַקט, אַז די „פרייע אַרבייטער שטימע“ איז אַ א י־

דר. ח. זשיטלאָווסקי

ד י ש ע צייטונג, שפּיעלט אין איהר לעבען און אין איהר בע־דייטונג אַ סך אַ גרעסערע ראָליע, איידער דער פֿאַקט, אַז זי פּרע־דיגט אַ נ אַ ר כ י ז ם. סאַי איהרע לעזער, סאַי איהרע מיטאַר־בייטער, סאַי איהר רעדאַקטאָר זיינען אידען, אויסגעוויקט אין אידישקייט, געזאַלצען, און גע׳כשר׳ט מיט אידישען זאַלץ אין דער אַטמאָספּערע פֿון דעם אידישען לעבען, — זיי מעגען אפילו דריי מאָל אַ טאָג אָבלייקענען זייער מינדעסטע שייכות צו אַלץ, וואָס שמעקט מיט אַ אידען. די ענינים, וואָס אינטערעסירען די „פֿרייע אַרבייטער שטימע", זיינען דאָס רוב גענומען פֿון דעם אידישען לעבען. אויף וויפֿיעל די „פֿר. אַרב. שט." קאָן אויסווירקען אַ וועל־כען עס איז דרוק אויף די טעגליכע ערשיינונגען פֿון דעם אידישען טאָג.

שטעהט אָט דער פֿאַקט גאַנץ קלאָר פֿאַר די אויגען פֿון איהר רעדאַקטאָר, פֿון איהר אייגענעם פֿיהרער, וועמעס צעהן־יעהריגע אונערמיעדליכע אַרבייט האָט זי דערהאַלטען ביים לעבען? ליידער, ניין. ליידער, מיינט ער בתמימות, אַז ער און די „אידישקייט" קעהרען זיך איינע די אַנדערע ניט אָן; אַז זיין צייטונג איז ניט קיין אידישע און אַז ער און זיינע אַנאַרכיסטישע לעזער זיינען ניט קיין אידען, נור „מענשען", מענשען בכלל, סתם־מענשען. פֿון אָט דער קאָסמאָפּאָליטישער בלינדקייט ליידעט די קולטור פֿון דעם אי־דישען פֿאָלק און עס ליידט דער אַנאַרכיזם.

אין מיין היינטיגען אַרטיקעל וויל איך זיך אָבשטעלען נאָר אויף דעם צווייטען פּונקט.

ווי יעדע טיעף־גרייפֿענדע געזעלשאַפֿטליכע לעהרע, האָט דער אַנאַרכיזם אַ בעשטימטען „גייסט" און — צו יעדער געגעבענער צייט — אַ בשטימטען „בוכשטאַב". דער בוכשטאַב, דאָס זיינען די בעשטימטע מיינונגען און פֿאָרדערונגען, וועלכע די לעהרע שטעלט אַרויס אין דער געגעבענער היסטאָרישער עפּאָכע; דאָס זיינען, לאָמיר זאָגען, די „באָמבע", די „פֿרייע ליעבע", דער „אַטע־איזם". דער ג י י ס ט פֿון דעם אַנאַרכיזם — דאָס איז דער גייסט פֿון אי נ ד י ו ו י ד ו אַ ל י ט ע ט, און אָריגינאַליטעט: דער שטאָלצער פּראָטעסט פֿון דעם אינדיווידואום און פֿון דער מינדערהייט, ווען די אַרומיגע סביבה וויל איהם אָדער זי איינ־

שלינגען, וויל איהם אָדער זי אָבפּארבען אין אַ פרעמדע פּארב, וויל אריינזעצען אין איהם אָדער איהר אַ פרעמדע נשמה. דאָס איז דער קאַמף אַנטקעגען דער צופּאַסונגס־קראַפט פון דער מאַיאָ־ריטעט. אינדיווידועןן וויל דער אַנארכיזם, שטארקע, קאָנקרעטע, מיט אייגען־ווילען און מיט אַן אייגענעם קאָפּ אויף די אַקסלען.

די לעהרע פון דעם „סתם מענשען" איז ניט קיין אַנארכיסטישע לעהרע. דער סתם־מענש איז ניט קיין אינדיווידואום, מיט אייגענע בולט'ע סמנים. דער סתם־מענש — דאָס איז ניט שמעריל, ניט פּייוויש. דאָס איז דאָס, וואָס עס בלייבט איבעריג, ווען איך ווארף אראָב פון חשבון אַלץ, וואָס מאכט שמערלען פּאַר אַ שמעריל און פּייווישען פּאַר אַ פּייוויש; ווען איך ריים מיט געוואַלד פון זיי אראָב אַלץ, אין וואָס עס בעשטעהט זייער קאָנקרעטער זיין אויף דער וועלט. דער „סתם־מענש" איז דער קבר פון דער אינדיווידואַלי־טעט. די וויסטע אַבסטראַקציע, וואָס בלייבט, ווען מען טויט זי אין גאַנצען אָב: אַ לעהמענער גולם, אַ גלאָמפּ מיט צוויי אויגען.

אָט דער גלאָמפּ מיט צוויי אויגען, אָט די לעהמענע פערקו־קעניש, אָט דער פּאַטש אין פּנים דעם אַנארכיסטישען גייסט איז געוואָרען דער ליעבלינגס־פּרינציפּ פון דעם אידישען אַנארכיזם.

אַ לעהמענער גולם קאָן ניט עקזיסטירען אין דער ווירקליכער וועלט פון מענשליכער קולטור; אין דער ווירקליכער וועלט זיינען ניטאָ קיין לעהמענע גולם'ס, נאָר מענשען פון אַ גאַנץ בעשטימ־טער נאַציאָנאַלער פאָרם, מיט אַ גאַנץ בעשטימטער נאַציאָנאַלער נשמה. עס איז דעריבער פאַר דעם אידישען אינדיווידואום אין אַמעריקאַ פאַרהאַן נאָר איין ברירה: אָדער בלייבען ביי דער איי־גענער אידישער נאַציאָנאַלער פאָרם, אָדער אָננעהמען די אַמערי־קאַנער. האָט דער „גלאָמפּ־מיט־צוויי־אויגען־שטאַנדפּונקט" געגע־בען פאַר דעם אידישען אינדיווידואום אַזאַ'ן ענטפער: ווארף אַוועק דיין אייגענע נאַציאָנאַלע פאָרם פון דער אידישער מינאָריטעט און גיס זיך צונויף מיט דער פרעמדער נאַציאָנאַלער פאָרם פון דער ארומיגער אַמעריקאַנער מאַיאָריטעט, — אַן ענטפער, פון וועלכען עס מוזען זיך שטעלען די האָר קאַפּויר ביי יעדען איינעם, וואָס האָט נאָר אין זיך אַ טראָפּען פון דעם באמת אַנארכיסטישען גייסט.

עס קומען אַהער אַ מיליאָן אידען, אַ קליינינקער מעוט, וואָס

האָט זיין אייגענע שפּראַך, אין וועלכע ער דריקט אויס זיינע גע־דאַנקען און געפיהלען. דער מעוט לעבצט נאָך בילדונג און וויל האָבען שוהלען פאַר זיך און זיינע קינדער. די נאַטירליכסטע זאַך אין דער וועלט וואָלט געווען, ער זאָל האָבען די שוהלען אין דער שפּראַך, וועלכע ער פאַרשטעהט, וועלכע ער ליעבט פון קינדוויייז אויף, וואָס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען פון איהם און וואָס איז צוגעפּאַסט צו זיין אינדיווידואַליטעט. קומט דער אַמעריקאַנישער שטאַאַט און זאָגט: אַזאָס! דאָס ניט! ווילסט בילדונג? הויב אָן רערען און דענקען ווי איך...

וואָס האָט בעדאַרפט זיין די שטעלונג פון דעם אידישען אַנאַר־כיזם אין דעם קאָנפליקט?

וואָלט אין איהם געלעבט דער אַנאַרכיסטישער גייסט, דער גייסט פון פּראָטעסט אַנטקעגען די אַרומיגע סביבה, דער גייסט פון קאַמף אַנטקעגען די שאַבלאָניזירטע מאַיאָריטעט, וואָלט ער מיט זיין גאַנצען פייער געדאַרפט אַריינרייסען זיך אין דער אידישער מחנה און אַריינברייננען אין איהר דעם גייסט פון רעוואָלט און זעלבסטשטענדיגען שטאָהלענעם ווילען.

„ניט אונטערגעבען זיך, אינדיווידוען! ניטאָ קיין שפּראַכען־מיוחסים און שפּראַכען־בעטלער! אַלע שפּראַכען האָבען גלייכע רעכטע. זייט ניט קיין לעהמענע גולם׳ס, אין וועלכע מען קאָן פון דרויסען אַריינבלאָזען אַ נשמה און אַ קולטור. ענטוויקעלט די מענשליכע קולטור פון ז י ך אַרוים! זייט דאָס, וואָס איהר זייט. לאָזט זיך ניט איינשלינגען פון דעם אַרומיגען שאַבלאָן. און אויב איהר האָט ניט קיין כח צו צווינגען דעם שטאַאַט, ער זאָל טהאָן אייער ווילען, טהוט אייער ווילען אָהן איהם. לאָמיר זיי בעווייזען, וואָס שטאָלצע, שטאַרקע, בעוואוסטזיניגע אינדיווי־דוען קאָנען אויפטהאָן אָ ה ן אַ ש ט אַ אַ ט: לאָמיר בויען אונזערע אייגענע שוהלען! לאָמיר לערנען אין זיי דאָס וואָס מיר ווילען, וואָס א ו נ ז איז נויטיג, נאָך א ו נ ז ע ר שכל, גע־נומען פון ו ו אַ נ ע ן מיר ווילען, ו ו אָ ס מיר ווילען און ניט דאָס, וואָס עס לוינט זיך פאַר די פּינף און אַכציג מיליאָנען, וואָס אַרום אונז און וואָס ווילען אונז אויפפרעסען. דאָס וועט דאַרפען קאָסטען קרבנות? קליינינקע ברואים׳לעך! איז ווען עס

אין וואָס איז בעשאַפען געוואָרען גרויסעס אין דער וועלט אָהן קרבנות? אין דעם בראַנד פון קרבנות ברענט זיך פאַנאַנדער און לייכט פאַר די דורות דער שטאָלץ און דער מוטה און דער רייכטהום פון דעם אינדיווידואום׳ס נשמה!“

אָט דאָס וואָלטען געווען אַנאַרכיסטישע רייד!

האָט מען ווען עס איז געהערט זיי פון דער „פרייער ארביי־טער שטימע“?

אָדער נעהמט די שבת־פראַגע: טויזענדער, צעהנדליגע טוי־זענדער אידישע אַרבייטער און קליינע הענדלער וואָלטען זיך גע־פיהלט גליקליך, ווען זיי וואָלטען נים דאַרפען געהן שבת אין שאַפּ און אין קראָם און אין „גאַס“; ווען זייער וועכענטליכער רוהע־טאָג וואָלט געווען שבת און נים זונטאג. קומט דער אַמעריקאַנער שטאַאַט און די אַמעריקאַנער מאַיאָריטעט און לייגט א פּראָטעסט: „דער געזעצליכער רוהע־טאָג איז זונטאג און נים שבת“. אויף וועמעס זייט האָט זיך געשטעלט דער אידישער אַנאַרכיזם? האָט ער אַריינגעדונערט אין דער אידישער מחנה דעם רוף פון זעלבסט־אַכטונג און טראָטץ? האָט ער געהאַלטען פאַר זיין חוב אויפצו־קלעהרען דעם אידישען עולם, אַז זונטאג איז נים מעהר מיוחס, ווי שבת? אַז פרייהייט מיינט לעבען, ווי „א י ך“ וויל, און נים ווי דאָס געפעלט דער מיליאָנען־קעפּיגער סביבה? אַז עס איז א חוב פאַר יעדעם — זעהען דורכצוזעצען זיין ווילען, אויף וויפיעל דאָס גרייפט נים אָן דעם בערעכטיגטען ווילען פון דעם אַנדערען? אַז דער איד, ו ו י י ל ע ער איז אין א מינאָריטעט, האָט אין דעם פאַל א רעכט צו לעבען נאָך דעם אייגענעם גוסט און נים נאָכצוטאַנצען נאָך א פרעמדען אונגערעכטען געזעץ?

איך בין נים קיין אַנאַרכיסט. איך בין א סאָציאַליסט־רע־וואָלוציאָנער. איך נעהם אָן דעם שטאַאַט און גלויב אין די נויט־ווענדיגקייט פון געוויסע געזעצען בכלל. וואָס איך האָב צו זאָגען אין דער פראַגע פון דעם געזעצליכען רוה־טאָג, איז אַן אַנדער זאַך, וואָס אינטערעסירט אונז היינט נים. אָבער איינס איז זיכער; דאָס, וואָס דער אידישער אַנאַרכיסט האָט צו זאָגען אין דער פראַגע, פערשווייגט ער, אָדער ער רעדט אַזוי, אַז דעם אַנאַרכיזם ווערען דערביי איבערגעבראָכען רוק און לענד.

איך וואָלט נאָך געזאָגט: דער אידישער אַנאַרכיזם מישט זיך ניט אין די לעבענס־פראַגען פון דעם אידישען קוואַרטאַל. ער ווייס נאָר איין זאַך: פּרעדיגען דעם אַבסטראַקטען אַנאַרכיזם; קאָן מען פון איהם ניט פערלאַנגען, ער זאָל האָבען אַ ווען עס איז מיי־נונג וועגען אידישע פראַגען. אין דער אמת׳ען אָבער מוז מען מודה זיין צו דעם שבח פון דער „פרייער אַרבייטער שטימע", אַז זי האָט אַ סך לעבען אין זיך, אַז זי זוכט זיך אריינצופּעלכטען אין אַלץ, וואָס קומט פאָר אין אונזער קוואַרטאַל, לכל הפחות, אין זיין ראַדיקאַלען טייל. ס'איז ניטאָ קיין איין שטיקעל זייט־מיר־מוחל, וואו די „פרייע אַרבייטער שטימע" זאָל ניט אריינשטעקען איהרע הענד. עס איז ניטאָ קיין איין איינציגער גאַנזער, צוליעב וועמען אונזערע „איוואַן־איוואַנאָוויטשעס" צוקריעגען זיך מיט אונזערע „איוואַן־ניקיפאַראָוויטשעס", וואָס אויך די „פרייע אַרבייטער שטימע" זאָל ניט האָבען געצופּט איהם פאַר די פעדערן. איך מאַך דערפון קיין פאָרוואורף ניט דער „פרייער אַרבייטער שטימע". דאָס איז אַ סך גלייכער און אַ סך וויכטיגער פאַר דעם אַנאַרכיזם, איידער האַלטען אין איין „בראָקען" דעם דרייפאַלטיגען „אני מאמין" פון דעם וואול־גערען אַנאַרכיזם: „קיין גאָט איז ניטאָ, אַ כפּרה דער שטאַאַט, ווילסט אַ נקבה — נעהם". אָבער — בעשטעהט דען דאָס אידישע לעבען נאָר פון די זייט־מיר־מוחל׳ס און די גאַנזערס? און וואו זע־נען יענע גרויסע פּראָבלעמען, וואָס די געשיכטע האָט אוועקגע־שטעלט פאַר דעם איצטיגען אידישען דור, וואָס האָט צוגעצויגען צו זיך די בעסטע קעפּ און די בעסטע הערצער פון דער אידישער יוגענד און האָט זיי פונאַנדערגעשפּאַלטען אין פערשיעדענע פּאַרטייען און לאַגערן? וואו איז דער ציוניזם? דער בונדיזם? דער סיימיזם? האָט דער אידישער אַנאַרכיזם גאָר נישט וואָס צו זאָגען וועגען זיי?

מיר דאַכט, אַז ער האָט. וואָלט זיין געדאַנקען ניט געווען פערהיפּנאָטיזירט פון דעם בלייערנעם בליק פון דעם גלאָמפּ מיט צוויי אויגען, וואָלט ער געהאַט אַ ברעקעל חוש אַרויסצוגעפינען וואו עס ליעגט דער מאַגנעט פון לעבען, וואָלט ער איינגעזעהען, אַז דאָ, און ניט ביי די „גאַנזערס", שלאָגט נאָך דער דופק פון אינדיווידועלע ענערגיע, פון אַ דראַנג צו אַ זעלבסטשטענדיגען שאַפען. יעמאָלט

וואָלט ער ניט געקאָנט בלייבען גלייכגילטיג צו די אַלע פראַגען און וואָלט זיך געמוזט קרעפטיג אריינמישען, כדי דורכצופיהרען ז י י ן שטאַנדפּונקט.

„אייך ציהט קיין ציון? ווידער צוריקקעהרען זיך צו דער נאַטור, צו דעם אייך טהייערען פערלאָזענעם לאַנד? בויען אַ נייעם, זעלבסטשטענדיגען, פרייען לעבען? ניטאָ קיין שעהנערען אידע־אַל פון אַנאַרכיסטישען שטאַנדפּונקט! פערווירקליכט איהם מיט אַלע אייערע כחות! הערט ניט די כלומרשט וויסענשאַפטליכע פי־ליסטער, וואָס זיי וועלען אייך אָנפּלוידערען גאַנצע זעק מיט „איי־זערנע געזעצען פון דער נאַטירליכע ענטוויקלונג", מיט דער „אָהנ־מעכטיגקייט פון דעם אינדיווידואום לגבי די געזעצען פון דער גע־זעלשאַפט"!

איהר, די אינדיווידוען, זיינט די בעשאַפער פון די געזעצען. ווילט! ווילט שטאַרק און גאַנץ מיט יעדען טראָפּען זאַפט פון אייערע נערווען און זעהט, אז די ווירקליכקייט זאָל זיך בויגען אונ־טער אייער ווילען. אָבער — אויף וואָסער פייער דאַרפט איהר די „טשאַרטערס", מיט די דיפּלאָמאַטישע אָבמאַכונגען צווישען מלו־כות? אין פרייע געזעלשאַפטען, פון קיינעם ניט בעשיצט, אַ חוץ אייך, געהט און מאַכט ווידער אַ גן־עדן פון יענעם פּיצעלע ערד, וואָס איז אַמאָל געווען אין די הענד פון אונזערע אבות. און האַלט ניט אין איין פרעדיגען פאַר די אַנדערע! געהט אַליין! טהוט אַליין! זייט זיך מקריב! מיט אייער בלוט און לעבען בעווייזט, אז איהר זייט אינדיווידוען, אז איהר האָט אַן אייגען ציעל און אַן אייגענעם ווילען. דער וועג, וואָס פיהרט צו דעם אידעאַל, איז תמיד אויסגעפּלאַסטערט מיט קרבנות!..."

„איהר ווילט אַן אייגענע אידישע פּראָגרעסיווע קולטור אין גלות? אַ נייע שעהנע פּלאַנץ אין דעם גאָרטען פון דער מענש־הייט? ניטאָ קיין שעהנערער אידעאַל פון דעם אַנאַרכיסטישען שטאַנדפּונקט, ווי האָבען די מענשליכע קולטור אין פערשיידענע אָריגינעלע פאָרמען: רייך און פערשיידען־פאַרביג אין זייערע גע־שטאַלטען? ווילט! ווילט שטאַרק און גאַנץ מיט יעדען טראָפּען זאַפט פון אייערע נערווען און זעהט, אז די ווירקליכקייט זאָל זיך בויגען אונטער אייער ווילען. אָבער אויף וואָסער פייער דאַרפט

איהר דערצו די הסכמה פון דעם שטאַאט? וואָס יאָגט איהר זיך נאָכדעם, אז אויף אייער אידעאַל זאָל דער מיניסטער ארויפלעגען זיין שטעמפּעל און דער זשאַנדאַר זיין לאַפּע? קומט, לאָמיר אין איינעם, אין פרייע געזעלשאַפטען, בויען אידישע פּראָגרעסיווע שולען, ביבליאָטהעקען, מוזעען, קונסט־פעראיינען. לאָמיר אָהן זשאַנדאַרען און אָהן פּאָליציי פונאַנדערבלאָזען די שאַפונגספלאַם פון אונזער פאָלק אזוי, אז זי זאָל לייכטען און וואַרעמען אין יעדער אידישער שטוב און מאַכען שפּראָצען די שאַפונגס־כחות פון יעדען אידישען אינדיווידואום..."

נאָך אַמאָל: איך בין ניט קיין אַנאַרכיסט און וואָלט געקאָנט ענטפערן, וואָס איך האָב דארויף צו ענטפערן. אָבער אויף אזוי פיעל אַנאַרכיסטישען־גייסט האָב איך אין זיך — צו שפּירען, אז אַ שטיק אמת וואָלט געלעגען אין אַזעלכע ריין־אַנאַרכיסטישע רייד; אז דער אידישער אַנאַרכיזם וואָלט, — אין זיין גאַנצער איינזייטיגקייט, אין זיין גאַנצען עקסטרעם, — געקאָנט ווערען אַ טרייבענדע מאַכט, וואָס וואָלט ארייננעשטאָכען אין אונזער פערשלאָפענקייט זיינע רויט אָנגעגליהטע שטעך־אייזענס פון טהאַטען־דראַנג און שאַפונגס־לוסט, פון זעלבסט־אויפאָפּפערונג און דעם קאַמף פאַר אינדיווידואַליטעט.

האָט די אידישע צייטונג פאַר אַנאַרכיזם, די אַנאַרכיסטישע „פרייע ארבייטער שטימע" ווען־עס־איז גערעדט צו אונז אַזעלכע רייד? האָט זי פערשטאַנען איהר פּלאַץ און איהר מיסיע אינ'ם אידישען לעבען? האָט זי געוועקט דעם אידישען אינדיווידואום? אויפגעמונטערט איהם צום קאַמף פאַר זיין „איך"? אָדער לכל הפּחות אונטערשטיצט יענע אינדיווידועז, וואָס האָבען זיך געווענדעט צו איהר נאָך ראטה און הילף אין זייער קאַמף פאַר אינדיווידואַליטעט?

לאָזט מיר אייך ברענגען נור איין קליינינקען ביישפּיעל, אויף וועלכען דער רעדאַקטאָר פון דער „פרייער ארבייטער שטימע" האָט מיר אָנגעוויזען ווי אויף אַ מוסטער פון דער ריכטונג, אין וועלכער ער ווירקט אַלס אידישער אַנאַרכיסט.

אַ יונגער מאַן, וועמען עס ווילט זיך אויסבילדען זיין שוישפּיעלער־טאַלאַנט אויף אַ א י ד י ש ע ר ביהנע, האָט זיך גע־

ווענדעט צום רעדאַקטאָר נאָך אַן עצה. דער רעדאַקטאָר גיט איהם צו מוטה און קוראַזש בזה הלשון: „... אַ חוץ אַלעס פערשטעהען מיר ניט, ווארום איהר זיינט דוקא אַזוי איינגעשפּאַרט צו שפּיעלען אידיש טהעאַטער. איהר זיינט אַ יונגער מענש, איהר קענט זיך אויסלערנען ענגליש, בעזוכען אַ דראַמאַטישע שולע און ווערען דאָ אַן ענגלישע אַקטיאָר... די אידען וואַקסען אונטער, לערנען זיך ענגליש, געהען אין מוזיק־האָל, אין ענגלישען טהעאַטער אָדער גאָר צו דער אָפּערא. דאַרום איז פּאַר אַ יונגען מאַן גאָר אַ קנאַפּע צו־קונפט די אידישע ביהנע". (בריעפקאַסטען פון דער „פ. א. ש." פון דעם 18טען סעפּט. 1909).

אַ יונגער מאַן האָט זיך „איינגעשפּאַרט צו שפּיעלען אידישען טהעאַטער". דאָס איז אפשר דער בעסטער טרויס פון זיין נשמה, דער קלאָרסטער און שאַרפסטער אויסדרוק פון זיין אינדיווידואַלי־טעט. ליעבע צו דער דראַמאַטישער קונסט האָט זיך פעראייניגט מיט דער ליעבע צו דער אידישער שפּראַך און האָט ארויסגעבראַכט אַ שטרעבען צו אַ טהעטיגקייטס־פעלד, וואָס איז פערבונדען מיט אָפּפער און איז פּאַר אַ יונגען מאַן „גאָר אַ קנאַפּע צוקונפט".

וואָס האָט דער אידישער אַנאַרכיזם דערפון געדאַרפט אָבלער־נען און אין וועלכען ריכטונג האָט ער בעדאַרפט ווירקען? ער האָט דערפון בעדאַרפט איינזעהען קלאָר ווי דער טאָג, אַז די אידישע אינ־דיווידואַליטעט וויל געפינען איהר אויסדרוק אויך אויף יענעם פעלד פון קולטור, וואָס מען רופט דראַמאַטישע קונסט. ער האָט בע־דאַרפט אויפמונטערען דעם יונגען מאַן און אַלע יונגע לייט, וואָס שפּירען אין זיך דעמזעלביגען דראַנג צו דער אידישער דראַמאַטי־שער קונסט, זיי זאָלען אַזוי גיך זיך ניט לאָזען אונטערגעבען, ניט ווארפען אין איילעניש דעם פייל־און־בויגען און ניט אַנטלויפען פון קאַמפּפּלאַץ. אַנשטאַט דעם קרעהט ער, ווי אַן אַלטער פּיליסטער־האָהן, וועגען דעם גרויסען טאָפּ לינזען, וואָס די גרויסע אַמעריקאַנער מאַיאָריטעט האָט אויסגעקאָכט פּאַר גוטע אַמעריקאַנער אַקטיאָרען...

ווי אַ טראָפּען וואַסער שפּיעגעלט אין זיך אָב די גאַנצע זון, אַזוי האָט דער טראָפּען אידישען לעבען, אידישען קאַמף פּאַר אינ־דיווידואַליטעט, אָבגעשפּיגעלט אין זיך דעם גאַנצען איצטיגען מהות פון דעם אידישען אַנאַרכיזם אין אַמעריקאַ.

דער אַנאַרכיזם, דער הימעל־שפּאַלטער, דער גאָט־בעשטורעמער, דער העראָלד פון אָריגינעלער טהאַט און קאַמף מיט דער מאַיאָרי־טעט איז דאָ געוואָרען דער פּאַהנענטרעגער פון דעם גרויסען אַמע־ריקאַנער לינזען־טאָפּ, אַ קאָמי־וואָיאַזשער ביי דעם אַמעריקאַנער שאַבלאָן...

ניו יאָרק, צום גדליה, תר"ע.

---

## אַן ענטפער פון דער רעדאַקציע פון דער „פ. אַ. ש."*)

קיינע דעבאַטען איצט. און אייגענטליך איז גאָר ניטאָ וואָס צו דעבאַטירען. יעדע בעשולדיגונג פון אונזער פריינד דר. זשיט־לאָווסקי וואָלטען מיר געקאָנט ווידערלעגען מיט הונדערטע ציטאַ־טען פון דער פ. אַ. ש. נאָר פאַר דעם איז איצט קיין פּלאַץ ניטאָ, און מיר ברענגען דאַרום בלויז איין נאָטיץ אונזערען איבער די שבת־פראַגע, געדרוקט דעם 23טען יאַנואַר, אין נומער 18 פ. אַ. ש. פון דיעזען יאָהר. זאָל דער לעזער זעהען, אויב מיר האָבען ניט געטהאָן גראַדע דאָס, וואָס דר. זשיטלאָווסקי בעהויפּטעט מיר האָבען געדאַרפט טהאָן און ניט געטהאָן. אויף האָט אונז דר. זשיטלאָוו־סקי געטהאָן אַ ביסעל אונרעכט, איבערגעבענדיג בלויז אַ שטיקעל פון דעם בריעפקאַסטען ענטפער. וואָלט ער איהם געגעבען אין גאַנ־צען, וואָלט עס געווים ניט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דער רעדאַק־טאָר פון דער פ. אַ. ש. איז געוואָרען דער קאָמי־וואָיאַזשער פון דעם אַמעריקאַנער לינזען־טאָפּ. נאָר אפילו פון דאָס ביסעלע, וואָס דר. זשיטלאָווסקי האָט אָבגעדרוקט, איז דאָס אויך ניט צו זעהן. האָבען מיר דען דעם יונגען־מאַן געראַטהען, ער זאָל גאָר ניט דענקען פון ווערען אַ קינסטלער, און ווערען אַ ביזנעס־מאַן און לעבען אַ טאָג? פערקעהרט, מיר האָבען איהם געראַטהען צו אַרבייטען מיט אַלע

---

*) אַזוי ווי איך דרוק איבער מיין אַרטיקעל פון דער „פ. א. ש." האַלט איך אויך פאַר מיין חוב איבערצודרוקען אויך דעם ענטפער פון דער רעדאַקציע.

קרעפטען צו ווערען אַן ענגלישער אַקטיאָר, עטוואָס צו וואָס עס פּאָדערט זיך פיעל מעהר כחות און אָנשטרענגונג, ווי צו ווערען אַ אידישער אַקטיאָר און וואָס עס בעצאָהלט זיך פיעל ערגער. נאָר וועגען דעם אַלעם אַן אנדערש מאָל. דערווייל נאָט אייך אונזער שטעלונג צו דער שבת־פראגע:

אונזערע לעזער פערשטעהען געוויס, אַז מיר וואָלטען זיך די האַרץ שטאַרק ניט אָבגעגעסען, ווען אַלע אידען אין אַמעריקאַ וואָלטען אָנגענומען אַלס רוהע־טאָג דעם טאָג זונטאג אַנשטאַט שבת. פערקעהרט, וואָלטען זיי עס אָנגענומען פרייוויליג, ווייל אַזוי פערלאַנגען די אַלגעמיינע פערהעלטניסע, וואָלט אונז די מעשה ניט נאָר ניט געערגערט, נאָר גראַדע הנאה געטהאָן. פאַר אונז וואָלט עס בעדייט, אַז די אידען פערגעסען ביסלעכווייז זייער רעליגיאָן, וואָס טהיילט זיי אָב פון אַלע אַנדערע מענשען בלויז דורך אויסערליכע און אַלטע פערשימעלטע מנהגים, און ווערען מענשען, וועלכע טהוען דאָס, וואָס עס פּאָדערען פון זיי געוויסע לעבענס־בעדינגונגען, און ניט אַ פערשטיינערטע רעליגיאָן. אָבער אין אַמעריקאַ, אין דער פרייער אַמעריקאַ, וואו יעדער האָט אַ רעכט צו דיענען זיין גאָט, ווי ער פיהלט, וויל מען פשוט מיט געוואַלד אַרויפצווינגען אויף געוויסע מענשען אַ רוהע־טאָג. מען וויל, אַז דער זונטאַג זאָל זיין דער געזעצליכער, דער צוואַנג־רוהע־טאָג פאַר אַלע, און געגען דעם דאַרף קעמפּפען סיי דער רעליגיעזער מענש און סיי דער פריידענקער, און דער פריידענקער נאָך מעהר, ווי דער רעליגיעזער.

ערשטענס, דערפאַר, ווייל דאָ האַנדעלט זיך אום פרייהייט פון געוויסען; צווייטענס, דערפאַר, ווייל דאָ האַנדעלט זיך אום די אונטערדריקונג פון איין רעליגיאָן אַ שוואַכערע לויט דער צאָהל פון איהרע אַנהענגער, דורך אַ שטאַרקערע, אַ מעכטיגערע. דריטענס, ווען ניט דיזער צוואַנג, וואָלטען די רעליגיאָן־אונטערשיידונגען במילא פערשוואונדען מיט דער צייט. דוקא דערפאַר, ווייל מען הויבט אָן געברויכען צוואַנג, קען עס פּאַסירען, אַז דער רעליגיעזער פאַנאַטיזמוס פון ביידע זייטען זאָל זיך

ערשט שטאַרק צופלאַקערען — עטוואָס, וואָס איז אָפשר זעהר וויכ־
טיג פאַר די כלי־קודש פון די ביידע צדדים, אָבער ניט פאַר די פריי־
דענקער פון די ביידע צדדים. און דערפאַר דאַרפען אַלע פריידענ־
קער, אַלע די, וועלכע פערשטעהען, וואָס פאַר אַ פלוף דאָס איז די
רעליגיאָן, אָנווענדען אַלע קרעפטען, אַז דיזער פינסטערער פערזוך
פון דער זייט פון פיעלע קריסטליכע גלחים — צו מאַכען דעם זונ־
טאַג פאַר אַן אַלגעמיינעם רוהע־טאָג — זאָל ניט געלינגען.

„אום דאָס דורכצופיהרען איז, ערשטענס, נויטיג, אַז דער זונ־
טאַנ־טאָג זאָל ווערען פּראַקטיש אַ קאַמפּס־טאָג. זאָל לכל הפּחות
די פּאָליציי האָבען דעם גאַנצען טאָג זונטאַג וואָס צו טהאָן; רוהיג
בלייבען, צומאַכען די געשעפטען, און וואַרטען אויף עלעקשאָן־טאָג,
דאָס איז לעכערליך און וועט צו גאָרניט פיהרען. צווייטענס, האָבען
די פריידענקער פון אַלע פעלקער אַ גוטען משפּט איצט צו לאָזען
פון זיך הערען. דערווייל איז איצט דער קאַמף בלויז צווישען צוויי
פינסטערע קרעפטען, און דער פריידענקער שטעהט גאָר פון וויטען,
אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגען „מיין באָבעס דאגה, שלאָגט זיך
ביידע קאָפּ אָן וואַנד". אָבער אַזאַ שטעלונג צו
דער פראַגע איז ווירקליך אַ פאַלשע. עס
איז אַ קאַמף, אין וועלכען דער פריידענ־
קער האָט אַ זעהר וויכטיגען אינטערעס.
ער מוז שריפטליך, דורך בראָשורען, אַרטיקלען און פערשיידענע
צייטשריפטען, און מינדליך — דורך פערשיידענע מאַסמיטינגען —
קלאָר מאַכען וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך און זיך שטעלען אויף
דער זייט פון די אונטערדריקטע געגען די אונטערדריקער. ער
דאַרף ניט מורא האָבען, אַז ער העלפט דאָ איין רעליגיאָן געגען אַ
צווייטער. ניין, ער העלפט הויפּטזעכליך דעם פרייען געדאַנק.
אָבער ווען אפילו דאָ וואָלט זיך ניט
געהאַנדעלט אום עטוואָס אַנדערעס, ווי
נאָר אום ניט צו לאָזען איין מחנה פינ־
סטערלינגע אונטערדריקען אַ צווייטע,
איז עס אויך די פליכט פון דעם דענ־
קענדען מענשען אימער צו שטעלען זיך
געגען די אונטערדריקער".

# דער אינגסטער שבט

אין גלות זענען מיר אוועק, ווי א געאייניגט פאָלק. אין דער צייט פון חורבן בית שני איז שוין קיין זכר ניט געבליבען פון אונזער פריהערדיגער איינטיילונג אין שבטים. אָבער דאָס גלות־לעבען האָט אונז ווידער דיפערענצירט. מיר זענען באַנאַנ־דער געפאַלען אין איינצעלנע שבטים, וואָס שיידען זיך זעהר שטאַרק אָב איינער פון דעם אנדערען. צווישען דעם רוסיש־אידישען שבט און דעם ענגליש־אידישען שבט ליעגט א סך א גרעסערער תהום איידער א מאָל צווישען יהודה און אפרים.

אין פאר אונזערע אויגען ווערט געבוירען א נייער שבט, דער אינגסטער, און ער ווערט געבוירען אונטער אזעלכע בעדינגונגען, וואָס פערשפרעכען איהם א גלענצענדען וואוקס און א בכבוד'ע ראָליע אין דעם לעבען פון דעם גאנצען פאָלק. סאַי עקאָנאָמיש, סאַי קולטורעל האָט ער שוין אריבערגעשטיגען דעם מעמד פון זיינע ברידער אויף יענער זייט ים.

אין פערגלייך מיט דער לאַגע אין רוסלאַנד און גאַליציע, וואו עס געפינען זיך די מאַיאָריטעט פון אונזער פאָלק, איז די עקאָנאָ־מישע לאַגע פון דעם נייעם, — א מ ע ר י ק א נ י ש ־ א י ד י ־ ש ע ן, — שבט כמעט א גן־עדן.

נאָך די ערשטע פאָר יאָהר גיהנום, וואָס דער ניי אריבערגע־קומענער האָט דאָ אין דורכשניט אויסצושטעהן, הויבט ער אָן צו פערדיענען זיין חיונה דאָס רוב דורך האנד־ארבייט, און ווען אפילו די שכירות זענען זעהר ווייט פון צו זיין א גערעכטער לוין פאר דער ארבייטס־קראפט, וואָס ער גיט אויס, — אין דערינען זענען שוין שולדיג די יסודות פון דעם איצטיגען סאָציאלען פיהר, — זענען זיי דאָך דורכשניטליך אזוי הויך, אז זיי גיעבען דעם אידישען ארבייטער די מעגליכקייט צו פיהרען א לעבען, פון וועלכען ער האָט קיין אהנונג ניט געהאט אין דער אלטער היים.

„מיר עסען דאָ אַלע טאָג פֿלייש", האָט מיר אַ מאָל אַן אַר־בייטער געזאָגט, ווען מיר האָבען זיך פאַנאַנדער גערעדט וועגען די מעלות און חסרונות פון אונזער אידישען לעבען „דאָרטען" און „דאָ". עס איז גאָר קיין ספק ניט, אַז, ניט קוקענדיג אויף דעם גרויסען יקרות, וואָס דאָ הערשט, דערנעהרט זיך דאָ די אידישע ארבייטערשאפט אַ סך רייכליכער און געזינטער, איידער זי האָט דאָס געקאָנט טהאָן אין דער היים.

און דאָס אייגענע איז אמת מכוח אַלע אנדערע פּרטים פון דעם מאַטעריעלען זיין.

ניט קוקענדיג אויף די צונויפגעפּרעסטקייט אין די גרויסע אידישע גהעטאָ'ס, אויף דעם שמוץ אין די אידישע גאַסען און אין די אידישע הייזער, האָבען די וואוינונגען פון דער אידישער אר־בייטערשאפט אפילו אין די געדיכטסטע גאַסען פון דעם אידישען דיסטריקט אין נויאָרק אַ סך מעהר רוים, לופט, זונען־שיין און הי־גיענישע בעקוועמליכקייטען, איידער אַ ווילנער „הויף", אָדער אַ נאַלעווקער „קעלער־שטוב", אָדער אַ וועלכער עס איז אנדערער אָרעמער אידישער קוואַרטאַל אין אַ וועלכער איהר ווילט געבענש־טער אידישער שטאָדט פון יענער זייט ים.

אזוי פערזיכערען אַלע די, וואָס געדענקען נאָך דעם טעם פון די אידישע היימען אין דער אַלטער היים. און פון מיין אייגענער ערפאהרונג, וואָס האָט זיך אַ ביסעל אָנגעשמעקט אָרעם אידיש גהעטאָ־לעבען אין גאַליציע, אונגארן, ווהייטשעפּעל (לאָנדאָן) און אמסטערדאם (האָלאַנד), (דאָס אָרעם אידיש לעבען אין רוסלאַנד איז מיר גראָד ווענינער בעקאַנט), קאָן איך מיט אַ פולער זיכער־קייט ארויסשטעלען די בעהויפּטונג, אַז אפילו העסטער סטריט און ריווינגטאָן סטריט גיעבען אַ סך מעהר לופט און ליכט צו זייערע איינוואוינער, איידער די אייראָפּעאישע גהעטאָ'ס.

און די ק ל י י ד ו נ ג פון דעם אידישען ארבייטער שטעהט געוויס ניט הינטער זיין שפּייז און זיין וואוינונג: עס קאָן נאָך זיין, אַז ער פוכעלט אַ ביסעל אונטער אין דעם פּרט פון מלבושים אויף דעם חשבון פון אנדערע נויטיגע בעדערפניסען.

דער מאַטעריעלער מעמד פון דער אידישער ארבייטערשאַפט וואָלט געווען נאָך אַ סך גינסטיגער, ווען זי וואָלט געווען בעסער אָר־

גאַניזירט אין איהר עקאָנאָמישען קאמף, כדי צו בעקומען העכערע שכירות, ווען זי וואָלט דורך קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונגען בע־סער אויסגענוצט די שכירות, וואָס זי בעקומט: ווען זי וואָלט גע־שטאַנען אויף אַ העכערער קולטורעלער מדרגה און וואָלט פערשטאַ־נען, ווי אָנצואווענדען די איינפאַכסטע כללים פון דער היגיענע, און ווען זי וואָלט ניט בעדאַרפט אַזוי פיעל שפּאָרען און אָב־שפּאָרען מזומנים, טיילס צו העלפען די קרובים אין דער אַל־טער היים, טיילס אָנצוקלייבען אַ ביסעל קאַפּיטאַל אויף ארויסצו־רייסען זיך פון דעם ארבייטער־שטאַנד.

דער לעזער פערשטעהט, האָפענטליך, אז איך בין זעהר ווייט פון צו בעטראַכטען דאָס עקאָנאָמישע לעבען פון דעם אידישען אַרבייטער אין אַ ראָזאָווען שיין. זאָל דאָס איהם, דעם ארבייטער, אין גיכען צוקומען, וואָס איהם פעהלט, און הלואי בעקומט ער באַלד מיטה און שכל ווי דאָס צו קריעגען! אבער עס איז אַלץ רעלאַ־טיוו אין אונזער וועלטעל. איך זאָג נאָר, אז אין פערגלייך מיט די אָרעמע שיכטען פון דער אידישער בעפעלקערונג אומעטום, איז דאָס עקאָנאָמישע לעבען פון דער היגער ארבייטערשאַפט שוין דער־פאר אליין אַ גן־עדן, וואָס זעהר אַ גרויסער פּראָצענט פון איהר עסט זיך דאָ אָן צו־דער־זאַט, וואָס אזא קליינער פּראָצענט פון איהר איז דאָ געצוואונגען צו פיהרען דעם הונגעריגען, אָדער האַלב־הונגע־ריגען לעבען פון דער היים.

די ארבייטער זענען דער אָרעמסטער טייל פון דער אידישער בעפעלקערונג, און אויב וועגען זייער מעמד קאָן מען שוין זאָגען אַ גוט וואָרט, קאָנט איהר זיך משער זיין, ווי גינסטיג עס מוז זיין דער מעמד פון די העכערע באַלאַבאַטישע שיכטען. דאָ דאַרפען מיר שוין אפילו ניט געברויכען דעם שטאַנדפּונקט פון רעלאַטיוויטעט. דער איינדרוק, וועלכער יעדער איינער געווינט פון דעם מיטעלערען און העכערען באַלאַבאַטישען לעבען איז אזאַ, אז דאָ אין אמעריקא פער־דיענט מען די „געשמאַקע דאָלארס" און מען פיהרט פאר זיי אַ גע־שמאַקען פעטען לעבען, מיט דעם שמאַלץ, וואָס רינט אריבער די ליפּען.

איך האָב מיך אַביסעל לענגער אָבגעשטעלט אויף דער מאַטע־ריעלער זייט פון אונזער עקזיסטענץ אין „גלות־אמעריקא", ווייל

מיר מעגען זיין ווי אידעאַליסטיש געזינט, מיר מעגען ווי גוט גע־
דענקען, אז ניט צוליעב דעם שמאַלץ, וואָס רינט אריבער די ליפּען,
לעבט דער מענש אויף דער וועלט, מוזען מיר פּאָרט איינזעהען, אז
דער עקאָנאָמישער מעמד איז דער י ס ו ד פון דעם פאָלקס־לע־
בען. עס איז דעריבער זעהר וויכטיג צו האָבען אין אויג, אז ווע־
גענסטענס אין איין פּרט קענען מיר זיין שטאָלץ אויף אונזער עקאָ־
נאָמישער לאַגע: אין דעם פּרט, וואָס אונזער פאָלק הונגערט ניט
אַזוי אָפט און אזוי אינטענסיוו, ווי אין דאָס רוב אַלטע היימען.
דער „חומר" האָט דאָ די מעגליכקייט צו קומען צו זיין רעכט און
צוזאַמענצובערענגען נייע אידישע דורות מיט א העכערען וואוקס, אן
אויסגעגלייכטען הוט השדרה, א ברייטערען ברוסט־קאַסטען, שטאַר־
קערע מוסקעלן און א סך א רייכערען בלוט אין די אָדערן.

דאָס איז מכוח דעם גוף. וואָס איז שייך די „נשמה", איז דאָס
בילד פון אונזער יונגען שבט שוין ניט אזא דערפרעהליכעס, אָבער
אויך דאָ דאַרפען מיר ניט פערגעסען דעם שטאַנדפּונקט פון ר ע־
ל א ט י ו ו י ט ע ט און נאָך מעהר מוזען מיר געדענקען, אז
היסטאָריש גענומען, זענען מיר ערשט אייערנעכטען פון שיף אראָב,
און אראָב זענען מיר הונגעריגע און אויסגעצעהרטע, אזוי אז עס
איז קיין ברעקעל חדוש ניט, וואָס מיר האָבען זיך אין דער ערש־
טער מינוט א וואָרף געטהאָן אויף דער בעפריעדיגונג פון די מאַטע־
ריעלע בעדערפניסען, און די „העכערע עולמות" אָבגעשטופּט א ביס־
סעל אָן א זייט.

האָט מען אָט די צוויי אומשטענדען אין זין, ווען מען בע־
טראַכט דעם קולטור־מעמד פון דעם אידישען פּאָלק אין אמעריקא,
מוז מען, דוכט זיך, קומען צו דעם רעזולטאַט, אז אויך אין דעם
פּרט פון דער קולטור, — אין דעם געוועהנליכען זין פון בילדונג
און אויפקלעהרונג, האָבען מיר זיך ניט וואָס צו שעהמען פאר אונ־
זערע ברידער ערגעץ וואו אנדערש, און מיר קאָנען אין א סך פּרטים
נאָך זיין שטאָלץ מיט דער קולטור־מדרגה, אויף וועלכער עס האָט
זיך דאָ אויפגעהויבען אונזער פאָלק.

איך רעד שוין ניט וועגען יענע צעהנדליגער טויזענדער אי־
דען, דאָס רוב פון דער יונגער אריבערגעקומענער אָדער היגער גע־
בוירענער יוגענד, וואָס זענען צוגעשטאַנען צו דער אמעריקאַנע־

קולטור און זעהר אָפט אריבער געיאָגט אין איהר דעם איינגעבאָרענעם אמעריקאנער. נעהמט מען אפילו די קולטור אין דער אידישער שפּראַך, — אַ קולטור, וואָס איז אַזוי אָרעם אין שאַפענדע כוחות, ווייל די שאַפענדע כוחות שטודירען נאָך אין דער פרעמד,— אַ קולטור וואָס ווערט בדרך כלל בעשאַפען פון דעם עם־הארץ אויף דעם עקאָנאָמישען חשבון פון דעם עם־הארץ, — מוז מען אויך מודה זיין, אַז אַזאַ רייכע מ אַ ס ע ן - קולטור האָט אונזער פאָלק ניט אַרויסגעבראכט אין ערגעץ ניט.

טעגליכע צייטונגען מיט אַ לעזערשאַפט, וואָס צעהלט אין הונדערט־טויזענדער; זשורנאַלען פאר אַ קליינער צאָהל היימישער אויפגעצויגענער האלב־ און פערטעל־אינטעליגענץ, וואָס שטייגען אַריבער אין זייער ערנסטקייט, ליטעראַרישען ווערטה און סאָציאַל־פּראָגרעסיווער טענדענץ דעם געוועהנליכען אמעריקאנער „מאַגאַזין"; טהעאַטערע און וואָדעוויל הייזער; לעקציעס, וואָס ווערען גוט בעזוכט, און ביכער, וואָס ווערען גוט געקויפט, — בעסער איידער ערגעץ־וואו אנדערש, — דאָס אלץ האָט שוין בעשאַפען אַן אייגענע אידישע קולטור־אַטמאָספערע, וואָס האַלט אויס, גוט אָדער שלעכט, דעם זשורנאַליסט, און דעם לעקטאָר, און דעם דיכטער, און דעם פּובליציסט, און דעם טהעאָרעטיקער.

און אָט די אמעריקאניש־אידישע קולטור־אַטמאָספערע האַלט נאָך אין גאָר די ערשטע קינדער־יאָהרען. מען קאָן זיך לייכט פאָרשטעלען ווי מעכטיג זי וועט זיך מוזען פאנאַנדערוואקסען, אין יענער צייט, ווען אונזערע קינדער, אָנגעזעטיגט מיט קולטור אין דער פרעמד, וועלען זיך אומקעהרען צו זייער אויפגאבע אין דער היים. יענע צייט איז שוין ניט ווייט פון אונז. זי ווערט געבוירען פאר אונזערע אויגען. די ערשטע שוואַלבען זענען שוין געקומען צו פליהען, און זיי בויען זייערע נעסטער, און עס הערט זיך שוין אין דער לופט זייער פרעהליכער צוויטשערן.

איהר זאָגט איך קוק אויף דער זאַך צו אָפּטימיסטיש? איך וועל אייך זאָגען, פון וואַנען מיין אָפּטימיזם שטאַמט. ער פליסט ארויס פון מיין אבסאָלוטען גלויבען אין די לעבענס־כוחות און דעם לעבענס־דורשט פון אונזער פאָלק.

מיר זענען דאָ אין אמעריקא א פּאָר מיליאָן אידען און באַלד

וועט אפשר פערדאָפּעלט ווערען אונזער צאָהל. עס לעבט אין אונז ווי ביי אונזערע עלטערן און עלטער־עלטערן, דער דאָרשט צו לעבען ווי א פאָלק, וואָס קאָן נאָר אויף א ווײַלע אונטערדריקט ווערען אָבער קיינמאָל ניט אויסגעלאָשען ווערען: נאָך די ערגסטע רדיפות. נאָך די געפעהרליכסטע שמד־מגפות, נאָך די וויסטעסטע משיח־פאנטאזיעס, ווען דער לעצטער פונק פון דעם פאָלקס־לעבען האָט, דאכט זיך, געהאלטען ביים אויסגעהן, האָט אונזער פאָלק אלע מאָל ווידער אויפגעבליהט, זיך אלע מאָל ווידער אויפגעבליהט, זיך אלע מאָל ווידער פאנאנדערוואקסען מאטעריעל און גייסטיג, ווי נאָר ער האָט געפונען א פּלאַץ, וואו ער האָט געקאָנט פריי אָבעטהעמען.

אמעריקא איז איצטער אָט דער פּלאַץ. און דאָ פאר אונזערע אויגען שפּיעלט זיך איצטער אָב א וויכטיגער פּראָצעס אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק: דאָס געבוירען ווערען פון א פרייען, שטאָלצען אידישען שבט, וואָס וועט אפשר איבערנעהמען די העגעמאָניע אין דעם ווייטער שפּינען פון דעם אידישען געשיכטליבען פּאָדים, וואָס וועט על־כל־פנים זיין א טייל פון דעם אוואנגארד אין יענעם לעבענס־קאמף, וואָס אונזער פאָלק איז געצוואונגען צו פיהרען פאר א חשוב'ער גערזיכערטער עקזיסטענץ און פאר א פּראָגרעסיווער ענטוויקלונג.

19טער מאַי, 1915.

# אונזער צוקונפט דאָ אין לאַנד

קיינער קאָן ניט וויסען, וואָס עס וועט זיין די צוקונפט פון אונזער פאָלק ניט דאָ אין לאַנד, ניט ערגעץ־וואו אין דער וועלט. פון דעסטוועגען מוזען כמעט אַלע אונזערע האנדלונגען, — איך מיין, פערשטעהט זיך, די עפענטליכע, — אָבהענגען פון דעם, ווי אַזוי מיר שטעלען זיך פאָר יענע צוקונפט. אָפט מאָל שמועסען מיר זיך איין, אז מיר ו ו י י ס ע ן גאַנץ פּאָזיטיוו, וועלכער גורל עס איז אונז בעשערט; אז מיר קאָנען איהם אויסרעכענען אויף דעם סמך פון גאַנץ זיכערע וויסענשאַפטליכע הנחות. נאָך עפטער זענען מיר זיך משער ווי אַן ערך עס וועט זיך ע ל פ י ו ו א ה ר ש י י נ־ ל י כ ק י י ט אויסקריסטאַליזירען אונזער לעבען אין אזוי פיעל און אזוי פיעל דורות ארום.

די גאַר ווייניגע, וואָס זענען שוין מעהר בעהאַוונט איך די בעדינגונגען פון היסטאָרישען וויסען, פערשטעהן, ווי שווער עס איז אפילו על פי וואהרשיינליכקייט צו זאָגען נביאות וועגען דער צו־קונפט פון א פאָלק, און אנשטאַט צו פרעגען: וואָס ו ו ע ט זיין די צוקונפט? — שטעלען זיי אוועק די שאלה: וואָס ז אָ ל יע־נע צוקונפט זיין? צו וועלכען ציעל זאָלען מיר שטרעבען אין אונזער ארבייט צוליעב איהר? אָבער אויך זיי מאָלען זיך אוים די קינפ־טיגע צייט, לויט די פאָדערונגען פון זייער אידעאַל.

וואָלטען מיר, צ. ב., געוואוסט אויף זיכער, אז די געשיכטע האָט פער׳משפט די אידען אין פוילען צונויפצוגיסען זיך מיט דעם פוילישען פאָלק אין שפראַך, קולטור און אלע אנדערע פרטים פון דעם נאַציאָנאַלען לעבען, וואָלטען מיר אסור געהאַט דעם מוטה צו קעמפפען פאַר דער נאַציאָנאַלער גלייכבערעכטיגונג פון דעם אידי־שען פאָלק און פאַר יענע רעכטליכע אינסטיטוציעס, וואָס זאָלען איהם געבען די מעגליכקייט צו פיהרען דאָרטען אַן אייגענעם אידי־שען לעבען.

עס וואָלט אונז ווייניג געאַרט, וואָס דערוויילע, אין א משך פון פופציג אָדער הונדערט יאָהר, וועלען די אידען ניט קאָנען פול אויס־נוצען זייער בירגערליכע גלייכבערעכטיגקייט, ווייבאלד זיי וועלען ניט אויסגעגליכען ווערען אויף אין זייערע נאַציאָנאַלע רעכט: — וואָס פאַר א ראָלע שפּיעלען א פופציג — הונדערט יאָהר אין דעם לעבען פון א פאָלק? צוליעב וואָס לעגען שטיינער אין וועג דער אונפער־מיידליכער אסימילאציע? צוליעב וואָס בעשאַפען מיטלען, וואָס קאָנען האָבען נאָר איין זין: אויפצוהאַלטען א פאָלק אין א צו־שטאַנד פון א הין־הער־פּלעט, פערלענגערען זיין אגאָניע און נאָך שווערער מאַכען זיין אונפערמיידליכען טויט?

מיר קעמפען פאַר נאַציאָנאַלע רעכט אין פּוילען, ווי אין אלע סלאַווישע לענדער דערפאַר, ווייל מיר שטעלען אונז פאָר, אז די צוקונפט פון אונזער פאָלק וועט דאַרטען אָננעהמען די פאָרם פון א זעלבסטשטענדיגען נאַציאָנאַל־אידישען לעבען. אייניגע פון אונז גלויבען זיכער און פעסט, אז אנדערש קאָן עס ניט זיין, אנדערע מיי־נען, אז דאָס וועט מ ס ת מ א ארויסוואַקסען פון די טענדענצען וואָס בעהערשען דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען. ווידער אנדערע קעמפען פאַר אזא צוקונפט דערפאַר, ווייל זיי ווינשען מיט'ן גאַנ־צען הארצען, אז אזוי ז אָ ל דאָס זיין, ווייל זיי ו ו י ל ע ן עס, ווייל דאָס איז גוט פאַר אונז.

אויך בנוגע צו אמעריקא מוז יעדער עפענטליכער אידישער טהוער האָבען א קלאָרען בעגריף וועגען אונזער צוקונפט דאָ אין לאַנד, מיט וואָס פאַר א וויסענשאַפטליכען אָדער מאָראַלישען סאָום ער זאָל ניט בעגיסען זיין צוקונפטס־בילד. נאָר יעמאָלט, ווען ער זעהט פאַר זיינע גייסטיגע אויגען די יסודות פון אונזער צוקונפטי־גער עקזיסטענץ, קאָן ער האָבען א קלאָרען ציעל, צו וועלכען ער זאָל שטרעבען אין זיין געזעלשאַפטליכער טהעטיגקייט, קאָן ער אויסקלייבען און אָבשאַצען די מיטלען, וואָס זאָלען פיהרען צו יע־נעם ציעל.

אויך דער שרייבער פון די ציילען האָט, ווי יעדער איינער פון אינז, אויסגעאַרבייט א פאָרשטעלונג וועגען דעם, אין וואָס פאַר א פאָרם עס וועט זיך אויסגיסען אונזער לעבען אין אמעריקא.

עס איז דאָ ניט מיין אויפגאַבע אויסצושפּינען אלע יענע אַר־

גומענטען, וואָס האָבען מיך געפיהרט צו א געוויסען בילד פון אונ־זער צוקונפט דאָ אין לאַנד, דאָס דאַרף איבערגעלאָזען ווערען פאר גרעסערע אונטערזוכונגען. דאָ וויל איך איבערגעבען נאָר די יסודות פון יענעם בילד. איך מוז אבער דערביי בעמערקען, אז ער האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין א פריוואט־מיינונג פון א פאָר איינ־צעל־מענשען. עס מעהרען זיך גרופען און יחידים, וועלכע האָבען דיזעלביגע פאָרשטעלונג וועגען אונזער צוקונפט דאָ אין לאַנד, ווי מיר, און ביי וועמען יענע פאָרשטעלונג הויבט אָן צו שפּיעלען די ראָליע פון דעם ע נ ד צ י ע ל, וואָס בעהערשט אלע בעשטרע־בונגען אין זייער אמעריקאניש־אידישער טהעטיגקייט.

ראשית גלויבען מיר, אז דער יסוד פון אונזער לעבען אין אמע־ריקא וועט זיין נ י ט די אידישע רעליגיע, נאָר די אידישע נאַ־ציאָנאַליטעט. אין דער אמת'ן איז דאָס אויך איצטער אזוי און עס איז אלעמאָל און אומעטום אזוי געווען. אידען האָבען אומעטום אין גלות געלעבט ווי א נאַציאָנאַלע מינאָריטעט, אומעטום געפיהרט דעם קאמף פאר דער מעגליכקייט צו לעבען ווי א נאַציאָנאַלער מעוט. ביז דער צייט פון דער אסימילאַציע האָבען מיר קיין מאָל און אין ערגעץ ניט געלייקענט דעם נאַציאָנאַלען כאראקטער פון אונ־זער עקזיסטענץ. מיר האָבען געדולדיג אריבער געטראָגען די גרוי־זאַמסטע פערפאָלגונגען, כדי נאָר צו בלייבען טריי צו אונזער פאָלק. מיר זענען תמיד געווען אָנגעגרייט אָבצוטרייסלען פון אונזערע פיס דעם שטויב פון יענעם לאַנד, וואָס האָט ניט געקאָנט אריבערטראָ־גען אונזער בעזונדערע עקזיסטענץ, ווי א פאָלק.

ס'איז אמת: די כלי־זיין אין אונזער קאמף פאר אַן אייגענער עקזיסטענץ, ווי א נאַציאָנאַלער מעוט, איז געווען די רעליגיע. אָבער ניט די רעליגיע האָט אונז בעשאפען ווי א פאָלק און ניט א דאנק איהר זענען מיר געווען און זענען נאָך עד היום א בעזונדער פאָלק. מ י ר האָבען בעשאפען די רעליגיע, און דאָס יודענטהום עקזיס־טירט א דאַנק דעם פאקט, וואָס עס איז דאָ א אידיש פאָלק אויף דער וועלט. מיר האָבען אונזער רעליגיע דערהויבען צו דער מדרגה פון א נאַציאָנאַלען חוב פאר יעדען אידען, ווייל אונזער פאָלק האָט זיך געגויטיגט אין דעם און ווייל זי האָט געהאט אין זיך די קראפט צו דערהאַלטען אונז ווי א נאַציע. איצטער פ ע ר וו א נ ד ל ע ן

מיר זי אין א רשות פאר יעדען איינצעלנעם, ווייל אין אונזער צייט מוז דעם יחיד געגעבען ווערען דאָס רעכט צו גלויבען אין וואָס ער וויל.

דערמיט גופא פערליערט די רעליגיעזע אידישקייט איהר נאַציאָנאלען ווערטה, און אונזער עקזיסטענץ הויבט זיך אָן איבערצובויען אויף ריין וועלטליכע יסודות, וואָס האָבען קיין ברעקעל שייכות ניט צו איינעמ׳ס גלויבען אָדער ניט גלויבען.

ערגעץ טרעט ניט ארוים אזוי בולט דער וועלטליך־נאַציאָנאלער כאַראַקטער פון אונזער עקזיסטענץ, ווי גראד ביי אונז אין לאַנד. די „קאָנגרעגיישאָנס“, — די אָפיציעלע רעליגיעזע פערבאנדען, — שפּיעלען קיין שום ראָליע ניט אין אונזער עפענטליכען לעבען, און די אינסטיטוציעס, וועמעס שטים עס לאָזט זיך הערען אין אונזער עפענטליכקייט, האָבען קיין ברעקעל שייכות ניט צו דעם רעליגיעזען גלויבען. דאָס זענען אָרדענס, רינגען, אַרטשאַפטס־פעראייניגען („די אנשי בני“), פּאָליטישע פּארטייען, געווערקשאפטען, צייטונגען און זשורנאלען, וואָס דארפען בעפריעדיגען די אָדער יענע וועלטליכע נויטען פון זייערע אידישע מיטגליעדער, אַנהענגער אָדער לעזער.

אפילו די אידישע קהילה אין ניו יאָרק, וואָס האָט נאָך ניט אראָבגעקראצט פון איהרע פענסטער די בעקאנטע אויפשריפט: „בשר כשר“, האלט אויך פאר איהר חוב צו דערקלערען, אז זי איז געבויט געוואָרען ניט נאָר פאר דעם גלויביגען, נאָר אויך פאר דעם ניט־גלויביגען אידען. לויט איהרע גרונד־פּרינציפּען, דארף זי פעראייניגען אין זיך דעם פרומען ווי דעם פריידענקער, דעם באלעבאָס, ווי דעם ארבייטער, דעם בירגערליכען, ווי דעם סאָציאליסט.

אין וואָס קאָנען דען אידען זיין פעראייניגט, ווען מען רעכענט זיך ניט מיט זייער רעליגיע, זייער קלאסען־לאגע, זייער פּאָליטישע ריכטונג עס בלייבט נאָר דער נאַציאָנאלער פאקט, אז מיר זענען אידען, ווילען לעבען ווי אידען, וואָס האָבען אלגעמיין־אידישע, ד. ה. נאַציאָנאלע נויטען און אינטערעסען.

דער נאַציאָנאלער אידישער מעוט פון אמעריקא וועט דאריבער דארפען ווידער אויפהויבען זיין קאמף פאר זיין נאַציאָנאלער מינאָריטעטען־עקזיסטענץ, ווי אין די צייטען, וואָס פאר דער אסימי־

לאַציע; זיין אָנגעגרייט צו טראָגען די גרעסטע קרבנות פאר אָט דער עקזיסטענץ, ווי א נאַציאָנאַלע מינאָריטעט, און אָבצוטרייסלען דעם שטויב פון די פיס און ווידער נעהמען דעם וואנדער־שטאָק אין די הענד, אויב דאָס לאַנד וועט ניט קאָנען דולדען אונזער עקזיסטענץ, ווי א פאָלק.

צום גליק האָבען מיר ניט וואָס מורא צו האָבען פאר אזא פערספעקטיווע. מיר לעבען ניט אין שפאַניען אין דער באַרבאַרישער צייט פון דעם מיטעל־אַלטער, ניט אין פוילען און רוסלאַנד אין דער באַרבאַרישער צייט פון דעם איצטיגען וועלט־קריעג. מיר לעבען אין איינעם פון די פרייעסטע לענדער אין דער וועלט, וואָס קאָן ניט פערווערען קיין גרופע צו לעבען ווי זי וויל, בתנאי, זי זאָל זיין איבערגעגעבען צו דעם פאָליטישען און סאָציאַלען פאָרטשריט פון דעם לאַנד, בתנאי, זי זאָל ליעבען דעם פרייהייטליכען כאַראַקטער פון זיינע אינסטיטוציעס און געזעצען, אויף וויפיעל זיי זענען פרייהייטליך און גערעכט.

די תנאים נעהמט די אידישע נאַציאָנאַלע גרופע אויף זיך מיט דעם גרעסטען תענוג, ווייל קיין נאַציאָנאַלע גרופע אין דער וועלט איז ניט אזוי פעראינטערעסירט, ווי זי, אז די יסודות פון דעם עפענטליכען לעבען זאָל זיין געבויט אויף פרייהייט און גערעכטיגקייט.

מיר שטעלען זיך ווייטער פאָר, אז אונזער נאַציאָנאַל־קולטורעל לעבען דאָ אין לאַנד וועט זיין געבויט אויף דעם פונדאַמענט פון דער אידישער שפּראַך, אין וועלכער מיר וועלען אריבערנעהמען אלע וויכטיגע אוצרות פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור, ווי אויך פון אונזער אייגענעם רייבען העברעאישען עבר.

מיר וועלען ערציהען אונזערע קינדער אין דער דאָזיגער שפּראַך און וועלען בעשאפען אייגענע פעדאַגאָגישע אינסטיטוציעס פון דער פאָלקס־שוהל ביז צו די העכסטע אוניווערסיטעטען און ספעציעלע שוהלען, אין וועלכע מיר וועלען זיך נויטיגען, ווי אידען און מענשען.

מיר וועלען געצוואונגען זיין דאָס צו טהאָן מחמת די פאָלגענדע טעמים: געדענקט, מיר לעבען דאָ אין לאַנד, ווי מיר האָבען די גאַנצע צוויי טויזענד יאָהר אָבגעלעבט אומעטום, ווי א נאַ־

צ י אָ נ אַ ל ע  מ י נ אָ ר י ט ע ט, וואָס האָט ניט קיין איין ברעקעלע אייגענע טעריטאָריע אונטער איהרע פיס, געשטיצט נאָר אויף א  ג י י ס ט י ג ע ר  מאַכט, וואָס פעראייניגט אונז אומעטום, ווי מיר זיינען. די גייסטיגע מאַכט איז בעשטאַנען אין אַ בעשטימטען גלויבען. איצטער זעהען מיר איין, אַז  ק י י ן  גלויבען קאָן ניט שפּיעלען די ראָליע פון אַ נאַציאָנאַלען צעמענט, ניט קיין רעליגיעזער גלויבען און ניט קיין פריי־דענקערישער; ניט קיין פּאָליטישער און ניט קיין סאָציאַלער גלויבען. קיין אידעע אין דער וועלט קאָן ניט פעראייניגען אַלע אידען, ווייל אַן אידעע איז אַ הארצענס־זאַך, אַן אינטימע איבערלעבונג פון דעם יחיד און דער יחיד בלייבט איהר אָנהענגער נאָר אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל ער איז מיט איהר מסכים.

אַן אידעע, ווי גרויס און הייליג זי זאָל ניט זיין, וועט פערמאַסקירען דעם תוך פון אונזער זיין, דעם ריין נאַציאָנאַלען כאַראַקטער פון אונזער עקזיסטענץ. אַן אידעע וועט אונז פערוואַנדלען אין אַ רעליגיע, אַ סעקטע, אַ פּאָליטישע פּאַרטיי, אַ פילאָזאָפישע ריכטונג, אַן עטישען קאָנווענטיקעל. מיר זענען אָבער מעהר איידער דאָס; מיר זענען עפּעס, וואָס נעהמט דאָס אַלץ אריין אין זיך. מיר זענען אַ פאָלק. און די גייסטיגע מאַכט, אויף וועלכער מיר בויען אונזער נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ, דאַרף זיין דער קלאָרער אויסדרוק פון דעם פאַקט, אַז מיר זענען אַ בעזונדער פאָלק. דאָס דאַרף זיין אַ מאַכט, וואָס איז צוגענגליך צו יעדען איינעם פון אונז, ווייל יעדער איינער פון אונז איז אַ קינד פון אונזער פאָלק. דאָס דאַרף זיין אַ פאָלקס־מאַכט, וואָס נעהמט ארום דאָס לעבען פון יעדען אידען פון דעם וויגעלע ביז'ן קבר, ווייל יעדער איד איז אַ איד פון דעם וויגעלע ביז'ן קבר. דאָס דאַרף זיין אַ מאַכט, וואָס בינדט אַלעמען צונויף אין איין אידישען זיין און לאָזט אַלעמען פריי אין אַלע זייערע אַנשויאונגען, גלויבונגען, האָפנונגען, האַנדלונגען. דאָס דאַרף זיין אַ גייסטיגע מאַכט, וואָס זאָל ניט נאָר ניט גערן להיפך צו דעם אַלגעמיין־מענשליכען פראָגרעס, נאָר וואָס זאָל קאָנען ווערען אַ ווערקצייג אין זיינע הענד, כדי אריינצוטראָגען זיינע פאָדערונגען אין אַלע ווינקעלעך פון דעם פאָלקס־לעבען.

אַזאַ גייסטיגע מאַכט איז נאָר די אידישע שפּראַך, און דערי־

בער וועט אונזער פאָלק דאָ אין לאַנד בויען זיין נאציאָנאלע צוקונפט אויף איהר יסוד. און אונזער פאָלק טהוט דאָס איצטער דאָ, ווי ער הויבט דאָס אָן צו טהאָן אומעטום. אָבער אין ערגעץ ניט ווערט דאָס ניט געטהאָן מיט אזאַ'ן אימפעט, מיט אזא ערפאָלג, ווי דאָ, ביי אונז אין לאַנד.

29טער מאַי, 1915.

# אַ פערשאָלטענע שאלה

יצחק אייזיקס אַרטיקעל וועגען די אידיש־אַמעריקאַנישע געלע פּרעסע*) איז געווים ווערטה מען זאָל זיך אויף איהם אָבשטעלען באריכות. ער ריהרט אָן אַ פּונקט, וואָס איז זעהר וויכטיג פאַר דעם לעבען פון׳ם אידישען פאָלק אין אַמעריקאַ און פאַר דעם גורל פון זיין ווייטערדיגער פּראָגרעסיווער ענטוויקלונג. דער ענין פערדיענט אַרום גערעדט צו ווערען פון אַלע זייטען מיט יענע אָפּענקייט און פרייהייט, וואָס ווערען פערלאַנגט ביי יעדער ערנסטער אונטערזוכונג פון אַן ערנסטער קרענק; בפרט, אַז פון דער קרענק ליידט דאָס גאַנצע גייסטיגע לעבען פון אונזער פאָלק אין דער נייער וועלט.

איך האָף דעריבער, אַז דער אַרטיקעל וועט צוציהען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע ערנסטע דענקענדע מענשען אין אונזער ראַדיקאַלער בעוועגונג און אַז זיי וועלען זיך אַרויסזאָגען וועגען דער „פערשאָלטענער שאלה“, וואָס ער וואַרפט אויף, יעדער לויט זיין שטאַנדפּונקט, אָבער אַלע נאָך דעם פּרינציפּ: „וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף דער צונג“.

ליידער בין איך אַליין נאָך צו ווייניג אין׳ם לאַנד, בין צו ווייניג בעקאַנט מיט דער געשיכטע פון דער ראַדיקאַל־אידישער בעוועגונג אין אַמעריקע, האָב צו ווייניג שטודירט די פּרעסע, איך זאָל מיר קאָנען ערלויבען אַרויסצוטרעטען ווי אַ מומחה אין דעם ענין, ניט נאָר כדי אָבצושעצען די קרענק גופא, — דערצו דאַרף מען קיין גרויסער מומחה ניט זיין, — נאָר כדי אויסצוגעפינען איהרע אורזאַכען און ריכטיג אָבצואָווענען די שולד פון יעדעם איינצעלנעם פאַקטאָר, וועמען מיר האָבען זי צו פערדאַנקען. ווי אַ דרויסען־מענש, מוז איך אָבוואַרטען מיט מיין סוף־כל־סוף׳יגער מיינונג, ביז דער ענין וועט

*) זעה „דאָס נייע לעבען“ העפט 7 און 8.

בעלויכטען ווערען פֿון אַלע זייטען. דערווייל האַלט איך אָבער פֿאַר מיין חוב, מיטצוטיילען אייניגע געדאַנקען, וואָס מוזען, ווי מיר דוכט, אויך אַריין גענומען ווערען אין חשבון, אויב מען וויל געפֿינען דעם ריכטיגען סך הכל.

יצחק אייזיק פֿליסט זיך צו בעווייזען, אַז די ראַדיקאַלע פּרעסע, — דער „פֿאָרווערטס" און די „וואַרהייט", — זענען אין זייער איצ־טיגער געשטאַלט ניט מעהר, ווי קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען, וואָס האָבען שוין לאַנג פֿערגעסען אָן אַלע אמאָליגע געטער און האָבען נאָר איין גאָט אין הארצען: די צירקולאַציע, דעם פּערקויף. פֿון דעם נאָכיאָגען זיך נאָך דער מאַסע שטאַמט זייער געלקייט. פֿון דער אַנדער זייט אָבער גיט ער אונז צו פֿערשטעהן, אַז די אידישע ראַדיקאַלע מאַסע נויטיגט זיך ניט אין דעם געלען האָניג, וואָס מען גיט איהם, און אויב זי, „געהט אויף איהם", איז דאָס ניט דערפֿאַר, וואָס זי ווערט פֿון איהם צוגעצויגען, נאָר דערפֿאַר, וואָס זי האָט, נעבעך, קיין אַנדער ברירה ניט.

ווי שטאַרק עס וואָלט זיך ניט געוואָלט גלויבען, אַז יצחק אייזיק איז אין דעם פּרט אין גאַנצען גערעכט, שווימט דאָך אַרויף אַ ספק אין זינען. די אַרויסגעבער פֿון אונזער געלער ראַדיקאַלער פּרעסע זענען ע ר פֿ א ה ר ע נ ע געשעפֿטס־לייט. זיי האָבען געהאַט גענוג צייט אויסצופּרובירען זייערע שיפֿען אין אַלע וואַ־סערען (פֿערשטעהט זיך, ראַדיקאַלע), אָנצושטעלען די זעגלען נאָך אַלע ווינטען (פֿערשטעהט זיך ראַדיקאַלע). און אויב מיר זעהען, אַז זיי יאָגען זיך ניט נאָך ערנסטען לעזע־שטאָף, וועלכען זיי האָבען שוין ניט איין מאָל געפּרובט געבען זייערע לעזער, אַז זיי זעהען תמיד צו פֿערבייטען ערנסטע שרייבער אויף לייכט פֿלאַטערנדע, האַרבע שפּייז אויף „געלען האָניג", איז דאָס געווים אַ סמן, אַז זיי האָבען טאָג טעגליך געמאָסטען די טיעף פֿון אונזער ראַדיקאַלען פֿאַהר־וואַסער און אויסגעפֿונען דעם זיי אינטערעסירענדען אמת.

עס האָט זיך געווים אַרויסגעשטעלט, אַז ווי נאָר זיי פּלעגען אַרויפֿנעהמען עפּעס וואָגיג'ס אויפֿ'ן שיף, אַזוי פֿלעגט עס זיך באַלד נעהמען זעצען אויפֿ'ן זאַמדיגען גרונד; און ווי נאָר זיי פֿלעגען עס אַרויסוואַרפֿען, ווי אַן איבעריגען באַלאַסט, אַזוי פֿלעגט עס ווידער אָנהויבען צו ווערען „פֿלאָט". ביי מענשען, וואָס האָבען דורכגע־

מאַכט, גוט אָדער שלעכט, אַ סאָציאַליסטישען חדר, קאָן איך מיר אנדרעש ניט פאָרשטעלען די „ליעבע" צו דעם געלען האָניג, סיידען זיי האָבען דורך טעגליכע פּראָבעס געגוי און זיכער אויסגעפונען, אַז אויף אָט דעם געלען האָניג, אין פאָרם פון „דער שעהנער אָראַ־בעלא", פון „סאַנין", פון פליאַטקעס, פון געבלויזטע פרויען־בילדער אין די טאָג־נייעס, פליהען מיט גאָר אַן אויסגעצייכענטען חשק אַלע ראַדיקאַלע ביענען און פליעגען...

אי, דער „מאָרגען זשורנאַל" און דאָס „טאַגעבלאַט?" פאַר וואָס זענען זיי ניט געל? — מוז מען אפשר, טאַקי, צוגעבען, אַז דער פאָהר־וואסער, ד. ה., דער קולטור מעמד פון דער אידישער „באַלעבאַטישער" וועלט איז אַ סך רייכער, איידער דער קולטור מעמד פון די ראַדיקאַלע אידישע מאַסען... וואָס פאַר אַ קאָפּ מען האָט, אַזאַ היטעל טראָגט מען.

אָבער — לאָמיר זיך אַ ביסעל מעהר צוקוקען צום „היטעל". לאָמיר זעהען, וואָס קאָן מען זאָגען צו זיין זכות. די געלע פּרעסע האָבען דאָך ניט מיר, אידען, אויסגעטראַכט. מיר האָבען זי אַרוי־בערגענומען פון דער אַמעריקאַנער זשורנאַליסטיק. ס'איז דעריבער אינטערעסאַנט צו פערגלייכען דעם אַמעריקאַנער „דזשוירנאַל" מיט דעם „פאָרווערטס" און דער „וואַרהייט". איך וויל דאָ ניט שטעלען די פראַגע, וועמען קומט די בכורה אין דעם פּרט פון ריין זשורנאַ־ליסטישע פעהיגקייטען. איך בין אין דעם קיין מבין ניט, און על פי סברא דאַרף זי קומען דעם „דזשוירנאַל". איך פרעג אָבער: ווער פון זיי ברענגט אריין מעהר ליכט אין די מוחות פון די מאַסען? און איך מוז ענטפערן: „דער „פאָרווערטס" און די „וואַרהייט", ווייל דער "דזשוירנאַל" הויבט גאָר ניט אָן זיך צו שטעלען אַזאַ מין אויפגאַבע".

ווי פערהאַסט מיר זאָל ניט זיין די וואַלוועלע אויפקלערעכץ, ווי עס זאָל ניט קעהרען פון דער נשמה יענע עם־הארץ'ישע ראַ־דיקאַלעכץ, מיט וועלכער די ראַדיקאַלע פּרעסע פיטערט דעם עולם, מוז איך דאָך צוגעבען, אַז זיי וואַרפען־אויף לעבענס־וויכטיגע פּראָבלעמען און בעלייכטען זיי, לויט זייער כח, וויסען און פער־שטאַנד און אפשר לויט דעם קולטור־צושטאַנד פון די מאַסען. אויפקלעהרענדע אַרטיקלען, ווען אפילו אויבערפלעכליכע, ווען

איהר אָבער אין דעם „דזשווירנאַל“ ניט געפינען. אונזער געלע פּרעסע שטעהט אין דעם פּונקט אויף אַזוי פיעל העכער פאַר דער אַמעריקאַנער, אויף וויפיעל די גייסטיגע בעדערפעניסען פון די איד־דישע מאַסען שטעהען העכער פאַר די גייסטיגע בעדערפעניסען פון דער אמעריקאַנער מאַסע. ס'איז דאָך כאַראַקטעריסטיש, וואָס אונזער פּרעסע האָט ניט קיין בעריכטען פון „פּרייז־פייטען“...

און איז דען אַלץ אין אונזער געלער פּרעסע אַזוי „פּערבלאָפט“? עס געהט ניט דורך אַ וואָך, וואו איהר זאָלט ניט געפינען סאַי אין „פאָרווערטס“, סאַי אין „ווארהייט“, אַ וועלכע עס איז אינטערע־סאַנטע קאָרעספּאָנדענץ פון אַ ל ג י ן, ה מ ב י ט, ל י ט וו י ן, י ו ש ר, פ ר ו מ ק י ן, אָדער אַן ערנסטע, טאַלאַנטפולע סקיצע, ווען אפילו זי איז, דאָס רוב, איבערגעדרוקט פון דער אייראָפּעאיש־אידישער פּרעסע. ווען ניט ווען ווארפט זיך אויך דורך אַן ארטיקעל פון די איצטיגע מיטארבייטער, מיט וועלכע קיין אנשטענדיגע צייט־טונג וואָלט זיך ניט געהאַט וואָס צו שעהמען: אַלץ אַזעלכע זאַכען, וואָס איהר וועט אין דער אמעריקאַנער געלער פּרעסע בשום אופן ניט געפינען.

איך וויים, אַז אָט די פערטיידיגונג שמעקט, — ווי אַ פריינד האָט מיר אין אַ פּריוואַט־געשפּרעך געזאָגט, — שוין אביסעל צו פיעל מיט ר' לוי יצחק בערדיטשעווער, „זעהט, וואָס פאַר אַ פרום פאָלק אידען זענען!“ האָט יענער גרויסער אָפּטימיסט אַמאָל אויס־געשריען, דערזעהענדיג, ווי אַ בעל עגלה, אין טלית און תפילין שמירט די רעדער בעת'ן דאַוונען. „אפילו בעת זיי שמירען די רעדער דאַוונען זיי!“ אָבער ווי די מעשה איז, אויך ר' לוי יצחק איז דאָך יעמאָלט געווען ניט אין גאַנצען אומגערעכט. דער פאַקט איז, אַז דער בעל־עגלה איז פאָרט געווען אַ פרומער איד און האָט געדאַוונט. דער פאַקט איז, אַז די אידישע געלע פּרעסע, ווי זעהר זי זאָל ניט זיין פערנומען מיט'ן שמירען די רעדער צוליעב דער צירקולאַציע, איז פאָרט אַ ראַדיקאַלע פּרעסע. בעת'ן שמירען דאַוונט זי פאָרט און ניט זעלטען אויך גאַנץ הארציג.

און נאָך אַ פּונקט וויל איך דאָ בעריהרען, פון וועלכען מיר האָט זיך אַליין פריהער ניט געגלויבט, איך זאָל קאָנען ווערען אַ שטיקעל ר' לוי יצחק בערדיטשעווער. איך מיין דאָ דעם „בינטעל־

בריעף“, וואָס דרוקט זיך טאָג־טעגליך אין „פאָרווערטס“, וועלכען אַלע האָבען שוין פערשריען פאַר א שאַנדפלעק אויף זיין פּנים. גלייך מיט אַלע געבילדעטע מענשען פון אונזער קווארטאל, האָב איך אויך געפיהלט א ביטערע שנאה און א מין פערזענליכע בעליי־דיגונג, זעהענדיג, אין וואָס פאַר א זומפּ דער „פאָרווערטס“ שלעפּט זיינע לעזער.

פערשטעהט זיך, אז עפּטערס לייענען דעם „בינטעל“ איז מיר קיין מאָל אויפ׳ן זינען ניט אַרויף. אָבער איין מאָל האָב איך מיר א טראַכט געטהאָן ״ דער „בינטעל“ ווערט געדרוקט צוליעב ציר־קולאציע, הייסט דאָס, ער בעפרידיגט א וואָסער עס איז בעדערפע־ניס אין דעם לעבען פון דער אידישער ראַדיקאַלער מאַסע. אויב די בעדערפענים איז א קראַנקע, אויב דער „בינטעל“ איז א טאָג־טעג־ליך אייטערענדע וואונד, מוז מען ערשט רעכט שטודירען איהם, כדי אויסצוגעפינען דעם מקור פון דער קרענק...

און איך האָב גענומען שטודירען איהם, שטודירען איהם אין דעם פולען זין פון דעם וואָרט, ווי א היסטאָריקער שטו־דיערט געשיכטליכע דאָקומענטען. ליידער, האָב איך ניט געקאָנט אָבגעגעבען פיעל צייט פאַר אזא שטודיום און איך בין נאָך ניט פאַר־טיג מיט מיינע רעזולטאטען. אָבער דאָס איז שוין איצטער פאַר מיר קלאָר ווי דער טאָג, אז ניט אַלץ אין דעם „בינטעל“ שטאַמט פון א קראַנקען, צופוילטען וואָרצעל. אדרבה, איך האָב געפונען, אז א גרויסע און וויכטיגע לעבענס־בעדערפעינס האַלט אויף דעם „בינ־טעל“ אין לעבען. דאָס איז די בעדערפענים פון דער אידישער ראַדיקאַלער מאַסע אויסצוגעפינען אין יעדען פערפאַנטערטען לעבענס־פאַל, וואָס קומט פאַר אין איהר לעבען, דעם ריכטיגען וועג פון יושר...

די עמיגראציע אין אמעריקא האָט אין גאַנצען צושטערט יענע זיטליכע יסודות, אויף וועלכע עס האָט גערוהט דער לעבען פון די אידישע מאַסען אין דער היים. די נייע בעדינגונגען פון לעבען, די נייע תורות פון סאָציאַליזם, אַנאַרכיזם און פריידענקערטהום, האָבען אוועקגעשטעלט פאַר דעם געזונטען זיטליכען אינסטינקט פון דעם פאָלק נייע מאָראַלע פּראָבלעמען, וועלכע דאָס פאָלק מוז אַליין

פערענטפערן, דורך זיין אייגענע ערפאהרונג און אויף אייגענע גע־פאהר, ווייל קיינער קומט איהם ניט צו הילף אין דעם, ניט דער דענקער, ניט דער בעלעטריסט.

די זיטליכע פּראָבלעמען פון דעם סעקסועלען לעבען, פון דעם פאמיליען לעבען, פון דעם פריידענקער לעבען, וואָס זענען נאָך ער־געץ אין דער אידישער ליטעראטור ניט בעלויכטען געוואָרען, רייסען זיך אריין אין די מוחות און די הערצער פון די מאסען, און אז עס קומט די בייזע שעה און דאָס לעבען שטעלט איינעם אוועק פּנים לפּנים פאר א וועלכען עס איז זיטליכען אָבגרונד, שטעהט דער מאַ־סען־מענש מיט א הארץ, פול ספקות, טרויער און פיין. דעם אלטען קאָמפּאַס פון דער אידישער רעליגיע און דער אלטער באלעבאטישער וועלט־און־לעבענס־אנשויאונג האָט ער פערלאָרען, קיין נייעם קאָמ־פּאָס (א חוץ אלגעמיינע, פערשוואומענע פּרינציפּען פון דער אידי־שער ראדיקאלעכץ) האָט מען איהם ניט געגעבען. פרעגט ער א „שאלת־תשובה“ אין דעם בית־מדרש פון דעם ראדיקאלען געדאנק, דעם איינציגען בית־מדרש, וואָס ער קען, דעם „פאָרווערטס“.

איך וויל זיך דאָ ניט אָבשטעלען אויף איינצעלנע ביישפּיעלען. בפּרט, ווייל איך רעכען צוריקצוקומען צו דעם ענין פון נייע זיטליכע פּראָבלעמען ביי דעם אידישען פאָלק אין א בעזונדער ארבייט.

אָבער איך ראטה יעדען איינעם: לאָז ער דורכנעהמען דעם „בינטעל“ פאר איין חודש, און ער וועט געפינען א מאסע פון לע־בענס־פּראָבלעמען, אויסגעוואקסען פון די נייע בע־דינגונגען, אין וועלכע דאָס אידישע פאָלק לעבט, פון צארטע גע־וויסענס־פּלאָגען, אין וועלכע די נייע בעדינגונגען האָבען עס אוועק־געשטעלט. וואָס איז דעריבער דער חדוש, וואָס דאָס פאָלק איז אזוי להוט נאָכ׳ן „בינטעל“, אין וועלכען עס האָפט צו געפינען דעם ריכ־טיגען מורה דרך, וואָס איז פערשוואונדען פון זיין לעבען! אמת, דער „מורה דרך“ האָט געמאָגט זיין א ביסעל א טיעפערע נאטור, א ביסעל מעהר געבילדעט און מעהר ערנסט. ניכר, די רעדאקציע אליין קוקט אויפ׳ן „בינטעל“ ניט מעהר ווי אויף א „שמירעכץ“ פאר איהרע רעדער, ווייל די „תשובות“ פון איהר „גאון“ שטעהען דאָס רוב ניעדעריגער פון יעדער קריטיק.

היוצא מדברנו איז: די אידישע געלע פרע־

סע אין אמעריקא שפּיעגעלט אָב דעם קולטור־צושטאנד פון די אידישע ראדיקאלע מאסען, און פערגלייכט מען זי מיט דער אמעריקאנער געלער פּרעסע, געפינט מען, אז זי, די אידישע, איז א קולטור־פאקטאָר, וועמעס ווערטה עס קאָן ניט אין גאנצען אָבגעלייקענט ווערען. אין דעם פּרט פון קולטור־טראָגעריי שטעהט די אמעריקאנער געלע פּרעסע א סך ניעדעריגער פאר איהר. אמעריקא מאכט אָבער קיין ליארם ניט פון דער געלער פּרעסע, ווייל א חוץ דעם „דזשוירנאל“ און די איבעריגע געלע בלעטער האָט אמעריקא נאָך די „איווונינג פּאָסט“ און דעם „סאָן“ און ווייס איך ווי מען רופט זיי דאָרטען די אַלע ערנסטע און אנשטענדיגע אויסגאבען, וואָס דיענען די אינטערעסען פון דער געבילדעטער עפענטליכער מיינונג. די געלע פּרעסע פערשווארצט ניט דעם פּנים פון אמעריקא׳ס ליטעראטור, ווייל די ליטעראטור פון א פאָלק ווערט ניט געמאָסטען נאָך די בולוואר־בלעטלעך, נאָר נאָך דער פּרעסע פון דער אינטעליגענץ.

אונזער צרה איז, וואָס מיר האָבען נאָר די בולוואר פּרעסע, וואָס די אינטעליגענץ פערמאָגט קיין איין איינציגע אנשטענדיגע צייטונג ניט, ווייל אויף דער „מאָרגען זשורנאל“ און דאָס „טאגע־בלאט“ זענען נאָך גאנץ ווייט צו מעגען פּרעטענדירען אויף דעם טיטעל „אנשטענדיגע אינטעליגענטע פּרעסע“. אָבער אין דער צרה איז שוין די ראדיקאלע פּרעסע גאָט די נשמה שולדיג. די שולד פאלט אויף אונזערע אייגענע אקסלען...

ס׳איז מיט דער אידישער פּרעסע ווי מיט דעם אידישען טהעאַטער, וואָס איז אין דער לעצטער צייט אויף אראָבגעזונקען ביז צו דער מדרגה פון „דאָס אידישע הארץ“. די אידישע אינטעליגענץ האָט אויך דאָ אויפגעהויבען א געשריי, אָבער זי האָט פערגעסען גאָר א קלייניגקייט. זינט זי עקזיסטירט אויף דער וועלט, האָט זי גע׳טענה׳ט, אז עס דארף ניט זיין קיין אידישע אינטעליגענץ. אידיש איז נאָר א שפּראך פאר יענע „אנאלפאבעטען“ אין ענגליש, וואָס האָבען זיך נאָך ניט אסימילירט, און דאָס רוב אידישע אינטעליגענץ איז טאקי אנטלאָפען צו דער אייראָפּעאישער קולטור. אין דער היים זענען געבליבען די אונוויסענדע מאסען. דאָס קליינע הייפעלע אינטעליגענץ, וואָס איז

מממת דער אָדער יענער סבה געבליבען אין דער היים, האָט קיין כּבות ניט אויפצוהאַלטען ניט קיין ערנסטען גוטען טהעאטער, ניט קיין ערנסטע, גוטע פּרעסע, און על פּי יושר טאָר זי זיך ניט בע־קלאָגען אויף דעם, ווייל אַן אינטעליגענץ וואָס וויל ניט זיין קיין אידישע, האָט קיין רעכט ניט אויף אַן אידישען אינטעליגענטען טהעאטער, אויף אַן אידישע אינטעליגענטע פּרעסע...

יצחק אייזיק׳ס אַרטיקעל קלינגט אויס אין דעם געוויס סימ־פּאטישען וואונש, עס זאָל בעשאַפען ווערען אַ גוטע טעגליכע צייר־טונג. „אויב מען וויל ניט אויפגעבען אין פּערצווייפלונג יעדע קול־טור־ארבייט צווישען דער אידישער מאַסע, זאָגט ער, איז די ערשטע זאַך וואָס מען מוז האָבען — אַ טעגליכע צייטונג, וואָס זאָל זוכען צו מאַכען דעם לעזער פּאַר אַן אינטעליגענטען מענשען... צווישען אַ מיליאָן אידען וועלען זיך זיכער געפינען גענוג קונדען פּאַר אַ צייר־טונג, וואָס אַן אינטעליגענטער מענש זאָל זיך ניט דאַרפען מיט איהר שעהמען״.

איך וויים ניט, אויף וויפיעל מען קאָן זיין זיכער אין דעם חשבון. די גאַנצע רעכענונג אויף דעם הויכען קולטור־צושטאַנד פון דער אידישער מאַסע אָדער, לכל הפּחות, אויף דעם דאָרשט צו אַזאַ הויכער קולטור, קאָן זיך אַרויסווייזען ווי אַ טעות אין פּשט, און יעמאָלט וועט די נייע צייטונג מוזען דורכמאַכען דעם זעלביגען זינדען־פאַל, וואָס דער „פאָרווערטס״ און די „ווארהייט״. געטריי־בען דורך דעם זעלבסטערהאַלטונגס־טריעב, וועט זי זיין געצוואונגען אויסצוגעפינען יענע מיטלען, מיט וועלכע מען קאָן „נעהמען דעם עולם״, אויף וועלכען מען וויל איינווירקען, און אויב דער עולם וועט בלייבען דער זעלביגער, וואָס האָט בעשאַפען דעם „פאָרווערטס״ און די „ווארהייט״, וועט ער שוין אויספיהרען זיינס אויך אין דער נייער צייטונג.

קודם כּל וועט ער פערלאַנגען, מען זאָל איהם מאַכען פליהען געבראָטענע טייבעלעך אין מויל אריין: לייכטע שטאָף, וועלכע ער זאָל קאָנען אויפנעהמען און פערדייען, לייענענדיג די צייטונג אין קאַר. אָנשטרענגען דעם מוח איז ער ניט געוואָהנט, און ניט אַ צייטונג קאָן איהם דאָס אויסלערנען. אַ קולטור אָבער, וואָס איהר פונדאַמענט זיינען געבראָטענע טייבעלעך און אָבגעשיילטע

אייעלעך, ד. ה. לייכטע פּלאַטשיגע פּאָפּולאַריזאַציעס, מוז פריהער אָדער שפּעטער מגולגל ווערען אין אויפקלערעכץ און ראַדיקאַלעכץ, ווי מיר האָבען זיי ביז אַהער. סוף כל סוף וועט די נייע צייטונג זיך זעהן געצווונגען, ארויסזעצען איהרע ערנסטע שרייבער אויף דעם ערשטען, בעסטען ערט און אויסריכטען זיי מיט דער ברכה: „השם יצליח דרכיכם!"

„אויב מען וויל ניט אויפגעבען אין פערצווייפלונג יעדע קול־טור־ארבייט צווישען דער אידישע מאַסע", איז אַ צייטונג ניט די ע ר ש ט ע זאַך, וואָס מען מוז האָבען. צייטונגס־קולטור און צייטונגס־בילדונג האָבען קיינמאָל און ערגעץ ניט בעשאַפען קיין אמת אינטעליגענטע מאַסע. דערצו מוז מען אָנהויבען ארבייטען מעהר אין דער טיעף, ווי אין דער ברייט. מען דאַרף ברייטער מאַכען, טיעפער מאַכען און צונויפגיסען אין איינעם יענע לעת־עתה נאָך קלייניקע קולטור־שטראָמען, וואָס האָבען זיך שוין בעוויזען אין דעם לעבען פון אונזער מאַסע, ביי איהרע בעסערע טהיילען.

מען דאַרף אָרגאַניזירען ס י ס ט ע מ א ט י ש ע פ אָ ר ל ע־ז ו נ ג ע ן אין אַלע צווייגען פון דער מענשליכער וויסענשאַפט; מען דאַרף אָרגאַניזירען שבת־שוהלען און זונטאָג־שוהלען פאַר דער־וואַקסענע מיט אַ פּראָגראַם פון אַן אייראָפּעאישען גימנאַזיום (פער־שטעהט זיך אָהן לאַטיין און גריכיש); מען דאַרף ארויסגעבען ב י כ ע ר און ב ר אָ ש ו ר ע ן וועגען אַלע פראַגען, וואָס דאַר־פען אינטערעסירען אַ געבילדעטען מענשען און אַן אינטעליגענטען אידען; מען דאַרף א י ב ע ר ז ע צ ע ן אין אידיש — און ניט פערוועסערן! — די בעסטע אמת'ע א ו י פ ק ל ע ה ר ע ר פון דער ציוויליזירטער וועלט, די אַלע פייערבאַך'ס און פּרודאָן'ס, און ניעטצשעס און פריערדיך אַלבערט לאַנגע'ס; מען דאַרף איבער־זעצען און ארויסגעבען די בעסטע בעלעטריסטישע ווערק פון דער מענשהייט, וואָס האָבען אַזאַ געוואַלטיגע ציוויליזאַטאָרישע קראַפט; מען דאַרף גרינדען ביבליאָטהעקען (וואָס מעהר, אַלץ בעסער!) וואו מען זאָל צונויפקלייבען אַלע די ערנסטע קולטור קוואַלען, וואָס מיר האָבען שוין אין אידיש; מען דאַרף גרינדען און אָנפיהרען זעלבסט־בילדונגס־פעראיינען און בעזאָרגען זיי מיט דער נויטיגער ליטע־ראַטור און מיט די נויטיגע פיהרענדע קראַפט.

זאָגט ניט, אַז די אַלע אונטערנעהמונגען זענען לכתחילה פֿער׳משפּט צום טויט, ווייל „די מאַשין פֿון „פֿאָרווערטס" איז דער הערשער איבער דעם ראַדיקאַלען אידישען קוואַרטאַל"; ווייל דער „פֿאָרווערטס" קאָן קוילענען יעדע אונטערנעהמונג, יעדע בעוועגונג מיט זיין שווייגען און ווייל „ווען די דיפּלאָמאַטיע פֿון „פֿאָרווערטס" האָט זיך נעשטעלט צום צוועק צו רואינירען אַן אונטערנעהמונג, אַ פֿעראיין, אָדער אַ פּערזאָן איז פֿערפֿאַלען".

ערשטענס גלויבט זיך אונז ניט, אַז דער „פֿאָרווערטס" וועט אָנהויבען אַ קאַמף אָדער אין גאַנצען פֿערשווייגען אַן ערנסטע קולטורעלע בעוועגונג, וואָס וועט ווירקליך אַרויסווייזען מוטה און קראַפֿט. צווייטענס, זענען אונז בעקאַנט פֿיעלע אונטערנעהמונגען, וואָס זענען אויפֿגעבויט געוואָרען ניט נאָר אָהן דער הסכמה פֿון „פֿאָרווערטס", נאָר להיפוך צו זיין ווילען און — ניש׳קשה: מען האָט געהאַט ערפֿאָלג. און דריטענס גלויב איך ניט אין דער אייביגקייט פֿון דעם „פֿאָרווערטס" דעספּאָטישען אַלמאַכט. א ב ד ו ל ה א מ י ד איז געווען נאָך אַ שטאַרקערע רעאַקציאָנערע מאַכט, און מען איז מיט איהם פֿאַרטיג געוואָרען. וועט מען מיט אַ צייטונגס־מאַשין ניט קאָנען פֿאַרטיג ווערען?...

די הויפּזאַך איז, אַז דאָס קליינע הייפֿעלע אינטעליגענטען, וואָס זענען געבליבען אָדער געוואָרען טריי דעם אידישען פֿאָלק און וואָס זענען באמת פֿעראינטערעסירט אין אויפֿהויבען די קולטור־מדרגה פֿון אונזערע מאַסען, זאָלען ניט זיין אַזוי אָבגעלאָזען, אַזוי צומאָהלען אויף מעהל, ווי איצטער. אַן אָרגאַניזאַציאָן פֿון אַלע אידישע באמת פּראָגרעסיווע עלעמענטען, וואָס האָבען זיך בעפֿרייט פֿון דער קאָסמאָפּאָליטישער אויפֿקלערעכץ און ראַדיקאַלעכץ און וואָס גלויבען אין דער צוקונפֿט פֿון דעם אידישען פֿאָלק, מוז בעשאַפֿען ווערען, וועמעס אַרבייט עס וועט זיך מוזען אָברופֿען אויף אַלע זייטען פֿון דעם אידישען לעבען, און ניט נאָר אויף דעם פֿעלד פֿון קולטור אַליין.

אָרגאַניזירען די קולטור־שאַפֿענדע און קולטור־ברענגענדע קראַפֿט פֿון דעם אידישען קוואַרטאַל מוז דעריבער זיין דער ערשטער שריט אין דעם קאַמף אַנטקעגען דער „געלקייט" פֿון אונזער ראַדיקאַלער פּרעסע. טיעפֿע, ערנסטע קול־

טור־ארבייט איז דער צווייטער שריט, און ווער ווייס? אפשר וועט די „געלע“ פרעסע אליין צושטעהן און אונטערשטיצען אזא ארבייט, וואָס וועט זי אין דער צוקונפט בעפרייען פון דער טרויעריגער נויטיגקייט צו זיין „געל“. על כל פנים וועט דאָס שטענדיגע אָנוואקסען פון ערנסטערע קולטור־קרעפטען אין קווארטאל בעשאפען אָן אינטעליגענטע עפענטליכע מיינונג, וואָס וועט האָבען קראפט גענוג צו צ ו ו י נ ג ע ן די „געלע פרעסע“, זי זאָל זיך רעבענען מיט דעם ווילען פון דער אידישער אינטעליגענץ.

דאָ, אין דער אָרגאניזאציע פון אונזערע אייגענע אינטעליגענטע קרעפטע צוליעב אָן ארבייט, וואָס זאָל אויסבילדען נייע קולטור־שאפענדע און קולטור־פעשפרייטענדע פאקטאָרען און ערציהען זיי אין דעם גייסט פון טרייקייט צו דעם אידישען פאָלק, דאָ, זאָג איך, ליעגט, ווי מיר דוכט, דער שווער־פונקט ניט נאָר פון דעם פראָבלעם, וואָס יצחק אייזיק האָט אויפגעוואָרפען, נאָר אויך פון א סך אַנדערע „פערשאָלטענע שאלות“, מיט וועלכע דאָס אידישע לעבען אין אַמעריקא איז אזוי רייך.

דאָס נייע לעבען, 1909. — אין דער לעצטער צייט האָט זיך דער מעמד פון דער אידישער פרעסע זעהר שטאַרק אויפגעהויבען. (1918).

# נאָך אַמאָל די געלע פּרעסע

כמעט אין אַלע טיילען אַ פּראָדוקט פון די גרויסע היטצען, וואָס האָבען געהערשט דעם סוף זומער אין ניו יאָרק, איז דר. ק. פאָרנבערג'ס פּאָלעמיק אנטקעגען אונז אין זיינע ארטיקלען: „די פליכט פון שווייגען" און „דר. זשיטלאָווסקי'ס אידישקייט און אייראָפּעאישקייט", וואָס זענען אָבגעדרוקט געוואָרען אין דער „פרייער ארבייטער שטימע" פון דעם 28טען אויגוסט און 4טען סעפּטעמבער.

סיידען ביי עטליכע איבער הונדערט גראַד פאַהרענהייט, און ווען מען איז נאָך דערצו אינערליך גוט צוקאָכט, קאָן איינער זאָגען איינעם: אויב דו ביסט ניט קיין מומחה אין אַ וועלכען עס איז ענין און האָסט ניט קיין סוף־כל־סוף'דיגע מיינונג וועגען אַלע זיינע פּרטים, איז — זייַ בעסער און שווייג. ביי אַ קיהלערע טעמפּעראַטור וואָלט דר. פאָרנבערג געוויס אַליין איינגעזעהען, אַז די בעשפּרעכונג פון אַ וועלכער עס איז פּערוויקעלטער פראַגע, וואָס איז אין דער פּרעסע נאָך ניט גענוג אויסגעפּאָרשט געוואָרען, איז אַן אַלגעמיינע אַנגעלעגענהייט פאַר אַלע, וואָס אינטערעסירען זיך מיט איהר, און אַז יעדער מענש, וואָס האָט עפּעס צו זאָגען צו איהר אויפקלעהרונג איז מחויב צו זאָגען און ניט צו שווייגען. נאָך מעהר, ער איז מחויב אָנצוגעבען דעם גראַד פון זיכערהייט, וועלכע ער האָט בנוגע צו דעם אָדער יענעם פּונקט פון דער פראַגע. ער איז פערפליכטעט צו העלפען בעלייכטען דעם ענין פון אַלע זייטען, כדי שפּעטער צו קומען, אין איינעם מיט די אַנדערע פאָרשער, צו אַ וועלכער עס איז סוף־כל־סוף'יגער מיינונג.

דאָס האָב איך געטהאָן.

יצחק אייזיק איז ארויס מיט אַ בעשולדיגונג אַנטקעגען דער געלער פּרעסע. ער האָט געבראַכט פאַקטען, אויפגעשטעלט איהר כאַראַקטעריסטיק און אָנגעוויזען אויף די אורזאַכען. שולדיג אין

דער געלקייט, זאָגט ער, זענען צוויי מענשען, ראובן און שמעון. ווענען די פאַקטען און כאַראַקטעריסטיק האַלט איך מיך ניט פאַר א מומחה, ווייל איך האָב באמת מיך זעהר ווייניג אָבגעגעבען מיט דער אידישער פּרעסע. פון דעסטוועגען האָב איך אויך דאָ געפיהלט, אז יצחק אייזיק מאָלט שוין צו פיעל „געל און געל", איך האָב דאָך מיט מיינע אייגענע אויגען געלייענט אין דער געלער פּרעסע אר־טיקלען, „מיט וועלכע קיין אנשטענדיגע צייטונג וואָלט זיך ניט גע־האַט וואָס צו שהמען".

האָב איך דאָס געזאָלט פערשווייגען? וואָלט דאָך דאָס בילד געבליבען איין־פאַרביג געמאָלט, ד. ה. איינזייטיג, ניט אמת פאַרגע־שטעלט. מיר ווילען דאָך אָבער אלע וויסען דעם ריכטיגען אמת.

בנוגע צו די פאַקטען און צו דער כאַראַקטעריסטיק פון דער געלער פּרעסע בין איך אין מיין ארטיקעל כמעט אין גאַנצען גע־שטאַנען אויף יצחק אייזיק'ס שטאַנדפּונקט, אז מכח אידעאַלען איז דאָ ניט שייך צו רעדען, אז מען האָט דאָ צו טהאָן מיט קאַפּיטאַליס־טישע אונטערנעהמונגען. אויף וויפיעל דאָס איז אמת, ווייס איך ניט און לאָז איבער די גאַנצע אחריות אין דעם פּונקט אויף יצחק אייזיק'ען. אָבער מכח די אורזאַכען פון דער ערשיינונג מעג מען שוין האָבען אַן אייגענע מיינונג. ווי ווייניג מאַרקסיסט איך זאָל ניט זיין, לעגט זיך מיר דאָך ניט אויפ'ן שכל, אז אזא וויכטיגע ערשיי־נונג, ווי די געלע פּרעסע, קאָן אין גאַנצען דערקלעהרט ווערען דורך דעם בייזען ווילען פון ראובנ'ען און פון שמעונ'ען. עס קאָן זיין, אז זיי, ראובן און שמעון, מיינען אליין, אז זיי זענען די גאַנצע אויפטהוערס. באמת אָבער קאָן מען זייער גאַנצע ראָליע פער־שטעהן ערשט יעמאָלט, ווען מען איז בעקאַנט מיט די אומשטענדען (ניט נאָר עקאָנאָמישע, נאָר אויך א סך אנדערע), וואָס האָבען גע־מאַכט פאַר זיי מעגליך דורכצופיהרען זייער אויפטהו. אָט אויף די אומשטענדען האָב איך געוואָלט אויפווייזען: אויף דעם קולטור־צושטאַנד פון דער מאַסע, וואָס קויפט די געלע צייטונגען און קוויקט זיך מיט זיי.

דר. פאָרנבערג רופט אָן דעם געדאַנקען „באנאַל און רעאַק־ציאָנער". דער געדאַנקען איז אַקוראַט אזוי באנאַל און רעאַק־ציאָנער, ווי צוויי מאָל צוויי איז פיער. מען קאָן ניט פערלאַנגען א

פּראָגרעסיוועע אָדער אָרגינעלערע כפל־טאַבעלע איידער די וואָס מען האָט אונז געלערנט אין דער שוהל.

ביי דר. פאַרנבערג איז דאָס א בעשלאָסענע זאַך, אז מיין אַר־טיקעל האָט געהאַט אין זינען דעם פּערבאָרגענעם ציעל אונטער־צו׳חנפה׳נען זיך צו דער געלער פּרעסע און אָבצושוואַכען די וויר־קונג פון יצחק אייזיק׳ס אטאַקע אויף איהר. אין דעם צווייטען אַרטיקעל געפינט דר. פאַרנבערג נאָך אַ פּערבאָרגענעם ציעל: אונ־טערצו׳חנפ׳ענען זיך צו דער „באַלעבאַטישער“ וועלט.

יעדען איינעם, וואָס איז מיר חושד, אז איך וויל מיך צו וועמען עס איז אונטער׳חנפה׳נען און אַז מיט מיין פעדער פיהרען ניט די מאָטיוועו, וועלכע איך גיב אָן, נאָר וועלכע עס איז אַנדערע, פער־באָרגענע, רוף איך אָן מיט מיין גוטמוטהינקייט: אַ תם׳עוואַטער מענש. איך וואָלט בנאמנות ניט געמאַכט קיין אויסנאַהם אין דעם פּונקט פאַר דר. פאַרנבערג. אָבער א ז א „תם“ קאָן דאָך קיין מענש ניט זיין — צו גלויבען, אז איך וויל מיך אין דערזעלביגער צייט מאַכען ליעב־קינד א י ביי דער ראַדיקאַלער פּרעסע, א י ביי דער באַלעבאַטישער.

דר. פאַרנבערג ברענגט אַ פּאָר זעהר אינטערעסאַנטע און וויכ־טיגע ביישפּיעלען פון דער ניט אידישער פּרעסע, וואָס בעווייזען קלאָר ווי דער טאָג, אַז די סענסאַציאָנעלע צייטונגען האָבען אַלע מאָל אַ גרעסערע צירקולאַציע, איידער די אַנשטענדיגע, און וואַרפט מיר אויף מיט נצחון: „אין קיין לאַנד אין דער וועלט ווערט ניט אַ צייטונג געמאָסטען און געאַכטעט נאָר מיט איהר צירקולאַציאָן“.

דער דאָקטאָר בעמערקט אָבער ניט, אז אַלע, וואָס ער זאָגט וועגען דעם פּונקט, איז ניט מעהר ווי אַן אילוסטראַציע צו דעם, וואָס איך האָב געשריעבען אין מיין אַרטיקעל: „די געלע פּרעסע פערשוואַרצט ניט דעם פּנים פון אַמעריקאַ׳ס ליטעראַטור, ווייל די ליטעראַטור פון אַ פאָלק ווערט ניט געמאָסטען נאָך די בולוואַר־בלעטלעך, נאָר נאָך דער פּרעסע פון דער אינטעליגענץ“. הייסט עס, אז די גאַנצע פראַגע מוז צוריק געפיהרט ווערען ניט צו דעם פאַקט, וואָס ראובן און שמעון האָבען בעשאַפען אַ געלע פּרעסע, — אַלע פעלקער האָבען אַ געלע פּרעסע, וואָס איהרע געטער זענען סענ־סאַציע און צירקולאַציע. די גרונד־פראַגע איז, פאַר וואָס האָבען

מיר ניט קיין אינטעליגענטע פרעסע. און די פראַגע קאָן בשום אופן ניט פערענטפערט ווערען מיט דעם בייזען ווילען פון ראובנ׳ען און שמעונ׳ען.

עס איז פאר מיר קלאָרער עהדער דער טאָג, אַז אויב מיר וואָלטען געהאט אַן אינטעליגענץ, וואָס וויל זיין אַן אידישע, וואָלטען מיר שוין לאַנג געהאַט אַן אנשטענדיגע אידישע ראַדי-קאַלע פרעסע. אַז איך האָב די טעג גענומען אין האַנד דעם „פאָר-ווערטס" און האָב געזעהן ווי ער דערקלערט מיר (גוט אָדער שלעכט), וואָס אַזוינס איז דער „נאָרד פאָל", וואָס איז „טראַנס-פאָרט", „עקספעדיציע", „אַלומיניום", „טערמאָמעטער", און אַזוי ווייטער, בין איך שוין געוואָרען נוטה צו וואַרטען, אַז אין דעם נעכסטען אַרטיקעל וועט ער מיר דערקלעהרען, וואָס איז „חבור" און וואָס איז „חסור", און איך האָב מיר געמוזט זאָגען: די צייטונג גיט מען אַרויס ניט פאַר דיר. ווילסטו פאַר זיך האָבען אַ צייטונג, דאַרפסטו זי ערשט בעשאַפען, און כדי צו העלפען בע-שאַפען אַזאַ צייטונג, מוז מען זיין זיכער, אַז אין אַמעריקאַ זענען שוין גענוג דאָ אינטעליגענטע אידישע לעזער, וואָס נויטיגען זיך, אַקוראַט ווי איך, אין אַן אינטעליגענטער צייטונג.

אין דעם פונקט אָבער בין איך, — זאָל מיך דער אויבערשטער ניט שטראָפען פאַר די רייד, — נאָך שטאַרק מסופק. און איך זעה ניט איין, פון וואַנען זאָל זיך אַזאַ אידישע אינטעליגענץ ביי אונז איצטער נעהמען? דאָס רוב אידישע אינטעליגענטען, וואָס זענען געבליבען טריי דעם פאָלק, לייענען בעסער העברעאיש, עה-דער אידיש. דער „היום", ווייזט אויס, האָט שוין אַ באָדען אונטער זיינע פיס — אין אַמעריקע! *) דאָס רוב פון דעם איבעריגען טייל אידישע אינטעליגענץ שטעהט פרינציפיעל אויף דעם „עם-הארצ׳ישען" שטאַנדפונקט: אידיש איז נאָר פאַר עם-הארצים. קאָן איינער פערשטעהן ענגליש, דאַרף ער שוין קיין אידיש ניט: לאָז ער געהן אין קופער יוניאָן, אויב ער וויל האָבען וויסענשאַפט-ליכע פאָרלעזונגען; לאָז ער לייענען די „איווענינג פאָסט", אויב ער וויל האָבען אַן אינטעליגענטע צייטונג.

---

*) דאָס האָט זיך נאָר אַזוי אויסגעדוכט... (1918).

בלייבט די פֿראַגע שטעהן, ווי איך האָב זי אוועקגעשטעלט: ווי מאַכט מען, אַז ביי דער אידישער מאַסע זאָל אַרויסגעשלאָגען ווערען די אַסימילאַציאָנס־טענדענץ פֿון די מוחות, — דער הויפּט־קוואַל פֿון אַ סך־אַ סך אונזערע אונגליקען אין גלות! ווי מאַכט מען, אַז פֿון דער אידיש־נאַציאָנאַליזירטער מאַסע גופא זאָל אויסוואַקסען אַן אידישע אינטעליגענץ, וועלכע וועט שוין ממילא בעשאַפֿען יענעם היטעל, וואָס וועט צו־פּאַסען צו איהר קאָפּ. דאָ ליעגט דער שווער־פּונקט פֿון דער פֿער־שאָלטענער שאלה. קיין אויף־די־גלייכע־ווענט־רייסען־זיך פֿון דר. פֿאַרנבערג וועט זי ניט אַ ריהר טהאָן פֿון אָרט, און יעדער פּרוב אָבצולענקען די אויפמערקזאַמקייט פֿון דעם צענטראַל־פּונקט אויף אויבערפֿלעכליכע קליינינגקייטען, אויף ראובן'ס סענסאַציאָנס־לוסט און שמעון'ס צירקולאַציאָנס־לוסט, איז אַ מניעה, אַ שעדליכע שטע־רונג אין דעם וועג צו יענעם ציעל, אויף וועלכען דער הייפּעלע אי־דישע אינטעליגענטען, וואָס מיר פֿערמאָגען נאָך, דאַרף קאָנצענ־טרירען אַלע זיינע קולטור־שאַפֿענד'ע כוחות.

מיר געהען איבער צו דעם צווייטען אַרטיקעל. אַ גרויסער טייל פֿון איהם בעשעפֿטיגט זיך מיט דעם „קניקס", וואָס איך האָב, נאָך דר. פֿאַרנבערג'ס מיינונג, געוואָלט מאַכען דער באַלעבאַטי־שער וועלט. דער „קניקס" בעשטעהט אין די ווערטער:

„אי, דער „מאָרגען זשורנאַל" און דער „טאַגעבלאַט"? פֿאַר וואָס זענען זיי ניט געל? מוז מען אפשר טאַקע צוגעבען, אַז דער פֿאָהר־וואַסער, ד. ה. דער קולטור־מעמד פֿון דער אידישער „באַלעבאַטישער" וועלט איז אַ סך רייכער, עהדער דער קולטור־מעמד פֿון די ראַדיקאַלע אידישע מאַסען... וואָס פֿאַר אַ קאָפּ מען האָט, אַזאַ היטעל טראָגט מען".

אַ גאַנצען פֿאָנטאַן פֿון תרעומות, חשדים און פּשוטע בעליי־דיגונגען האָט דר. פֿאַרנבערג אַרויסגעשפּריצט אויף מיר פֿאַר אָט די פּאָר ווערטער.

„די 'ריינקייט' פֿון דער באַלעבאַטישער פּרעסע און דער 'ריי־נער' קולטור־מעמד פֿון דער 'באַלעבאַטישער' וועלט, זענען ביידע אַ חלום, זיי עקזיסטירען נאָר אין דר. זשיטלאָווסקי'ס רייכער פֿאַנ־

טאַזיע". דאָס איז דער רעזולטאַט, צו וועלכען דר. פאַרנבערג קומט וועגען דעם פּונקט.

קודם כל האָט ער פערגעסען, אז דעם פאַקט גופא פון דער ניט־געלקייט פון דער „באַלעבאַטישער" פּרעסע האָב איך בתמימות אריבערגענומען פון יצחק אייזיק'ען. יצחק אייזיק שרייבט: „עס איז אַ פאַקט אַז די צוויי קאָנסערוואַטיווע צייטונגען, דער „טאָגע־בלאַט" און דער „מאָרגען־זשורנאַל" זענען ניט געל און האָבען פון דעסטוועגען פּונקט אַזאַ סירקולייזשאָן ווי די צוויי געלע צייטונגען. הייסט דאָס דען, אז די אָבגעשטאַנענע אידען גלייכען אַן אנשטענ־דיגע צייטונג, וועהרענד דער ראַדיקאַל געזאָננענער יונגער דור וויל דוקא אַ געל שמאַטע? וואָס איז דער שכל דערפון? יעדע זאַך דאַרף דאָך האָבען אַ זין", („דאָס נייע לעבען", זייט 468). אין מיין אַרטיקעל שוואַך איך אָב אַ ביסעל דעם „פאַקט", וועלכען יצחק אייזיק שטעלט אַוועק אַזוי זיכער און פעסט. „אויך דער „מאָרגען־זשורנאַל" און דאָס „טאָגעבלאַט", זאָג איך, זענען נאָך גאַנץ ווייט פון צו מעגען פּרעטענדירען אויף דעם טיטעל: אַנ־שטענדיגע אינטעליגענטע פּרעסע", („ד. נ. ל.", ז. 506). אָבער שטעלענדיג זיך אויף דעם פאַקטישען באָדען, וועלכען יצחק אייזיק גיט אונז, פרעג איך אויך אין איינעם מיט איהם: „וואָס איז דער שכל דערפון? יעדע זאַך דאַרף דאָך האָבען אַ זין!"

וואָלט איך געשטאַנען אויף דעם שטאַנדפּונקט פון דער ראובן־שמעון־טהעאָריע, וואָלט „דער שכל דערפון" געווען גאָר אַ פּשוטער: צוויי מענשען, לוי און יהודה, בטבע אנשטענדיגע, וואָס האָבען פיינט שנאת־מות סענסאַציע און צירקולאַציע, האָבען בעשאַפען צוויי אנשטענדיגע צייטונגען.

איך האָב ניט די עהרע פּערזענליך נעהענטער צו קענען די הערן פון „טאָגעבלאַט" און „מאָרגען־זשורנאַל" און וויל בשום אופן ניט אַרויפוואַרפען קיין ברעקעל חשד אויף זייער אנשטענ־דיגקייט, און אויב איך גלויב ניט אָט אין דעם פּשוטען „שכל דער־פון", איז ווייל איך גלויב איבערהויפּט ניט אין דער ראוב־שמעון־טהעאָריע. עס לייגט זיך מיר בעסער אויף'ן שכל אָנצונעהמען, אז אויב דער קולטור־מעמד פון דער באַלעבאַטישער וועלט וואָלט ניט געווען קיין העכערער, עהדער דער קולטור־מעמד פון די אידישע

ראַדיקאַלע מאַסען, וואָלטען די מלאכים, לוי און יהודה, ניט גע־קאָנט דורכפיהרען זייער מיסיאָן.

ס׳פערשטעהט זיך, אז ווען איך זאָג דער קולטור־מעמד מיין איך ניט דעם מעמד פון דער פּ ר אָ ג ר ע ס י װ ע ר קולטור. איך ווייס גאַנץ גוט, אז דאָס „טאַגעבלאַט“ און דער „מאָרגען־זשורנאַל“ זענען קאָנסערוואַטיווע, ניט קיין פּראָגרעסיוו־ראַדיקאַלע צייטונגען. אָבער די ריכטונג פון דער קולטור און דער מעמד פון דער קולטור זענען צוויי פערשיידענע זאַכען. עס קאָן געמאָלט זיין אַ הויכער מעמד פון אַ קאָנסערוואַטיווער קולטור ביי דער באַ־לעבאַטישער וועלט און זעהר אַ נידעריגער מעמד פון אַ פּראָגרע־סיווער קולטור ביי די מאַסען.

מיר דוכט נאָך עד היום, אז דאָס איז טאַקע אַזוי. די באַלע־באַטישע וועלט האָט געהאַט אין דער היים אַ וועלכע עס איז אידישע ערציהונג. זי האָט געלייענט אַ העברעאיש ביכעל און אַ העברעאישע צייטונג. און אפילו ווען זי האָט זיך אינטערע־סירט מעהר נישט ווי מיט דעם תנך און דעם משניות, איז דאָס שוין אויך גענוג צו געבען די מוחות אזא שפּייז, אז זיי זאָל עקלען פון די סענסאַציאָנעלע פאַמיליען־פּליאָטקעס און פון דער מעהר אָדער ווייניגער צוגעפּוצטער זנות־ליטעראַטור. זיי מוזען שטעלען העכערע פאָדערונגען צו דער קוואַליטעט פון דעם לעזע־שטאָף וואָס מען גיט זיי. ווי ראַדיקאַל מיר זאָלען ניט בעקעמפען די ר י כ ט ו נ ג פון דער באַלעבאַטישער וועלט, קאָנען מיר דאָך אָבער ניט אָבלייקענען, אז זי (און ניט די מאַסען) האָט בעשאַפען די רייכע און טיעף־מאָדערנע העברעאישע ליטעראַטור אין דער היים. דאָס מוז זיך, פערשטעהט זיך, אָברופען אויך אויף די פאָ־דערונגען, וואָס זי שטעלט צו דער א י ד י ש ע ר פּרעסע.

וועלכע ערציהונג האָט אָבער געהאַט אונזער מאַסע? דעם פינסטערען אידישען חדר ביז צום צעהנטען יאָהר? די צרה׳דיגע תלמוד תורה? און ווי גרויס איז דער פּראָצענט פון איהר, וואָס האָט געהאַט אפילו אזא ערציהונג? יעדען איינעם איז בעקאַנט, אין וואָס פאַר אַ שרעקליכען צושטאַנד עס געפינט זיך די אידישע פאָלקס־ערציהונג אין דער היים, ווי ווייניג קולטור, אָרטאָדאָקס־אידישע אָדער מאָדערן־פּראָגרעסיווע, אונזער חושך׳ע פאָלקס־ פע־

דאַגאָניע האָט געקאָנט געבען די פאָלקס־מאַסען. פון וואַנען האָבען זיי געזאָלט נעהמען אַ וועלכען עס איז ערנסטען קולטור־מעמד? עס איז, דעריבער, אפשר אַנצונעהמען, אז די קאָנסערוואַטיווע פרעסע שפּיגעלט אָב דעם קולטור־מעמד פון דער „באַלעבאַטישער" וועלט, ווי די ראַדיקאַלע — דעם קולטור־מעמד פון די מאַסען. איך זאָג: אפשר, ווייל איך בין דערינען ניט זיכער. אין אַלע ערנסטע פראַגען פון דעם אידישען לעבען מוזען מיר טאַפּען אין דער פינסטער, ווייל מיר האָבען ניט קיין סטאַטיסטיק, און מיר ווייסען ניט, וואָס פאַר אַ שוהל־בילדונג עס האָבען געהאַט אונזערע „בעלי־הבתים" און אונזערע מאַסען...

דאָס זענען אויך אַלץ אַזעלכע באַנאַלע געדאַנקען, אז עס איז פּשוט אַ חרפּה צו דערקלעהרען זיי אַ מעהר אָדער ווייניגער געבילדעטען מענשען. אָבער דעם דר. פאָרנבערג זענען זיי גאָר אויפ'ן זינען ניט אַרויף. די אויבען־ציטירטע פאַר ווערטער וועגען דער באַלעבאַטישער וועלט און פרעסע האָבען אין זיין מוח אַרויסגערופען אַ קאַנקאַן פון פאַנטאָמען און געשפּענסטער, שדים און לצים האָבען זיך גענומען דרעהען פאַר זיינע אויגען אין אַ וויכער. אַ קאַמף פון אידישקייט און אייראָפּעאישקייט, אַ געלוסט אַריינצוּוואַרפען זיך אין די אָרעמס פון דער באַלעבאַטישער וועלט, אַ בעל־תשובה שטימונג און אַ חרטה, וואָס איך געהער צו דעם סאָציאַליסטישען און רעוואָלוציאָנערען לאַגער. און אָט דער גאַנצער וויכער פון דבוקים און לענטעכער האָט זיך צונויף געקנוילט אין זיינע שלום־ווערטער: „אַ גרויסען פּאָליטישען פעהלער, זאָגאַר אַ קולטור־פערברעכען בעגעהט דער, וועלכער — ווי עס שיינט צו זיין דער פאַל אויך מיט דר. זשיטלאָווסקי — ווענדעט זיך אָב פון די אידישע מאַסען כדי צו וואַרפען זיך אין די אָרעמס פון די אידישע באַלעבאַטים"...

וואָס פאַר אַן „עורבא פרח"!

דעם זעלבינגען גראַד פון קלאָרען פערשטאַנד האָט דר. פאָרנבערג אַרויסגעוויזען אין זיין קריטיק פון יענע מיטלען, וואָס איך שלאָג פאָר, כדי צו בעקעמפען די „ראַדיקאַלעכץ" און די „אויפקלעהרעכץ". נאָך גאַנץ אונטער דער שליטה פון די לענטעכער, האָט זיין מוח ניט בענומען גאָר אַ קליינינקייט: אַז איך קעמף אַנטקעגען „אויפ־

קלעהרעכץ", ווייל איך וויל האָבען אויפקלעהרונג, און אז איך האָס מיט אַלע נערוועז פון מיין גוף, מיט יעדען אטאָם פון מיינע נערוועז, די אויבערפלעכליכע „ראדיקאלעכץ", ווייל איך האָבען טיעפען, ערנסטען ראדיקאליזם..."

צווישען אנדערע מיטלען, וואָס איך האָב פאָרגעשלאָגען (און וואָס זענען אַלע אין איינעם ניט מעהר ווי אַ קליינער טייל פון דעם וואָס מען רופט „נאציאָנאַל־קולטורעלע ארבייט אין גלות") איז אויך געווען „איבערזעצונגען פון די בעסטע אמת'ע אויפקלעהרער פון דער ציוויליזירטער וועלט, די אַלע פייערבאכס און פרודאָנס און ניטשעס און לאנגעס". דר. פאָרנבערג מאכט דערצו אַזאַ פּירוש. די אַלע נאָר וואָס דערמאָהנטע אויפקלעהרער דאַרפען „פערנעהמען אין דר. זשיטלאָווסקי'ס נייעם מעדיצין־בוך דעם פּלאַץ פון די איצטיגע איבערזעצונגען פון מארקס, פון דארווין, פון קאוטסקי, א. ד. גל. דאָס זענען דאָך אָבער נאָר אונטערשיידען אין געשמאַק זאכען. דר. זשיטלאָווסקי'ן דאכט זיך, אַז עס איז וויכטיגער פאר די אידישע מאסען צו וויסען קודם כל ניטשע; אנדערע דאכט זיך, אַז מארקס און דארווין פערדיענען פיעלייכט די בכורה. דר. זשיטלאָווסקי'ן דאכט זיך, אַז די געשיכטע פון מאַטעריאַליזמוס לאנגע'ס איז פאַר די אידישע מאַסען די ערשטע נויטווענדיגע גייסטיגע נאהרונג, און מיר קאָן זיך דוכטען, אַז די געשיכטע פון סאָציאַליזם קאוטסקי'ס איז ניט ווייניגער אויפקלעהרענד און וויכטיג; און אַ דריטען קאָן אויסקומען, אַז קראָפּאָטקין'ס ווערק צ. ב. האָבען היינט אַ פיעל גרעסערען קולטור־ווערט ע׳הדער פרודאָן'ס".

אָט דאָס הייסט: פערשטאנען, וואָס מען רעדט! דאכט זיך, פאר יעדען איינעם דארף זיין קלאָהר, אַז וויבאלד איך רעד פון אַזעלכע פערשיידענע גייסטער, ווי ניטשע און פייערבאך, ווי לאנגע און פרודאָן, קאָן איך ניט האָבען אין זינען אַ וועלכע עס איז בעשטימטע ריכטונג אָדער אויסשליסען אַ וועלכע עס איז אַנדערע בעשטימטע ריכטונג פון דער ראדיקאלער אויפקלעהרונג, און וויבאלד איך ברענג די „פייערבאכס און לאנגעס" בלשון רבים, זענען זיי שוין כולל אַלע אויפקלעהרער, וואָס שטעהען נאָר ניט נידעריגער פאר זיי אין דעם גראַד פון ערנסטקייט און וויסענשאַפטליכקייט: די קאוטסקיס און די קראָפּאָט־

קינס, און די וואָלטערס, און די זשאַן־זשאַק רוסאָ'ס און די... און די...

אמת, אין זיי געהט ניט אריין ניט דארווין און ניט מארקס. אָבער עס געהען אויך ניט אריין ניט די קאַנטס, ניט די העגעלס, ניט די ניוטאָנס. פאַר וואָס? ווייל זיי געהערען שוין ניט צו דעם קלאַס „אויפקלעהרער". זיי זענען זעלבסטשטענדיגע וויסענשאַפטליכע און פילאָזאָפישע פאָרשער. ווי שווער עס זאָל אמאָל ניט זיין צו ציעהען די גרענעץ־ליניע ביי יעדעם איינצעלנעם דענקער, וואו אין איהם הערט אויף דער „אויפקלעהרער" און וואו עס הויבט זיך אָן דער זעלבסטשטענדיגער פאָרשער, קאָן מען דאָך קיין מאָל ניט צונויפמישען אין איין טאָפּ קאַוטסקי'ן און מארקס'ן, קאַנט'ען און לאַנגע, ניוטאָנ'ען און וואָלטער'ן.

וויל איך אפשר ניט, מע זאָל איבערזעצען אין אידיש די מארקסעס, די דארווינס, די ספינאָזאַס? אדרבה ואדרבה! כדי צו האָבען אַ אידישע אינטעליגענץ, וואָס זאָל געפינען אין דער היים גענוג גייסטיגע שפייז, וואָס זאָל דעריבער ניט דארפען אַנטלויפען צוליעב איהר אין אַ פרעמדען קולטור־קרייז, מוזען מיר איבערזעצען אַ ל ע גדולים פון דער אַלוועלטליכער ליטעראַטור, וויסענשאַפט און פילאָזאָפיע. אָבער אין מיין ארטיקעל האָב איך געזעדט ניט וועגען דער טיעפערער וויסענשאַפטליכער אויסבילדונג פון דער אינטעליגענץ, נאָר פון דער איינפאַכער ראַדיקאַלער בילדונג פאַר גרעסערע קרייזען. דעריבער האָב איך, לעומת די העלדען פון אונזער ראַדיקאַלער „אויפקלעהרעכץ", אַוועקגעשטעלט אַ פּאָר טיפּען פון דער אייראָפּעאישער ר אַ ד י ק אַ ל ע ר א ו י פ־ ק ל ע ה ר ו נ ג. יע, קאַוטסקי, — אודאי! איהם טאָר מען אויך ניט ארויסלאָזען פון לייסטער.

אגב אורחא, וואָלט איך וועלען פרעגען דר. פאָרנבערג: ער רעדט וועגען די „ביז־איצטיגע איבערזעצונגען פון מארקס, פון דארווין, פון קאַוטסקי, פון קראָפּאָטקין און ד. גל." קרטפּאָטקין'ס איינינגע זאכען האָב איך אין אידיש, אָבער אויך ניט די טיעפערע. קאָן ער אפשר זיין אזוי גוט און מיר דערצעהלען, ווער און וואו האָט איבערזעצט אין אידיש זיין „געגענזייטיגע הילף", זיין „פעלדער און פאַבריקען"? וואו און ווער האָט „ביז איצטער" איבערזעצט

דאַרווין׳ס ווערק? וואו קאָן איך קריגען קאַרל מאַרקס׳ „קאַפּיטאַל“ אין אידיש? קאַוטסקי׳ס „געשיכטע פון׳ם סאָציאַליזם“, ווער זענען און ד. גל., וואָס זענען איבערזעצט געוואָרען אין אידיש? און צוליעב וואָס און וועמען שיט ער דאָ זאַמד אין די אויגען, אויסרעכענענדיג אַט די אַלע „ביז איצטיגע איבערזעצונגען“, וואָס זענען קיין מאָל ניט געמאַכט געוואָרען? *)

„דאָס נייע לעבען“ 1909.

*) ווי דאָס האָט זיך דאָס אַ ביסעל געענדערט אין די לעצטע פּאָר יאָהר! די בעסערע ווערק פון קראָפּאָטקין און לאַסאַל און פּרודאָן און אפילו קאַרל מאַרקס׳עס „קאַפּיטאַל“ ווערען שוין איבערזעצט אין אידיש!... ווער עס קוקט זיך צו גענויער צו דער ענטוויקעלונג פון דער אידישער ליטעראַטור און פּרעסע, קאָן שוין איצטער ניט שטעהן אויף יענעם פּעסימיסטישען שטאַנדפּונקט פון 1909. און מיר שעצען זיך גליקליך, וואָס מיר זענען די גאַנצע צייט געשטאַנען אין קאַמף פאַר אַט דעם העכערען מעמד פון דער אידישער ליטעראַטור. (1918).

# אַ פּאָר ווערטער וועגען אינטעליגענץ און עם־הארצות

## 1

פּעטער לאַווראָוו גיט איבער (איך געדענק שוין ניט וואו) אַ פּיקאַנטען אַנעקדאָט, פאַר וואָס טורגעניעוו האָט ניט געוואָלט לייענען זיינע, לאַווראָוו'ס, זאַמעל־ביכער „ווּפּעריאָד“. „איך האָב אַריינגעבליקט אין דאָס ערשטע בוך“, דערצעהלט טורגעניעוו, „ערשט דאָרטען בעווייזט מען דעם נוצען פון וויסענשאַפט, און איך האָב שוין ניט געהאַט קיין חשק צו בלעטערען ווייטער“.

פאַר טורגעניעוו'ן, ווי פאַר יעדען געבילדעטען מענשען, איז עס געווים אַ פּשוט'ע בעליידיגונג, ווען מען לאַדט איינעם איין, ער זאָל אויסהערען אַרגומענטען וועגען דעם „נוצען פון וויסענשאַפט“. דאָס וואָלט געווען אַלץ איינס, ווי צונויפקלייבען אַ געלעהרענטען עולם און בעווייזען איהם מיט אותות ומופתים, אַז ס'איז ניט גוט צו עסען חלב'נע ליכט, איינוואַשען זיך מיט וויטריאָל און אָבווישען זיך מיט גלעזערנע שערבלעך.

דאָס פּיקאַנטע אין דעם אַנעקדאָט איז אָבער, וואָס לאַווראָוו'ן איז יעמאָלט גאָר אויפ'ן זין ניט אַרויף, צו בעווייזען די נויטווענדיגקייט פון וויסענשאַפט און קולטור איבערהויפּט, פאַר דעם מענשען בכלל. טאָלסטאָי'ס לעהרע, מיט איהר ראַדיקאַלען אָבלייקענען פון יעדער מאָדערנער קולטור און וויסענשאַפט, איז יעמאָלט, אין דעם אָנהויב פון די 70־ער יאָהרען, נאָך ניט געבוירען געווען, און פערטהיידיגען דעם „נוצען פון וויסענשאַפט“ האָט מען גענדאַרפט אַנטקעגען אַן אַנדער געגנער, וואָס האָט, אַקוראַט אַזוי ווי לאַווראָוו און אַלע געבילדעטע מענשען, אויף דעם זעלביגען שטייגער געגלויבט אין דער אונגעהויער גרויסער ראָליע פון דער מענשליכער ציוויליזאַציע.

דער געגנער איז געווען באַקונין און די באַקוניסטען; און גע־לייקענט האָבען זיי ניט די וויסענשאַפט. מען האָט זיך געהאַמפּערט וועגען דעם, זאָל מען איצטער, אין די 70־ער יאָהרען, ווען רוסלאַנד און די גאַנצע וועלט שטעהט אויפ׳ן שוועל פון דער סאָציאַלער רע־וואָלוציע, וואָס דאַרף ארויסרייסען זיך ניט היינט־מאָרגען, — זאָל נאָך איצטער די אינטעליגענץ געהן אין די אוניווערסיטעטען, אָנשטאָפּען זיך מיט בילדונג און וויסענשאַפט אויף דעם פאָלק׳ס חשבון. די באַקוניסטען האָבען גע׳טענה׳ט, אַז די יונגע אינטעלי־גענץ, וואָס איז איבערגעגעבען צו די אינטערעסען פונ׳ם פאָלק, דאַרף פאַרלאָזען די בילדונגס־אַנשטאַלטען און אויפ׳ן שטעל געהן אין דאָרף ניט צו פּראָפּאַגאַנדירען, נאָר כדי אַריינצוואַרפען דעם פונק פון אויפרוהר אין דעם פּאָלקס־מאַס פון דעם פאָלקס גרים־צאָרן. דערצו דאַרף מען ניט האָבען קיין בילדונג און קיין וויסענ־שאַפט, און יעדער „גראַמאָטנער" אינגעל, וואָס האָט נאָר אַריינגע־נומען טיעף אין הארצען דעם באַקוניסטיש־אַנאַרכיסטישען „אני־מאמין", קאָן ווערען אַ טהוער און פיהרער.

לאַווראָוו און די לאַווריסטען האָבען אויך געגלויבט אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און אין איהר באַלדיגען ארויסרייסען זיך. אָבער דוקא דערפאַר האָבען זיי פערלאַנגט, אַז די רעוואָלוציאָנערען, וואָס וועלען דאַרפען שפּיעלען אַ וויכטיגע ראָליע אין דעם לעבען, זאָלען זיין געבילדעטע, טיעף וויסענשאַפטליך־געבילדעטע מענשען, וואָס זאָלען אויסאַרבייטען זייערע אידעאַלען און זייער וועלט־אַנשויאונג דורך דעם אייגענעם קריטישען דענקען און ניט לאָזען זיך פערבלענדען דורך מאָדע־פראַזען און הויך־קלינגענדע כלומרשט וויסענשאַפטליכע טהעאָריעס.

אַ תלמיד פון עמנואל קאַנט, איז לאַווראָוו׳ן דער „אבסאָלוטער" אמת אליין ניט ווערטה געווען אַ גראָשען, אויב ער איז ניט ארויס־געפלאָסען פון דעם אייגענעם קריטישען געדאַנק; אַ תלמיד פון קאַרל מאַרקס, איז ביי איהם דער אייגענער קריטישער געדאַנק ניט פיעל ווערטה געווען, אויב ער איז ניט געווען אויפגעבויט אויף אַ וויסענשאַפטליכען פונדאַמענט. ניט צוליעב וואַרפען פונקען פון אויפרוהר אין דעם פּאָלקס־מאַס דאַרף מען געהן אין דאָרף, נאָר כדי צו פּראָפּאַגאַנדירען און פערשפּרייטען די נייע סאָציאַליסטישע

ו י ס ע נ ש א פ ט, וועלכע מען מוז פריהער פאַר אַלץ זעהר טיעף און גרינדליך אויסשטודירען אין דער היים... ניט אומזיסט האָבען די באַקוניסטען געשפּיהרט אין לאַווראָוו׳ן דעם „מאַרקסיסט" און דעם „וויסענשאַפטליכען"...

טורגעניעוו האָט פון די אַלע מעשיות קיין ברעקעל בעגריף ניט געהאַט, די אינוועניגסטע אמפּעריען צווישען די רעוואָלוציאָנערע ריכטונגען האָבען איהם וועניג וואָס אינטערעסירט. ער האָט גענומען לייענען דעם „וופּעריאָד", כדי צו זעהן, וואָס קאָן א י ה ם, דעם געבילדעטען טורגעניעוו׳ן, געבען דער גרויסער רוסישער דענקער און געלעהרנטער. און בעת ער האָט דערזעהן, אַז לאַווראָוו רעדט מיט היטץ וועגען דעם „נוטצען פון וויסענשאַפט", האָט ער געמוזט מיט א געניץ צומאַכען דאָס בוך...

איך האָב מיך איצטער דערמאָהנט אָן דעם גאַנצען עפּיזאָד, ווייל מיר האָט זיך שיער אויסגעדאַכט, אַז איך געה אַליין שרייבען וועגען „דעם נוצען פון וויסענשאַפט", און ווייל די פראַגע וועגען דער ראָליע פון וויסענשאַפט (און פון איהרע טרעגער, דער אינטעליגענץ) אין דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג, ווייזט אויס, איז ניט אין גאַנצען פערשוואונדען מיט דעם טויט פון דער אַמאָליגער פּאָלעמיק וועגען דעם ענין. עס ווייזט אויס, אַז אין דער נאָהענטער צוקונפט וועט דערזעלביגער סכסוך זיך נאָך א מאָל פאַנאַנדערפּלאַקערען אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, און איצטער וועט מען די וויסענשאַפט און די אינטעליגענץ דאַרפען פערטהיידיגען ניט נעגען די אַנאַרכיסטישע באַקוניסטען; די „אָנפּאַלער" וועלען גאָר זיין די „היפּער־כשר׳ע" מאַרקסיסטען גופא.

שוין אין דעם ערשטען אַרויסטרעטען פון דער רוסלענדישער מאַרקסיסטישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז ווידערבעלעבט געוואָרען די אַלטע פיינדשאַפט פון דעם באַקוניסטישען „נאַראָדניק" צו דעם „אינטעליגענט". פערשטעהט זיך מיט א קליינינקען אונטערשייד, וואָס איז אַרויסגעוואַקסען פון זיין פערשיידענער שטעלונג צו דעם „נאַראָד" („דעם פאָלק").

פאַר דעם „נאַראָדניק" איז דער „טרעגער" פון אַלע אמת׳ען און אידעאַלען געווען דאָס פאָלק, דער פ ו י ע ר. ער, דער פויער, — אזוי האָט דער נאַראָדניק געגלויבט, — איז אויס „אינסטינקט"

אַ קאָמוניסט און אַן אַנאַרכיסט, און די גאַנצע אויפגאַבע פון דער אינטעליגענץ איז — פערגעסען אָן די אייגענע אידעאַלען, צוהערען זיך צו דער שטים פון דעם פאָלקס־אינסטינקט, און ריכטיג צופּאַסען זיין טהעטיגקייט צו יענע בעדערפעניסען און געדאַנקען, וואָס מוזען על פי נויטווענדיגקייט ארויסוואַקסען פון די טיעפעניסען פון דעם פאָלק׳ס נשמה.

דער סאָציאַל־דעמאָקראַט האָט גענומען אנשטאָט דעם פויער דעם פּראָלעטאַריער. ער, דער פּראָלעטאַריער, איז ניט על פּי אינסטינקט, נאָר לויט זיין סאָציאַלער לאַגע, דער אמת׳ער טרעגער פון דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישען אידעאַל אין דער צו־קונפט פון דער גאַנצער מענשהייט. דער אינטעליגענט, אויב ער וויל האָבען אַ ווערכע עס איז ווירקונג אויף דעם גאַנג פון די היס־טאָרישע פּאַסירונגען, דאַרף אויך קודם כל פערגעסען אָן זיינע אייגענע אידעאַלען און צוהערען זיך צו יענע אינטערעסען און פאָר־דערונגען, וואָס מוזען על פי נויטווענדיגקייט ארויסוואַקסען פון דעם פּראָלעטאַריאַטס לאַגע און פון זיין ענטוויקלונג.

אמת, יענע אינטערעסען און פאָרדערונגען מוזען זיך צונויפ־שמעלצען מיט אַ גאַנצער וועלט־און־ לעבענס־אַנשויאונג און זיך אויסגיסען אין אַ וויסענשאַפטליכען סיסטעם, אין אַ סיסטעם פון׳ם „וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם“. די אויסאַרבייטונג פון דעם סיס־טעם, זיין ווייטערע ענטוויקלונג און פערטיעפונג מוז איבערגעלאָזען ווערען אין די הענד פון די געבילדעטע און געלעהרנטע, ד. ה. אין די הענד פון דער אינטעליגענץ. אָבער — פון וואָס פאַר אַן אינטע־ליגענץ? פון דער, וואָס האָט לכתחילה איינגעזעהן, אַז איהר גאַנצע וויסענשאַפט איז ניט מעהר ווי אַ פּירוש אויף דעם פּראָלע־טאַריאַטס אייגענעם, ניט קלאָהרען קלאַסען־געדאַנק. אַזאַ אינ־טעליגענץ איז שוין דאָ. דאָס איז די מאַרקסיסטישע אינ־טעליגענץ; און אויך איהר וויסענשאַפט איז שוין אין אַלע וויכ־טיגע פונקטען פאַרטיג, — דאָס איז דער סיסטעם פון דעם וויסענ־שאַפטליכען סאָציאַליזם.

אויף אַזאַ אופן האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געלייקענט ניט די אינטעליגענץ בכלל, נאָר די בורזשואַזע אָדער „אוטאָפּיסטי־שע“ — די ניט וויסענשאַפטליך־מאַרקסיסטישע אינטעליגענץ.

נאָך ערגער איז געוואָרען די לאַגע פון דער אינטעליגענץ און דער „וויסענשאַפט“ אין יענע קרייזען פון דער פּראָלעטאַרישער בע־וועגונג, וואָס זענען אויפגערודערט געוואָרען דורך די קריטיק פון דעם מאַרקסיזם. די קריטיק האָט דאָך אָנגעגריפען אַלע יסודות פון דער „פּראָלעטאַרישער“ וועלט־אַנשויאונג און האָט זיך דער־וועגט אויפצוהויבען אין חוצפה איהר האַנד אויף דעם אויסשליעס־ליכען יחוס פון דעם פּראָלעטאַריאַט גופא. די סאָציאַלע רעוואָלו־ציע, וואָס האָט געזאָלט דורכגעפיהרט ווערען פון דעם פּראָלעטאַ־ריאַט — און נאָר פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַליין — אנטקעגען דער איין־אײנציגער „רעאַקציאָנערער“ מאַסע פון די ניט פּראָלעטאַריער, איז דורך די קריטיק אָבגערוקט געוואָרען אויף אַ גאַנץ היבשען מהלך צייט ; די ארבייט פאַר די געגענוואַרט איז ארויסגערוקט גע־וואָרען אויף דעם ערשטען פּלאַן, און פון דעם נייעם שטאַנדפּונקט האָט מען געמוזט די „איין־איינציגע רעאַקציאָנערע מאַסע“ פאַנאַנ־דערשפּאַלטען אין ווענינער און מעהר פּראָגרעסיווע עלעמענטען און זוכען אַ פערבינדונג מיט די לעצטערע. מען האָט געמוזט אין איינעם מיט זיי זעהן ארויסצופּרעסען פון דער איצטיגער געזעל־שאַפט אַלץ, וואָס מען קאָן נאָר ארויספּרעסען, כדי אויפצוהויבען די עקאָנאָמישע און קולטורעלע מדרגה פון דער ארבייטערשאַפט. די ריינקייט פון דעם „ריין־פּראָלעטאַרישען שטאַנדפּונקט“ איז פער־שוואונדען.

די אינטעליגענטערע, פּראָגרעסיווערע, ניט סאָציאַליסטישע עלעמענטען פון דער געזעלשאַפט זענען געוואָרען גאָר נאָהענטע מחותנים צו דעם פּראָלעטאַריאַט, און אַ גרויסער טהייל פון זיי איז דירעקט צוגעשטאַנען צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פערשטאַר־קענדיג די מאַכט פון דער נייער טאַקטיק. די מאַרקסיסטישע אָר־טהאָדאָקסיע, די היטערין פונ׳ם אַלטען גלויבען, איז געווען גע־צוואונגען אין דער טעגליכער ארבייט פון דער פּאַרטיי אָבצוטרעטען איין פּאָזיציע נאָך דער אַנדערער, און עס האָט אויסגעוויזען, אז טאָמער אזוי איז זי פעראינטערעסירט אין די אַלטע פּאָזיציעס פונ׳ם פּראַק־טישען קאַמף, ווי אין דעם, אז אויך איבער דעם נייעם לאַגער־פּלאַץ זאָל פלאַטערן די אַלטע טהעאָרעטישע פאָהן פון דער פּאַרטיי. מיט דער אַלטער רעוואָלוציאָנער־פּראָלעטאַרישער פראַזע האָבען זיי

געוואָלט פערדעקען דעם נייעם רעוויזיאָניסטישען אינהאַלט פון אַלץ, וואָס די פּאַרטיי איז געצוואונגען צו טהאָן.

און ווער איז אין אַלץ דעם שולדיג געווען, אויב ניט „די אינ־טעליגענץ?" די היימישע אינטעליגענץ, וואָס האָט אָנגעהויבען די גאַנצע מעשה, מיט דעם איבערקוקען די אַלטע יסודות, די נייע צוגעקומענע אינטעליגענץ, וואָס איז לכתחילה אריין מיט „אומ־ריינע" אַנשויאונגען, די אָרטהאָדאָקסישע אינטעליגענץ, וואָס האָט ניט איינגעזעהן די „אונשולד" פון דער פּאַרטיי...

כמעט אומעדום, וואו ס'איז דאָ אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אר־בייטער בעוועגונג, האָט זיך דעריבער געמוזט אויסבילדען אַ שאַרף אָפּאָזיציאָנעלע שטרעמונג אַנטקעגען דער אָפיציעלער פיהרונג פון דער פּאַרטיי. צונויפגעגאָסען דאָ און דאָרט מיט ריין־אַנאַרכיס־טישע עלעמענטען, האָט די נייע שטרעמונג געפאָדערט, דער פּראָ־לעטאַריאַט זאָל ווידער אוועקשטעלען זיך אויף יענע פּאָזיציעס, וועלכע ער האָט פערנומען נאָך אין מלך־סאָביעסקי'ס צייטען: די סאָציאַלע רעוואָלוציע — דער איינציגער צוועק פון דער בעוועגונג; דער פּראָלעטאַריאַט — דער איינציגער טרעגער פונ'ם רעוואָלו־ציאָנערען געדאַנק; די איבעריגע וועלט — ווידער „איין־איינ־ציגע רעאַקציאָנערע מאַסע"; קיין קאָמפּראָמיס מיט איהר; קיין פּ אָ ל י ט י ש ע ר קאַמף, וואו אַזוינע קאָמפּראָמיסען קאָן מען בשום אופן ניט פערמיידען...

דער פראַנצויזישער סינדיקאַליזם איז דער אויסדרוק פון אָט דער „אַלט"־נייער שטרעמונג. אין איהם ברויזט איצטער דער קאַמף אַנטקעגען דער „אינטעליגענץ" און פון איהם הילכט ארויס די פאָדערונג, מען זאָל דעם טהעאָרעטישען „עמוד־ענן" ווידער אַ קעהר טהאָן צוריק — צו דעם ריינעם מאַרקסיזם...

דער ריינער מאַרקסיזם! אַ „מאָדנער" מזל איז אויסגעפאַלען אויף דעם גורל פון אָט דעם שעהנעם, רייכען און גרויסאַרטיגען גע־דאַנקען־סיסטעם! מען האָט איהם קיינמאָל ניט פערשטאַנען גאַנץ, מען האָט אריינגענומען אין זיך נאָר דאָס פון איהם, וואָס עס האָט געפּאַסט צו דער צייט און די אומשטענדען. ביז צו דעם סוף זיעב־ציגער יאָהרען האָט די סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ געהאַט זעהר אַ קליינעם בעגריף פון זיין פילאָסאָפיע און זיין געשיכטס־פילאָ־

זאָפיע. בעת עס איז ערשיענען דער ערשטער באנד „קאפיטאל“, האָט מען אין איהם דערזעהן ניט מעהר, ווי א נייעם בעוויז, אז די פאָדערונגען פון דעם סאָציאַליזמוס זענען „ג ע ר ע כ ט“ און אז אָט די גערעכטיגקייט שיינט ארויס, ווי די זון, א דאנק דעם ריין וויסענשאפטליכען אנאליז. מיט די נויטווענדיגע „ענטוויקלונגס־געזעצען“, וועלכע מארקס האט געוואָלט האָבען ענטדעקט אין דעם לעבען פון דער געזעלשאפט, האָט מען זיך ווייניג וואָס אינטערע־סירט. אויך די אייגענאַרטיגע פילאָסאָפיע, וואָס קארל מארקס האָט אויסגעארבייט, — דער „דיאלעקטישער מאטעריאליזם“, — האָט ניט צוגעצויגען צו זיך די געדאנקען פון דער סאָציאליסטישער אינ־טעליגענץ.

ערשט צו דעם סוף פון די זיעבציגער יאָהרען, ווען ביסמארק׳ס רעאַקציאָנערע פּאָליטיק האט זיך אוועקגעשטעלט פאַר איהר הויפּט־ציעל צו דערנעהמען די יאָהרען דער דייטשער סאָציאל־דעמאָקראַ־טיע; ערשט יעמאָלט האָט ענגעלס גענומען פּאָפּולאריזירען זייער פילאָסאָפישען און געשיכטס־פילאָסאָפישען סיסטעם, וואָס האָט באלד געפונען אן אָבקלאנג אין אלע מוחות און הערצער. מיר זענען סאָציאליסטען, — האָט דער מארקסיזם געלערנט, — ניט דערפאר, ווייל אונזערע פאָדערונגען זענען גערעכט און אונז ווילט זיך, אז די גערעכטיגקייט זאָל טריאומפירען. מיר שטרעבען צו דעם סאָ־ציאליסטישען ענדציעל דערפאר, ווייל די געשיכטליכע ענטוויקלונג פון דער מענשהייט טראָגט אין זיך א שטראָם צו איהם, און מיט קיין מאכט אין דער וועלט קאָן קיין פערזאָן אין דער וועלט ניט אויפהאלטען יענעם רייסענדיגען שטראָם. וואָס איז דאָ אזוי נתפּעל און דערשראָקען צו ווערען פון ביסמארק׳ס רעאקציע? וואָס ווערט מען אָבהענדיג, בעת די אינטעליגענץ האָט זיך א וואָרף געטהאָן אין זיינע אָרעמס? די אינטעליגענץ, ווי ביסמארק גופא, זענען ניט מעהר ווי געצייג אין די הענד פון דער בורזשואזיע וואָס ווערט אָנגעטריעבען דורך די מעכטיגע טרייב־קראַפט פון׳ם קלאסען־קאמף. דער אייזערנער קאנצלער איז ניט מעהר ווי א שטרויענע פּופּע אין די הענד פון די אייזערנע ענטוויקלונגס־געזעצען. דער זעלביגער קלאסען־קאמף מוסטירט און דיסציפּלינירט דעם פּראָלע־טארישען חיל, און די צוקונפט מוז געהערען דעם סאָציאליסטישען

פּראָלעטאַריאַט, צי דאָס געפעלט וועמען עס איז, אָדער ניט... אַזוי זאָגט די אונפּאַרטייאישע וויסענשאַפט.

דאַכט זיך, אַז שוין אין די גרונד־געדאַנקען איז קלאָר געווען אויסגעשפּראָכען דער בליק פון דעם „ריינעם" מאַרקסיזם אויף די ראָליע פון דער וויסענשאַפט און דער וויסענשאַפטליך־פאָרשענדער אינטעליגענץ אין דעם סיסטעם פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם. די צייט (וואָס איז נאָך ניט אין גאַנצען פערשוואונדען עד היום) איז אבער ניט געווען מסוגל טיעפער אריין צו טראַכטען זיך אין דעם פונקט פון קאַרל מאַרקס' לעהרע.

מען האָט זיך אָנגעשטויסען אָן דעם פאַקט, אַז די הערשענדע וויסענשאַפט איז אַ מליץ־יושר פון דעם הערשענדען קאַפּיטאַליסטישען קלאַס, און מען האָט זי, — די וויסענשאַפט בכלל, — צו־נויפגעוואָרפען אין איין טאָפּ מיט אַלע אַנדערע פאָרמען פון דער מענשליכער „אידעאָלאָגיע", — מאָראַל, רעכט, פּאָליטיק, רעלי־גיאָן, פילאָסאָפיע „און אזוי ווייטער", — וועגען וועלכע קאַרל מאַרקס האָט געלערנט, אַז זיי שטאַמען אָב פון דעם קלאַסען־קאַמף און זענען ניט מעהר, ווי געוויסע אָבשפּיעגעלונגען פון אַ געוויסער קלאַסען־לאַגע און פון געוויסע קלאַסען־אינטערעסען. מען האָט אריינגעטייטשט אין דעם „און אזוי ווייטער", וועלכע מאַרקס און ענגעלס האָבען אַזוי אָפט געברויכט, אויך די וויסענשאַפט און די קונסט. עס איז דער מאַרקסיסטישער אינטעליגענץ ניט געווען קלאָהר (און עס איז איהר נאָך עד היום ניט גענוג קלאָהר), אַז דער „ריינער" מאַרקסיזם, ד. ה., דער מאַרקסיזם פון מאַרקס און ענגעלס, פיהרט אַ בעזונדער חשבון פאַר די „אידעאָלאָגיען" פון איין זייט (מאָראַל, רעכט „און אזוי ווייטער") און פאַר קונסט און וויסענ־שאַפט פון דער אַנדערער; אַז אויך בנוגע צו די אידעאָלאָגיען איז זיין שטעלונג צו דער פילאָסאָפיע אַן אַנדערע איידער צו מאָראַל, פּאָליטיק „און אזוי ווייטער"...

ס'איז ניט דאָ, אין די „פּאָר ווערטער", דער אָרט, טיעפער אריין צו לאָזען זיך אין דעם ענין און צו דערקלעהרען די גרויסע נפקא מינה, וועלכע דער מאַרקסיזם געפינט אויס צווישען וויסענ־שאַפט און קונסט פון איין זייט און די „אידעאָלאָגיען" פון דער

אנדער זייט. דאָ איז פאר אונזער צוועק גענוג צו דערמאָהנען אז די „אידעאָלאָגיען" וועלען, לויט מארקס, פ ע ר ש ו ו י נ ד ע ן, בעת קונסט און וויסענשאפט וועלען בלייבען אזוי אייביג, ווי איי־ביג עס וועט זיין די מענשליכע געזעלשאפט; אז מארקסען און ענגעלסען האָט זיך קיין מאָל אפילו אין שלאָף ניט גע׳חלומ׳ט, אז דער פּראָלעטאריאט קאָן, בעת ער איז נאָך א פּראָלעטאריאט, ארויס ברענגען פון זיך אליין אן אייגענע „פּראָלעטארישע" וויסענשאפט און אן אייגענע „פּראָלעטארישע" קונסט, אויף דעם זעלביגען אופן, ווי ער ברענגט ארויס „פון זיך אליין" זיין אייגענע שטעלונג צו מאָראל, רעליגיאָן, פאמיליען־לעבען „און אזוי ווייטער"; אז בעת די בורזשואזע אידעאָלאָגיען זענען ארויסגעוואקסען „פון דעם שויס פון דער בורזשואזיע", זענען די מאָדערנע וויסענשאפט (דער דאר־וויניזם!), טעכניק און קונסט איהר „אריין געפאלען אין שויס אריין", ווי ענגעלס דריקט זיך אויס.

וויפיעל קאָפּ־מאטערנים וואָלט דאָס פערשפּאָרט דער מארק־סיסטישער אינטעליגענץ, וואָס האָט דוקא געוואָלט אויך די וויסענ־שאפט און די קונסט ארויס׳פּשט׳לען פון דעם קלאסען־קאמף, ווען זי וואָלט לכתחילה איינגעזעהען, אז זייער וואָרצעל ליעגט גאָר ניט אין דעם קלאסענקאמף, נאָר ערגעץ וואו אין אן אנדער פּלאץ פון דעם מארקסיסטישען סיסטעם!

איך וויים ניט, צי איך דארף בפירוש בעטאָנען פאר מיינע לעזער, אז איך בין לגמרי ניט מסכים מיט קארל מארקס מיינונגען וועגען דער „אידעאָלאָגיע" און די „אידעאָלאָגען". פאר מיר איז אָבער וויכטיג, די מארקסיסטען זאָלען איינזעהען, אז זיי האָבען, לויט די פּרינציפּען פון זייער אייגענער תורה אין איהר ריינער גע־שטאלט, בשום אופן קיין רעכט ניט צונויפצוואווארפען אין איין טאָפּ דעם „אידעאָלאָג" מיט דעם וויסענשאפטליכען פאָרשער און דעם קינסטלער.

יענע אינטעליגענץ, וואָס בעשאפט וויסענשאפט און קונסט, איז אן אויביגע נויטוועגדיגע ערשיינונג אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען, א „לאָגישע" און ניט קיין „היסטאָרישע" קאטעגאָריע.*)

*) וועגען דעם אונטערשייד פון „לאָגיש" און „היסטאָריש" זעה די אַרטיקלען: „היסטאָרישע אידעען־פערבינדונגען" אין דעם דריטען באַנד פון מיינע „געזאַמעלטע שריפטען".

און דערצו נאָך אזא „קאטעגאָריע", וועלכע דער פּראָלעטאריאט מ ו ז, על פּי דער „ר י י ן" מארקסיסטישער טהעאָריע אריינ־פּאלען... וויסענשאפט און קונסט וועט דער פּראָלעטאריאט אָנהויבען אליין צו שאפען ערשט „אויף מאָרגען נאָך דער סאָציאלער רעוואָלוציע," ד. ה. ערשט יעמאָלט, ווען ער וועט שוין זיין — אויס „פּראָלעטאריאט"...

עס פערשטעהט זיך, אז די שאנסען פון דעם פּראָלעטאריאט ארויס צו ברענגען פון זיך אליין וויסענשאפטליכע פאָרשער און קינסטלער אָדער לכל הפּחות צו געניעסען מיט א קלאָהרען פער־שטענדעניס די פּראָדוקטען פון דער העכערער מענשליכער קולטור, מוזען וואקסען אלץ מעהר, וואָס מעהר מיר זאָגען זיך אָב פון דער אבסאָלוטער „פערעלענדונגס־טהעאָריע", וואָס מעהר מיר גיעבען צו, אז די ארבייטערשאפט קאָן נאָך פאר דער סאָציאלער רעוואָלו־ציע אויפהויבען זיך אויף א הויכער עקאָנאָמישער און קולטורעלער מדרגה. אָבער מיט דעם וואקסען פון אזעלכע שאנסען זענען ענג פערבונדען אויך אלע יענע בייזע אפּקורסות'ען, ווי דער פּאָליטי־שער קאמף, די אָבמאכונגען מיט דער ראדיקאלער בורזשואזיע, די צוציהונג פון דער ראדיקאלער אינטעליגענץ א. אז. וו., אנטקעגען וועלכע עס טרעט ארויס אזוי שטרענג דער מאָדערנער ריין „פּראָ־לעטארישער" סינדיקאליזם.

ווי די מעשה איז, איז זיין גאנצער איצטיגער קאמף אנטקעגען דער אינטעליגענץ א נאאיווער קאפּריז פון א פּאָר אינטעלי־גענטען, און נאָך נאאיווער און קאָמישער קומט ער אויס, ווען מען זעהט, אז ער, דער קאמף, ווערט אָנגעפיהרט אונטער דעם אויס־געשריי: „צוריק צום ריינעם מארקסיזם!" דאָרטען, אין דעם ריי־נעם מארקסיזם, איז געווים קיין פּלאץ ניטאָ פאר א וועלכען עס איז נתפּעל ווערען פאר דעם „עם־הארץ", און מעג דער „עם־הארץ" זיין דער „ברודער־ארבייטאָרער" בכבודו ובעצמו.

איך וואָלט געוואָלט אלע איצטיגע „ריין־פּראָלעטאריער", וועל־כע פאלען אָן אויף דער אינטעליגענץ, דערמאָהנען אָן יענע סצע־נע, וואָס האָט זיך אָבגעשפּיעלט צווישען קארל מארקס'ען און דעם ריין־פּראָלעטארישען ווייטלינג נאָך אין די פערציגער יאָהרען פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט. דער געניאלער שניידער־יונג, וועמעס

ווערק עם האָבען ארויסגערופען אזא בעגייסטערונג אין קארל מארקס, איז אין גאנצען מטושטש געוואָרען, ווען קארל מארקס האָט איהם נענוג שארף פערהערט אין דעם פונקט פון וויסענשאפט. ער איז אין גאנצען צושלאָגען געוואָרען, ווען קארל מארקס האָט איהם ארויסגעדונערט זיין גזר־דין, אז פון „עם־הרצות“ איז נאָך קיין מאָל קיין גוטס ניט ארויסגעקומען.

וואָלטען די סינדיקאַליסטען דאָס תמיד געהאט אין זינען, וואָלט עס ניט געקאָנט קומען דערצו, אז ז ש ו ל ג ע ד, דער פיהרער פון די פראנצויזישע אָרטאָדאָקסען מארקסיסטען, זאָל דארפען פערטיידיגען די אינטעליגענץ פון זייערע אָנפאלען און האלטען זיי א לעקציע וועגען... „דעם נוצען פון וויסענשאפט“...

ביי אונז אין דער אידיש־סאָציאליסטישער בעוועגונג האָט „דער קאַמף פאר עם־הארצות“ אָנגענומען א ביסעל אן אנדער געשטאלט...

## 2.

די ערשטע גרויסע און שטארקע אידישע ארבייטער־בעוועגונג, וואָס האָט אין איהר ארבייט און אין איהרע ציעלען זיך גערעכענט מיט דעם אידישען כאראקטער פון אונזערע מאסען, איז אָנגעפיהרט געוואָרען אונטער דער פאָהן פון דעם „בונד“. דער „בונד“, איז, לויט זיין טאקטיק, אלע מאָל געווען דורך־און־דורך סאָציאל־דעמאָקראטיש און מארקסיסטיש. מען האָט געקאָנט דערווארטען, אז דאָס אריין דרינגען פון דעם מארקסיסטישען געדאנק אין אזא נייע ספערע, ווי דאָס אידישע פראָלעטאריאט, וועט ארויסרופען נייע אינטעליגענטע באשאפונגס־כחות, וואָס וועלען זעהען טהעאָרעטיש צונויפ־צו־שטימען די ספעציעלע נויטען פון דער אידישער ארבייטער־בעוועגונג מיט דעם גרונד־טאָן פון'ם מארקסיסטישען סיסטעם. די פאָדערונג פון דעם וויסענשאפטליכען סאָציאליזם, טיעף אויסצושטודירען, עקאָנאָמיש און היסטאָריש, יענעם טייל לעבען, אויף וועלכען מען וויל איינווירקען, האָט בעדארפט קודם־כל ארויסרופען ביי דער בונדיסטישער אינטעליגענץ א וואַרעמען אינטערעס צו דער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק, צו דעם עקאָנאָמישען מעמד פון אלע זיינע שיכטען בכלל און דער

אידישער ארבייטערשאפט בפרט. אַ א י ד י ש ע וויסענשאפט מיט אַ אידישער אינטעליגענץ, וואָס בעשעפטיגט זיך מיט איהר אויספאָרשען, וואָלט בעדארפט זיין דער רעזולטאט פון דעם אידי־שען סאָציאליזם.

דער אייגענארטיגער געשיכטליכער גורל פון דעם גאנצען פאָלק, די אייגענארטיגע קולטורעלע און עקאָנאָמישע לאגע פון זיינע טיילען, איז פון מארקסיסטישען שטאנדפונקט אזא אינטערעסאנ־טער פראָבלעם, אז ער וואָלט געקאָנט געבען שפּייז פאר אידישע מוחות אויף יאָהרען און יאָהרען לאנג. און אזוי ווי דער מארק־סיזם, אפילו אין זיין ריינער טהעאָרעטישער אויסטייטשונג, בע־קומט אין יעדעם לאנד און ביי יעדען פאָלק א נייע אינטערעסאנטע בעפּארבונג, וואָלט מען געקאָנט האָפען, אז די טהעאָרעטישע אר־בייטען פון דער בונדיסטישער אינטעליגענץ וועלען פון זייער זייט צוטראָגען ניט ווייניג אָריגינעלע געדאנקען צו דעם אלץ וואקסענדען בנין פון דעם אל־וועלטליכען מארקסיזם.

ליידער איז קיין איין איינציגע פון די אַלע מעגליכקייטען ניט מקוים געוואָרען.

דער „בונד“, ווי משונה׳דיג דאָס זאָל ניט קלינגען, האָט אי־בערהויפּט ניט געהאט קיין טהעאָרעטישע פאָרשער. די פּאָר מאָ־גערע זעלבסט־שטענדיגע אונטערזוכונגען וועגען דער אידישער עקאָ־נאָמישער לאגע האָלטען זעהר ווייניג אויס די פּראָבע פון וויסענ־שאפטליכער קריטיק און זענען אויך ניט ארויסגערופען געוואָרען פון יענעם נאטירליכען בעדערפניס, וואָס בעשאפט ביי אלע פעל־קער א סאָציאליסטישע וויסענשאפט: פון דער נויט טהעאָרעטיש צו בעהערשען די ווירקליכקייט, איידער מען נעהמט זיך אונטער פערטיג צו ווערען מיט איהר אין דער פּראַקטיק.

דער „בונדיסט“ האָט טהעאָרעטיזירט און וויסענשאפטליך געפאָרשט אונטער דעם בייטש פון דער פּאָלעמיק, וואָס די נאציאָ־נאל־סאָציאליסטישע פּארטייען און די „איסקרא“ האָבען געפיהרט אנטקעגען איהם; כל זמן ער האָט נאָך ניט געהאט קיין טהעאָרע־טישע געגנער אויף דער אידישער גאס, כל זמן ער איז באמת געווען דער בן־יחיד ביי דעם אידישען סאָציאליזם, זענען איהם איבער־הויפּט די טהעאָריען אין זינען ניט געלעגען. אפילו די נאציאָנאלע

טהעאָריען פון דעם „בונד“. די אויסארבייטונג פון אן אינטערנאַ־ציאָנאַל־סאָציאַליסטישען „הכשר“ פאר א זעלבסטשטענדיגע אי־דישע בעוועגונג איז פון דעם אידישען סאָציאַליסטישען געדאנק אויסגעפיהרט געוואָרען, איידער דער „בונד“ האָט דערבליקט די שיין פון דעם עפענטליכען לעבען. פאר איהם איז אין דעם פונקט פשוט געבליבען צו שטופען אָבגעשיילטע אייעלעך אין מויל אריין. ער פלעגט דאָס תמיד טהאָן מיט גרויס התמדה, אָבער אין דער־זעלביגער צייט — פלעגט ער תמיד ווארפען אונרוהיגע בליקען אויף דעם מארקסיסטישען אב בית־דין, — פלעכאנאָוו און קויטסקי, —ציטערענדיג, טאָמער כאפט ער אריין א ביסען, וואָס איז טריף לכל הדעות. זיין ניט גאָר ריינער געוויסען אין הלכות נאציאָנאַ־ליזם האָט איהם דערפאר געטריעבען צו זיין פון די „מהדרין מן המהדרין“ אין אלע אנדערע אָרטהאָדאָקס־מארקסיסטישע דינים, מצוות און עבירות.

די קלאָגליכע אָרימקייט פון דעם טהעאָרעטישען שאפען ביי דעם „בונד“, וואָס שטעלט אוועק דעם אידישען מארקסיזם אויף דער ניעדריגסטער שטופע צווישען אלע מארקסיסטישע פארטייען פון דער וועלט, — ניעדריגער אפילו, איידער די בולגארישע, — אָט די פינסטערע עם־הארצות, וואָס איז אויסגעפאלען אויף דעם גורל פון דעם אידישען סאָציאַליזם אין זיין סאָציאַל־דעמאָקראַטישער געשטאלט, איז, פערשטעהט זיך, א פראָדוקט פון דעם גאנצען גע־שיכטליכען גורל פון דעם אידישען פאָלק, — א פראָדוקט פון יענער פעריאָדע אין אונזער געשיכטליכען לעבען, וואָס רופט זיך אָן די אסימילאטאָרישע, וואָס האלט איצטער אין פערשווינדען, אָבער וואָס לאָזט זיך נאָך שפיהרען אין לעבען אויף יעדען שריט און טריט.

כדי ביי א פאָלק זאָל בעשאפען ווערען אן ערנסטע סאָציאַליס־טישע וויסענשאפט, וואָס זאָל, אין דעם בעארבייטעטען מאטעריאל פון דעם אייגענעם פאָלקס־לעבען, אין זיין געשיכטע און זיין קולטור, מאכען אָבשפיעגלען אויף אָן אָריגינעלען אופן דעם סאָציאַליסטי־שען געדאנק, מוז א געוויסער טייל פון דעם פאָלק׳ס אינטעליגענץ צוגעצויגען ווערען צו דעם סאָציאַליסטישען אידעאל. דער טייל מוז זיין אזוי גרויס, אז אין איהם זאָלען זיך קאָנען געפינען זעלבסט־

שטענדיגע דענקער און פאָרשער. דערצו איז אָבער נויטיג קודם כל אַז די גאַנצע אינטעליגענץ, די סאָציאַליסטישע ווי די ניט סאָציאַליסטישע, זאָל געהערען אָט צו דעם פאָלק, אַ רגע ניט אין ספק זיין, אַז זי איז אַ טייל פון איהם, אַ טייל, אויף וועלכען עס איז היסטאָריש אויסגעפאַלען דאָס גליק צו זיין דער בעשאַפער און דער פערשפּרייטער פון קולטור פאַר דעם בעשטימטען נאַציאָנאַלען צווייג פון דעם אַלגעמיינען־מענשליכען בוים.

מוסטערט דורך אַלע קאַטאַלאָגען פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון דער גאַנצער וועלט; שטעלט זיך, פון מיינט־וועגען, אָב מעהר נישט ווי אויף דעם מאַרקסיסטישען פליגעל. וואָס פאַר אַ רייכקייט פון טהעמען און מאָטיוען צו שעפּפערישע אַרבייט איהר געפינט דאָרט! און זעהט, וואָס פאַר אַן אונגעהויערע ראָליע עס שפּיעלט אין יענע ליטעראַטורען די געשיכטע און די לאַגע פון דעם אייגענעם פאָלק! אַלגעמיינע טהעאָרעטישע ווערק, וואָס ווערען איבערזעצט אין אַלע שפּראַכען פון דער סאָציאַליסטישער וועלט, זענען לפי ערך זעהר ווייניג, און אויך זיי טראָגען אויף זיך דעם קלאָהרען שטעמפּעל פון זייער פאָלק און זייער לאַנד, פאַר וועמען און וואו זיי זענען בעשאַפען געוואָרען. די אַל־וועלטליכע סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ לעבט אַ טיעפען לעבען, אַ פאַרבענ־רייכען לעבען, ווייל שפע און פאַרבענרייכטום בעקומט זי פון דעם פאָלק, צו וועלכען זי געהערט, וועמעס לעבענס־פּולס עס שלאָגט אויך אין איהרע אָדערען.

איצטער שטעלט אייך פאָר, אַז די אינטעליגענץ פון אַ וועלכען עס איז פאָלק ווערט אין גאַנצען פער׳סם׳ט מיט יענעם אַסימילאַ־ציאָנס געדאַנק, וואָס זאָגט, אַז איהר פאָלק איז איבערהויפּט ניט קיין פאָלק, אָדער אַז עס מוז און זאָל ניט־היינט־מאָרגען פערשווינ־דען; אַז זי, די אינטעליגענץ, געהערט שוין אודאי ניט צו איהם; אַז זי געהערט צו יענע פעלקער, וועמעס קולטור זי האָט איינגעזווי־גען אין זיך. וויפיעל שאַנסען זענען אין אַזאַ לאַגע פאַראַן, אַז אַ טייל פון איהר זאָל זיך פרייוויליג אָדער געצוואונגענערהייד צוריק־קעהרען צום פאָלק? וויפיעל שאַנסען זענען פאַראַן, אַז דער טייל זאָל האָבען אין זיך אַ שטאַרקען סאָציאַליסטישען עלעמענט? ווי־פיעל שאַנסען בלייבען, אַז אָט דער סאָציאַליסטישער עלעמענט

זאָל האָבען אין זיך אַ וועלכען עס איז פּראָצענט פון זעלבסט־שטענ־דיג דענקענדע און שאַפענדע גייסטער? מוז ניט יעדער איינער פון דער אינטעליגענץ, וועמעס גייסט עס האָט אריבערגעוואַקסען די מי־טעלמעסיגקייט, לכתחילה גאָר ניט האָבען קיין שאַנסען אַוועקצו־געהן פון יענער פּרעמד, וואָס האָט איהם געצויגען צו זיך? אויף וואָס פאַר אַ מדרגה פון זעלבסט־שטענדיגען שאַפען דאַרפען זיך גע־פינען יענע, וואָס זענען געבליבען אין דער היים, אָדער צוריקגע־שטויסען געוואָרען פון דער פּרעמד? און אויף וואָס פאַר אַ שפּע, אויף וואָס פאַר אַ געדאַנקען־רייכטהום קאָן מען פון זיי האָפען?

גיט נאָך צו צו דעם חשבון דעם פאַקט, אַז אפילו אָט דאָס ביסעלע גייסטיגע אָרעמקייט, וואָס מוז אויספאַלען אויף דעם גורל פון דעם אידישען סאָציאַליזם, אַז אָט די „דריט־האַלבען" אינטע־ליגענטען, וואָס האָבען גענומען בעאַרבייטען דאָס פעלד פו דעם אידישען סאָציאַליזם, האָבען אַ דאַנק זייער קליינינקען האָריזאָנט, זיך אויך געמוזט שטעלען קליינינקע, פיגמעען־אַרטיגע אויפגאַבען.

זיי האָבען אויף די אידישע אַרבייטערשאַפט ניט געקאָנט קוקען, ווי עס קוקט די סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ פון אַ וועלכען עס איז אַנדער פאָלק אויף איהר אייגענעם פּראָלעטאַריאַט. פאַר דער „אידיש־שפּרעכענדער" סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ זענען די אידישע אַרבייטער־מאַסען געווען נ י ט יענער עלעמענט, וואָס דאַרף אויפהויבען אויף זיינע אַקסלען דעם גאַנצען פּראָגרעס פון דעם גאַנצען פאָלק, אין אַלע זיינע טיעפע און פערצווייגטע פּראָבלע־מען און עס אומגעשטאַלטען לויט דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל. פאַר זיי, פאַר די „אידיש־שפּרעכענדע", זענען די אַרבייטער־מאַסען געווען רעקרוטען פאַר אַ פּרעמדער סאָציאַליסטישער אַרמעע, — רעקרוטען, וועלכע דער אידישער „דיאַדקע" דאַרף „אויסמושטירען" נאָר אויף אַזוי פיעל, אַז זיי זאָלען קאָנען דעם אלף־בית פון דער סאָציאַליסטישער „סלאָוועסטנאָסט", און זיין בהבין אין דעם אינ־טערנאַציאָנאַלען „רעכטס־לינקס! רעכטס־לינקס!"

האָט מען דערגרייכט די מדרגה, איז יעמאָלט — מאַרש צו דעם שטים־קאַסטען אָדער צו דער באַריקאַדע! מאַרש אין די קאַ־זאַרמעס פון יענעם „רעגימענט", צו וועלכען מען האָט זיי לכתחילה „אָבגעגעבען אין סאָציאַליסטען".

קאָן דאָס זיין אַ חדוש, וואָס דער אידישער סאָציאַליזם איז אַזוי רייך אין — עם־הארצות? אדרבה, דער חדוש איז, וואָס ער האָט אונטער אַזעלכע בעדינגונגען פּאָרט בעשאַפן אַ מעהר אָדער ווייניגער אינטעליגענטע און קולטורעלע אַטמאָספערע.

אָבער ווי די מעשה איז, איינס איז קלאָהר אויף זיכער: אַז דער אסימילאַציאָנס־געדאַנק האָט געמוזט, ווי אַן אַנגענגליהטער ווינטען־ווינד, אויסטריקענען אַלע לעבעדיגע זאַפטען און איבער־לאָזען נאָך זיך די וויסטעניש פון עם־הארצות. אָבער אויך דאָס דאַרף אונז ניט וואונדערען, ווען די עם־הארצות ווערט פון אַ טרויעריגען פאַקט אויפגעהויבען צו דער מדרגה פון אַ טאַקטישען פּרינציפּ: עם־הארצות צוליעב עם־הארצות: די אידישע ארביי־טערשאַפט טאָר ניט שטרעבען צו אַן אייגענעם, רייכען זעלבסט־שטענדיגען אידישען קולטורעלען לעבען, וואָס זאָל ארויסברענגען אַן אייגענע אידישע שטאַרקע אינטעליגענץ, ווייל ווי נאָר דער אר־בייטער וואַקסט אריבער דעם עם־הארצ׳ישען מעמד, טאָר ער זיך שוין ניט רעכענען פאַר קיין אידען, דאַרף ער שוין צושטעהן צו דער קולטור פון די אומות העולם.

עס איז פערשטענדליך, אַז אָט די פּרינציפּיעלע עם־הארצות האָט געמוזט מיט קרומע בליקען פון חשד און ווידערווילען קוקען אויף יעדען איינעם, — סאַי אינטעליגענט, סאַי ארבייטער, — וועמען עס האָט געשטיקט דער ענגער „רעכט־לינקס! רעכטס־לינקס!“ פון דער אָפיציעלער אויפקלעהרונג, און וועמען עס האָט געשלאָגען צו דער נשמה פון דער מאָגערער, שימעל־ריעכענדער זופּ, וואָס מען פלעגט איהם געבען פון דעם אַלגעמיינעם קאַזארמע־קעסעל.

די בונדיסטישע טהעאָריען האָבען זיך ווייניג, אפשר גאָר ניט בעשעפטיגט מיט דעם פּראָבלעם פון דער אינטעליגענץ און די אינ־טעליגענטע בעדערפעניסען פון די ארבייטער־מאַסען. די בונדיס־טישע אינטעליגענץ האָט מסתמא איבערהויפּט ניט געהאַט קיין וועלכע עס איז מיינונג וועגען דעם, און אויב זי האָט יע געהאַט, איז דאָס געווען אַ פּאַרטיג אריבערגענומענע פון דעם טהעאָרעטישען „צייג־הויז“, צו וועלכען דער בונד איז געווען צוגעשריבען: אָט ווי פּלעכאַנאָוו דענקט וועגען דעם, ווי אַלע אַנדערע גוטע און

פרומע מאַרקסיסטען דענקען וועגען דעם, אַזוי אויך דענקט דער „בונד“. דערפאַר אָבער איז דער שטאַנדפּונקט פון פּרינציפּיעלע עם־הארצות קלאָהר און בולט אויסגעטרעטען אין דער בונדיסטישער פּראַקטיק.

דער „בונד“ האָט, ווי יעדע אַנדערע אַרבייטער בעוועגונג, זיך ניט געקאָנט בעגעהן אָהן אינטעליגענטען, — אָבער גאָט! וואָס פאַר אַ פינסטערע מערכה די אינטעליגענץ האָט ביי איהם געהאַט. צו וואָס פאַר אַ טיעפער טראַגיק ער האָט געבראַכט איהר לעבען! עס האָט אויסגעוויזען, אַקוראַט ווי דער „בונד“ וואָלט בנוגע צו דער אינטעליגענץ געוואָלט פערווירקליכען יענעם רעצעפּט, וועלכען פּריץ'ס פריידע די האָלאַדריגיכע האָט אויסגעאַרבייט פאַר דער אידישער פרוי, ווי זי זאָל זיך בעגעהן מיט איהר מאַן: „וואָס איהם קומט על פּי דין“, האָט זי גע'טענה'ט, „וואַרפט איהם, ווי אַ הונד, אַ ביין, און דערנאָך — נאָר געפּלוכט!“

איך וויים ניט, וואָס די בונדיסטישע מאַסען האָבען צוגע־וואָרפען דעם אינטעליגענט, ווי אַ הונט אַ ביין, וואָס זיי האָבען גערעכענט, אַז דאָס קומט איהם פּאָרט „על פּי דין“, אָבער געפּלוכט האָבען זיי, חוזק געמאַכט האָבען זיי, דאָס לעבען פערביטערט האָבען זיי, ווי ביי קיין אַרבייטער־פּאַרטיי אין דער וועלט, צו קיין צייט אין דער וועלט.

די בונדיסטישע קרייזען האָבען אַרויסגעבראַכט דעם שאַנד־און־שפּאָט־נאָמען: „הינטעליגענט!“ אויף די וואָס האָבען אוועקגעגע־בען זייער לעבען פאַר דער אַרבייט צווישען דעם אידישען פּראָ־לעטאַריאַט. און אונטער וואָס פאַר אַ שרעקליכע קאָנטראָלע דער געוועהנליכער „הינטעליגענט“ איז געשטאַנען! מיט וואָס פאַר אַ כאַזאַרמעדיגער פּינקטליכקייט מען פלעגט אָבמעסטען פאַר איהם יענע „פּאָרציע“ פון אַלגעמיין־מענשליכע בילדונג, וועלכע דער „הינ־טעליגענט“ האָט געמאָנט אַריינגעהמען אין זיך...

מיר איז בעקאַנט אַ פאַל, וואו די „אָרגאַניזאַציע“ איז געוועזען שטאַרק אונצופריעדען מיט איהר פּראָפּאַגאַנדיסט, ווייל ער האָט זיך בעשעפטיגט מיט פּסיכאָלאָגיע, און מיר איז בעקאַנט נאָך אַן אונגלויבליכער פאַל, וואו אַ פּאָר אַרבייטער זענען אַריינגעגאַנגען צו זייער „אינטעליגענט“ און האָבען איהם גענומען, גלאַט מיר־נישט,

דיר־נישט, שלאָגען מכּת רצח.. און דער אינטעליגענט? „ער איז געזעסען און געוויינט מיט ביטערע טרערען", — אזוי האָט דער־דערצעהלט איינער פון די אַרבייטער, וואָס האָבען אויף אזא אופן אויסגעלאָזען זייער ביטערען האַס צו דער „הינטעליגענץ"...

שטענדיג, ווען איך דערמאָהן מיך אָן דעם פאַקט, געהט דורך אַ שוידער איבער'ן לייב... איך גיב צו, אַז דער פאַקט איז, אין דער גאַנצער לעבענס־געשיכטע פון דעם „בונד", אפשר געווען דער איינ־איינציגער פון זיין אַרט. אָבער אפילו אזוי, איז ער אויך אַ גענוג קלאָהרער צייכען, צו וואָס פאַר אַ מדרגה עס איז ביי דעם אידישען אַרבייטער אָנגעוואַקסען דער חשד און די שנאה צו זיינע אינטע־ליגענטע לעהרער און פיהרער.

ס'איז אמת, אַז אין דעם קאַמף אַנטקעגען דער אינטעליגענץ האָט זיך אויסגעדריקט די איבערגעהיצטע פּראָלעטאַרישקייט, דעם אַרבייטער'ס קלאַסען־שטאָלץ, וואָס איז מבטל בּקליפּת השום, אַלץ, וואָס איז ניט ער און וואָס האָט די העזה צו קוקען אויף איהם פון אויבען אַראָב — און לאָז דאָס זיין אפילו מר בר רב אשי אַליין!

פון דער אַנדער זייט איז אויך דאָס אמת, אַז אָט די איבער־געהיצטע פּראָלעטאַרישקייט האָט אַריינגעטראָגען אין די אַרבייטער־מאַסען ניט קיין אַנדערער, ווי די מאַרקסיסטישע אינטעליגענץ אַליין. דער אינטעליגענט, דער ניט־אַרבייטער, דער חוזר בתשובה פאַר זיין ניט פּראָלעטאַרישע עקזיסטענץ, האָט אפשר אַליין גע־בענקט נאָך יענע גייסטיגע און פיזישע „מלקות", וועלכע די אַר־בייטערשאַפט האָט איהם מיט גרויס התמדה אויסגעצעהלט „אחת ואחת".

אָבער אין דער ווירקליכקייט איז געווען און איז נאָך עד היום זעהר שווער אויסצוגעפינען דעם גרענעץ, וואו עס ענדיגט זיך דער חוזר־בתשובה־שטימונג, די „יסורים־של־אהבה"־דראַרשט, און וואו עס הויבט זיך אָן די איינפאַכע געמיינע דעמאַגאָגיע, וואָס חנפה'ט זיך אונטער צו דעם „ברודער אַרבייטאָרער" און קיצעלט אין איהם די געפעהרליכע לייַדענשאַפט, דעם געפיהל פון וויסטע גאוה, דעם לעדיגען „אתה־בחרתנו"־בעוואוסטזיין. וואָס בלאָזט פאַנאַנדער די אייגענע אָרעמקייט ביז צו דער מדרגה פון אַ שיער געטליכער וויכ־טיגקייט פאַר דער גאַנצער מענשהייט.

דער „ברודער ארבייטער" איז שיער ניט געוואָרען אַ גאָט אין די אויגען פון דעם סאָציאַליסט, און דעם דעמאַגאָג איז ניט געווען שווער צו פאַלען אין שטויב פאַר דער נייער גאָטהייט און רויכערן קטורת פאַר איהר, וואָס זאָלען זיין „אַ ריח־ניחוח אין איהרע נעז־לעכער". אַלץ האָט מען מקריב געווען אויף דעם מזבח פון דער נייער גאָטהייט און מען האָט זיך ניט אָבגעשטעלט פאַר דאָס ווירק־ליך העכסטע אין דעם לעבען פון דער מענשהייט: קולטור, וויסענ־שאַפט, בילדונג.

דאָס מערקווירדיגסטע און אינטערעסאַנטסטע אין דעם גאַנצען ענין איז דער פאַקט, וואָס דער קאַמף אַנטקעגען דער אינטעליגענץ און דער טיעפערער בילדונג איז אַ פּראָדוקט פון דער אינטעליגענץ און איז נ י ט ארויסגעוואַקסען פון דער ארבייטערשאַפט גופא.

אדרבה, די בעסערע שיכטען פון די ארבייטער האָבען תמיד געקוקט אויף זייער לאַגע מיט ניכטערע אויגען איידער דאָס האָט גע־טהאָן די אינטעליגענץ; פאַר זיי איז די „פּראָלעטאַרישקייט", די אורזאַך פון סאָציאַלער אָרעמקייט און קולטורעלער פינסטערקייט, קיין מאָל ניט געווען קיין „שיינדעל", נאָר אַ צרה, פון וועלכער מען מוז זעהן וואָס גיכער פּטור צו ווערען. און זיי זענען געווען גע־רעכט. אין דעם פּראָלעטאַרישען פעסימיזם פון די ארבייטער און ניט אין דער יום־טוב'דיגער פּראָלעטאַרישקייט פון דעם אינטעלי־גענט דריקט זיך באמת אויס יענער אינווענינסטער פערבאָרגענער קלאַסען־זין, אין וועלכען עס בעשטעהט די היסטאָרישע מיסיע פון דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט: דאָס אָבשאַפען פון דעם גאַנצען פּראָלעטאַריאַט אַזוי, אַז אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען זאָל קיין זכר ניט בלייבען פון דער גאַנצער פּראָלעטאַרישקייט.

דעם באמת ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש דענקענדען ארבייטער איז קיינמאָל אין זין ניט ארויף צו קעמפען אַנטקעגען קולטור און בילדונג, ד. ה. אין לעצטער ליניע אַנטקעגען אינטעליגענץ. אומע־דום, וואו עס איז נאָר געווען אַ מעגליכקייט, האָט זיך דער ארביי־טער געריסען צו בילדונג און אויפקלעהרונג, און דער בעסטער בע־וויז דערצו אין דעם לעבען פון דעם „בונד" זענען געווען די שטענ־דיגע אָפּאָזיציאָנעלע שטרעמונג, וואָס האָבען קיינמאָל ניט אויפ־געהערט צו בעאונרוהיגען די אָפיציעלע בונדיסטישע עקזיסטענץ.

כמעט אַלע אזעלכע אָפּאָזיציאָנען זענען ארויסגעוואַקסען פון דעם דראַנג פון די אידישע מאַסען צו מעהר בילדונג און ליכט. און אַזוי ווי די אידישע ליטעראַטור איז געווען צו אָרעם, זי זאָל קאָנען בע־פריעדיגען זייער הונגער נאָך וויסענשאַפט, האָבען דאָס רוב „אָפּאָ־זיציעס" געמוזט ארויסטרעטען מיט אַן אסימילאַטאָרישער טענדענץ —איבערגעהן אין גאַנצען צו דער ר ו ס י ש ע ר בעוועגונג, — צו דער „איסקרא" אָדער צו די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, — וואו זיי האָבען געהאָפט צו געפינען און האָבען ווירקליך געפונען אַ רייכערע קולטורעלע אטמאָספערע.

עס קאָן זיין, אַז גראָד די שטענדיגע אָפּאָזיציעס האָבען גע־צוואונגען די אָפיציעלע פיהרער פונ׳ם „בונד" פּאָרט מעהר צו צו־הערען זיך צו דער שטים פון דער נאַציאָנאַל־געזאָנענער מינאָריטעט זיינער, וואָס האָט אַלע מאָל פערלאַנגט אַ שטאַרקערע קולטורעלע טהעטיגקייט, לאָז זיין נאָר אין דער פאָרם פון בעסערע און ערנסטערע ביכער אין אידיש: דער „בונד" האָט איבערגעזעצט און ארויסגעגעבען אייניגע בעסערע ווערק פון דער דייטשער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישער ליטעראַטור, וואָס נאָר די ענטוויקעלטערע עלעמענטען פון דער אידישער ארבייטערשאַפט האָבען געקאָנט לייענען און פערשטעהן; צווישען די ווערק — אויך דעם „קאָ־מוניסטישען מאַניפעסט" פון מאַרקס און ענגעלס.

ווארפט מען אָבער אראָב פון חשבון די פּאָר אויסנאַהמען אין דעם „בונד׳ס" טהעטיגקייט, וואו ער האָט זיך כלומר׳שט גערעכענט מיט די בעדערפעניסען פון דער אידישער סאָציאַליסטישער אינטע־ליגענץ, בלייבט איבער אַ בילד, וואָס צייגט ארויס זעהר וועניג פריינדליכקייט צו דער אינטעליגענץ, צו איהר זעלבסטשטענדיגען שאַפען און ענטוויקלען זיך. וואָלט מען אַלע סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען איינגעטיילט אין אינטעליגענץ־פיינדליכע, וואָלט מען דעם „בונד" גאַנץ בעשטימט בעדאַרפט צורעכענען צו די לעצטערע און אויעקשטעלען איהם אין דעם פּרט אין איין ליניע מיט די סינדי־קאַליסטען. מיט זיין גאַנצען „נאַציאָנאַליזם", מיט זיין גאַנצער אמת׳ער איבערגעבענהייט צו די אינטערעסען פון דעם א י ד י־ש ע ן פּראָלעטאַריאַט אין גלות, האָט דער „בונד" פּאָרט ניט איינ־געזעהן, ווי אונמעגליך עס איז פּאַר דער א י ד י ש ע ר ארבייי־

טערשאַפט אָנצונעהמען אזא שטאַנדפּונקט בנוגע צו דער אידישער אינטעליגענץ.

ווען דער כהן־גדול פון דער סינדיקאַליסטישער טהעאָריע, ל אַ ־ ג אַ ר ד ע ל, שיט אָהן אויפהער ברענענדיגע קוילען אויף די קעפּ פון דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ; ווען דער מי־שהיה מאַקסימאַליסט, ל אָ ז י נ ס ק י, מאַכט פון זיי אין גאַנצען אַ תל און בעשולדיגט זיי אין אַלע אומגליקען, וועלכע ער דערבליקט אין דער סאָציאַליסטישער טהעאָריע און פּראַקטיק; אפילו ווען מ א כ אַ י ע ו ו גורט אָן זיינע לענדען און טרומייטערט צונויף די אַרבייטער צו אַ הייליגען קריעג אַלץ טאַקי אַנטקעגען דער דאָזיגער אינטעליגענץ, — קאָן זיך דאָס בשום אופן ניט אָברופען אויף דעם קילטור־צושטאַנד און דעם וויסענס־גראַד פון די ארבייטער־מאַסען.

די שפּייכלערס פון דעם מאָדערנעם וויסען אין די אייראָפּעאישע שפּראַכען זענען אַזוי רייך, אַזוי אָנגעלאָדען מיט „כל טוב“, אַז דער אַרבייטער, וואָס האָט נאָר אַביסעל חשק צו גייסטיגע אַרבייט, וואָלט זיך אַליין געקאָנט דערשלאָגען צו דער העכסטער מדרגה פון מענשליכער בילדונג, אפילו ווען דער גאַנצער פּראָצעס פון בעשאַפען נייע קולטור־אוצרות וואָלט מיט געוואַלט און לגמרי אָבגעשטעלט געוואָרען ביז „אויף מאָרגען נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע“.

קיינער פערוועהרט ניט דעם אַרבייטער, דורך אייגענעם שטודירען, אַריינצונעהמען אין זיך די גאַנצע רייכע קולטור פון זיין פאָלק און אַליין צו ווערען אַן אינטעליגענט; ביבליאָטהעקען, מוזעען, פאָלקס־פאָרלעזונגען זענען אָפען פאַר אַלעמען, און צייט געפינט יעדער, וואָס שפּיהרט אין זיך דעם ווילען צו אַ העכערען זיין. דורך אייגענע קראַפט און אָנשטרענגונג זענען די אַ ר ב י י ט ע ר פּיערר לערו, פּרודאָן, מאַלאָן, אויגוסט בעבעל, חאַזענקלעווער, יאָהאַן מאָסט און נאָך אַנדערע געוואָרען דאָס, וואָס זיי זענען געוואָרען: מענשען, וואָס שטעהען אויף דער בילדונגס־הויך פון זייער צייט און בעדייכערן, ווי פּרודאָן, דעם קולטור־אוצר פון דער מענשהייט.

אויב די אייראָפּעאישע אַרבייטערשאַפט האָט ניט אַרויסגעבראַכט פון זיך קיין גרעסערע צאָהל פון זעלבסט־שטענדיגע דענקער

און פּאַרשער, זענען צו אַ געוויסען טייל שולדיג אין דעם די איי־ראָפּעאישע ארבייטער גופא. אַ סך פון די, וואָס האָבען ג ע ־ ק אָ נ ט געהן דעם זעלביגען וועג פון לערן און פּרודאַן האָבען ניט געוואָלט געהן אין דעם וועג און האָבען בעסער דערטרונקען זייער ניט געוועהנליכע גייסטיגע ענערגיע אין — שכרות און זנות. וועגען די מאסען פון די אייראָפּעאישע ארבייטער איז דאָך שוין אין גאנצען אָבגערעדט. זייער ו ו י ל ע ן צו אַ העכערען קולטורעלען גייסטיגען לעבען האָט ליידער לעת־עתה זעהר אַ קנאַפּען אימפּעט.

אין אַ גאַנץ אַנדער לאַגע געפינט זיך די אידישע ארביי־טערשאַפט.

אויב עס איז דאָ וואו עס איז אין דער וועלט אַן ארבייטער־קלאַס, וואָס ו ו י ל זיך אויפהויבען צו אַ העכערער גייסטיגער וועלט, אויף וועמען דער יצר־הרע פון שכרות און זנות האָט אזא מינימאַלע ווירקונג ; וואָס לעבצט און געהט אויס כמעט אין דעם בוכשטעבליכען זין פון דעם וואָרט נאָך אַ וואַסערען עס איז שטראַהל פון אויפקלעהרונג ; וואָס האָט אין זיך די שטאַהלענע ענערגיע, דעם לאַנג־אָנהאַלטענדען אימפּעט ארויסצורייסען זיך פון זיין פינ־סטערער עם־הארצות, און וואָס איז ליידער פערהינדערט דאָס דורכ־צופיהרען, — איז דאָס געוויס די אידישע ארבייטערשאַפט.

מיט אייגענע כחות קאָן זי זיך ניט ארויסרייסען פון דער עם־הארצות, און די אינטעליגענץ העלפט איהר ניט אין דעם ; זי קאָן דאָס ניט, ווייל די שפּייכלערס פון דער אידישער קולטור זענען לעדיג און וויסט ; ווייל עס איז נאָך ניטאָ צוליעב וואָס צו בויען שפּייכ־לערס ; ווייל די אידישע אינטעליגענץ, אין וועלכער מיר נויטיגען זיך ווי אַן אויסגעטריקענט פעלד נויטיגט זיך אין אַ רעגען, איז — אָדער זי טראָגט זיך ארום ווי וואָלקענס איבער'ן בלויען הימעל, וואָס גיסען זיך סוף כל סוף אויס אין אַ פרעמדען ים, אָדער זי פער'סמ'ט דעם בילדונגס־דאָרשט פון די מאַסען דורך איהר פּרינ־ציפּיעלע עם־הארצות, דורך דער אַסימילאַטאָרישער גזירה, אַז אין א י ד י ש האָט די ארבייטערשאַפט אַ רעכט צו געניסען נאָר די פערוועסערטע פּאָפּולאַריזאַציעס ; אַז קוים האָט דער אידישער דעם כח און דעם ווילען ארייננצודרינגען טיעפער אין די גייסטיגע ארבייט פון דער מענשהייט, אַזוי דאַרף ער שוין פערלאָזען זיין

אייגענע אידישע אטמאָספערע און צושטעהן צו א פרעמדער קולטור.

דעם „בונד'ס" קולטורעלע ארבייט פאר דעם אידישען פּראָלע־טאריאט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט דעם גייסט פון פיינדשאפט צו דער אינטעליגענץ, מיט דעם גייסט פון עם־הארצות אויס פּרינציפּ. עס האָט ניט געהאָלפען, וואָס ער האָט אזוי האָפענדיג געפּילדערט אנטקעגען דער אסימילאציע. אין תוך האָט ער זיך קיינמאָל ניט אין גאנצען בעפרייט פון איהר. ער האָט דער אסימילאציע גע־געבען נאָר א „גט אויף א תנאי": באם דאָס אידישע פאָלק וועט דורך אייגענע אויסארבייטען אן אייגענע אידישע קולטור, איז יעמאָלט, ב א י ן  ב ר י ר ה: זיי געזונד, געליעבטע אסי־מילאציע! אָבער פון דעסטוועגען פאַל ניט אריין אין א מרה־שחורה! עס קאָן נאָך זיין, אז דער „נאטירליכער ענטוויקלונגס־גאנג" וועט אויף אונז רחמנות האָבען, און מיר וועלען נאָך ווידער ליעגען אין דיינע זיסע אָרעמס...

מען שרייבט איצטער פון רוסלאנד, אז דער ווידער ערוואכענ־דער „בונד" האָט פערביעטען דעם תנאי־גט אויף אַן אייביגען שיי־דונגס־בריעף, אָדער אז ער קלייבט זיך דאָס צו טהאָן אין גיכען. אז מיר וועלען לעבען, וועלען מיר זעהן. איינס איז אָבער זיכער, אז ־עןי אייביגער גט מיט דער אסימילאציע וועט אין גאנצען מוזען איבערבייטען דעם „בונד'ס" טאקטיק אין דער אונז אינטערעסי־רענדער פראגע.

דער שטאנדפּונקט פון פּרינציפּיעלע עם־הארצות, דער קאמף אנטקעגען א זעלבסט־שטענדיגער אידיש־סאָציאליסטישער אינטעלי־גענץ האָט אָבער ערגעץ ניט געהערשט אזוי פער'עקשנ'ט, ווי אין דער אידישער ארבייטער בעוועגונג אין אמעריקא.

3.

דער אָנהויב פון דעם אידישען סאָציאליזם אין ענגלאנד און אמעריקע פאַלט צונויף מיט דעם אָנהויב פון די אכציגער יאָהרען פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט, ווען מאָררים ווינטשעווסקי האָט צום ערשטען מאָל גענומען אין לאָנדאָן ארויסגעבען „דאָס פּוילישע אידעל". ליידער בין איך ניט בעקאנט מיט דעם כאראקטער פון

דער דאָזיגער ערשטער אידיש־סאָציאַליסטישער צייטשריפט. איין זאַך ווייס איך נאָר, אַז אין דעם ערשטען אַרטיקעל פון דער ערשטער נומער האָט דער רעדאַקטאָר זעהר וואַרעם גערעדט וועגן אידיש און זיין רעכט צו ווערען אַ ליטעראַטור־שפּראַך.

אָבער — ווי ווייט איז געגאַנגען די אידישקייט פון'ם „פּויליש־ען אידעל"? איז שוין יעמאָלט „דעם זיידען" געווען קלאָר, אַז דער אידישער סאָציאַליזם דאַרף, ווי דער סאָציאַליזם פון אַלע אַנדערע פעלקער, זיין אַ באַזונדער צווייג אויף דעם בוים פון דעם אינטערנאַציאָנאַל? האָט ווינטשעווסקי, בעת ער'ט געלעגט דעם גרונדשטיין צו דעם נייעם געביי, געהאַט אין זין, אַז דער בנין זאָל זיין ניט אַ צייטווייליג ביידעל פאַר די, וועלכע מען דאַרף אויסמושטירען און „אָבגעבען אין סאָציאַליסטען" צו די אומות העולם, נאָר אַ פּאַלאַץ, וואו עס זאָל לעבען און זיך ענטוויקלען דער פּראָגרעסיווער געדאַנק פון דעם אידישען פאָלק? און אויב דער לעצטער צוועק איז איהם ניט געווען אין גאַנצען פרעמד, — איז ווי האָט זיך ווינטשעווסקי פאָרגעשטעלט די ראָליע פון דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ און די כחות, וואָס דאַרפען זי אַרויסרופען אין לעבען?

אויף די אַלע פראַגען, קאָנען מיר ליידער ניט געבען קיין ענטפער. דעם „זיידענס" שטעלונג צו דעם נאַציאָנאַל־אידישען פּראָבלעם, אין די פערשיעדענע פּאַזען פון זיין לעבען, פערדיענט אַ בעזונדער אונטערזוכונג, און דערווייל קאָן נאָר איינער זי מאַכען: דער זיידע אַליין.

על פּי סברה בין איך מיר משער, אַז די שטעלונג צו דעם פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלען געדאַנק איז ביי איהם געווען ניט נאָר קיין פריינדליכע; אַז אין דעם פּונקט איז זיך ווינטשעווסקי ניט פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט די איבעריגע פערטרעטער פון זיין סאָציאַליסטישען דור: וואָס גיכער אידען וועלען פערשווינדען, האָבען זיי געמיינט, אַלץ בעסער סאַי פאַר די אידען, סאַי פאַר דער מענשהייט. מילא קאָן פון אַ אידישען סאָציאַליזם, ווי אַ בעזונדער שטראָם אין דעם סאָציאַליסטישען וועלט־געדאַנק, גאָר קיין רייד ניט זיין, און ממילא איז אַ אידיש־סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ אין תוך אַריין אַן איבעריגע זאַך. אַ פּאָר האַלב־און־פערטעל אינ־

טעליגענטען, א פּאָר יעפּרייטאָרס און פעלד־פעבעלס איז געגוג צו בעזאָרגען אַלע נויטען פון דער אידיש־סאָציאַליסטישער קאַזאַרמע. און אויב דער זיידע און די איבעריגע פיהרער נעהמען אויף זיך די ניט גאָר בכבוד'ע ראָליע פון העכסטענס א „פּאָד־פּראָפּאָרשציק", קומט זיי דערפאר נאָך א בעזונדער דאנק: זיי זאָגען זיך פריי־וויליג אָב פון העכערע ראנגען, וואָס זיי וואָלטען אפשר געהאט אין דער פרעמדר, און גיעבען זיך אוועק, צוליעב דעם אידעאל, פאר אַן ארבייט, וואו קיין אונשטערבליכקייט וועט מען שוין געוויס ניט פערדיענען, ווייל זי מוז אָבשטארבען אין איינעם מיט דעם פאָלק.

אזא „בטול היש" פערדיענט אפשר דעם גרעסטען רעספּעקט. איך מוז אָבער מודה זיין, אז מיין הארץ וויל איהם בשום אופן ניט געבען, וואָס איהם קומט. ניט־צו־רייסען־זיך אין דער הויך צו די ווייטע הימלען, פערלעשען אין זיך די בענקשאפט נאָך דער לופט פון די העכסטע בערג, איינשנורעווען דעם גייסט אין דעם „בינוני'ס" קאָרסעט ביז צום דערשטיקען, בעת אין הארצען ברויזען נאָך יונגע, פרישע שאפונגס־כחות, — דאָס איז, נאָך מיין מיינונג נאָך, די ערגסטע זינד אנטקעגען זיך אַליין — א חטא, וואָס קאָן אייביג ניט פערגעבען ווערען.

נאָר — דער חטא איז בעגאנגען געוואָרען, און דער שולדיגער וועט זיך אפשר פּרובען ריין וואשען דערמיט, וואָס ער וועט אונז וועלען איינשמועסען, אז עס זענען נאָך ערגיץ ניט געוועזען קיין יונגע, קיין פרישע שאפונגס־כוחות; אז עס האָט ערגיץ־ניט גאָר־נישט־ניט געברויזט און געשפּרודעלט, אז דעם „בינונים" קאָרסעט האָט קיינעם ניט געשטיקט, ווייל עס איז געווען אַלעמען נאָך'ן מאָס.

אָבער, אויב מען קאָן נאָך אפשר צוגעבען — זיכער בין איך ניט — אז די ערקלעהרונג פּאסט צו דעם מעהרהייט פון יענע „פיהרער", וועלכע די אידיש־סאָציאַליסטישע בעוועגונג האָט ארויס־געבראכט אין ענגלאנד און אמעריקא, טויג זי אבסאָלוט ניט פאר דעם פאל ווינטשעווסקי. זיינע ערשטע אידישע שריפטען טראָגען אויף זיך אזוי קלאָר די סמנים פון אַן אמת אָריגינעלען פּובליציס־טישען טאלאנט און פון אַן אייגענער רייכער נשמה, אז מען האָט

געקאָנט דערוואַרטען פון דעם „ייִדען" עפּעס אַזוינס, מיט וואָס דער אידישער סאָציאַליזם וואָלט געמאָגט שטאָלצירען פאַר דער וועלט.

און וואָס איז געוואָרען פון אָט דעם טאַלאַנט? ווי האָט ער זיך פאַנאַנדערגעוואַקסען אין דער אידיש־סאָציאַליסטישער אַט־מאָספערע?

די אויבינע נויט ניט צו טראַכטען דאָס, וואָס דער גרויסער עולם וועט ניט פערשטעהן, דאָס אויבינע זיך צו־פּאַסען צו דעם עם־הארץ, האָבען געמוזט בים־לעכווייז דערשטיקען אין דער נשמה אַלץ, וואָס דאָרטען איז געווען אָריגינעל, וואָס האָט ניט געקאָנט אַרויסגעבראַכט ווערען מיט דער הילף פון דעם בעל־עגלה'שען „עברי־טייטש".

דאָס וואַקסען אַרויף, אין דער הויך אין איינעם מיט דעם גרעסערען עולם איז פאַר דעם אידיש־סאָציאַליסטישען אינטעלי־גענט אויך געווען אָבגעשניטען. וואַקסט דער דרדקי־מלמד אין איינעם מיט זיינע תלמידים? ווי נאָר זיי לערנען זיך אויס דעם קמץ־אלף, מוזען זיי איהם פערלאָזען, און ער בלייבט ביי זיין אַל־טער טייטעל, מיט וועלכער ער נעהמט זיך פאַר נייע תלמידים... און אַזוי — יאָהר אויס — יאָהר איין!

סוף־כל־סוף האָט איין בלום נאָך דער אַנדערער געמוזט פער־וויאַלען, איין וואָרצעל נאָך דעם אַנדערן אויב ניט אָבשטאַרבען איז פער'חלש'ט ווערען, און ווינטשעווסקי איז איצטער אַ פער־שנעעטער גאָרטען, וואָס האָט קיין מאָל קיין רעכטען פריהלינג ניט געזעהען, און האָט ניט געהאַט די מעגליכקייט אַרויסצוברענ־גען זיין שפע... עס קאָן זיין, אַז די נייע נאַציאָנאַליסטישע פאַזע אין דעם לעבען פון אָט דעם אַלטען קעמפער פאַר אַלגעמיין־מענש־ליכען פאָרטשריט וועט צושמעלצען דעם שנעע, וועט אָבפרישען זיינע פער'חלש'טע כוחות און וועט איהם נאָך בעשערען אַ צווייטען פריהלינג דערווייל מאַכט ער אויף מיר דעם איינדרוק פון אַ קרבן, געפאַלען אויף דעם מזבח פון פרינציפּיעלער עם־הארצות, וואָס אויף איהר האָט דער אידישער סאָציאַליזם געבויט זיין געביי.

ווינטשעווסקי איז דער פאָטער פון דעם אידישען סאָציאַליזם אין זיינע ביידע געשטאַלטען: דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער און

דער אַנאַרכיסטישער. אָבער די הויפּט־ראָליע האָט געשפּיעלט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, און איהר געשיכטע איז ענג פערבונדען מיט דעם נאָמען פון אַן אַנדער פיהרער, וואָס האָט בלי ספק געהאַט אַ סך אַ גרעסערע פּרינציפּיעלע און פּראַקטישע בעדייטונג, עהוער ווינטשעווסקי. איך מיין דאָ אַבראַהאַם קאַהאַן.

מען זאָגט, אַז אַב. קאַהאַן וועט אייך אין גאַנצען געבען אַ שמעק טאַבאַק פאַר דער געשיכטליכער בעדייטונג פון דער אידישער בעוועגונג בכלל און ממילא פאַר זיין אייגענער ראָליע אין איהר בפרט, ווי וויכטיג זי זאָל ניט זיין. אויף אַ מאָנומענט אין „העס־טער סטריט" האָפט ער ניט און פאַר דעם וועלט־היסטאָרישען „ונתנה תוקף" מיט זיין „מי יחיה ומי ימות" האָט ער ווייניג רעס־פּעקט. דאָס פּאַסט גאַנץ גוט צו דעם בילד פון דעם דרדקי־מלמד, וועמעס ראָליע ער האָט פאַר זיך אַליין אויסגעקליבען. קאָן דען אַ דרדקי־מלמד האָבען די פּרעטענזיע, זיין נאָמען זאָל פערשריבען ווערען אין די טאָוולען פון דער געשיכטע?

אַב. קאַהאַן האָט אָבער אין דעם פּונקט אַ געוואַלדיגען טעות, און וואָלט איך היינט געשריבען די געשיכטע פון דער אידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין אַמעריקע, וואָלט איך ניט קוקען, וואָס איך בין אַזוי בייז אויף איהם (ווי מיר דוכט, אויס אַ גוט בעגרינ־דעטען פּאַרוואָס), און וואָלט איהם דערמאָהנען אַ היבשען לייסטער פּערדיענסטען זיינע, וועלכע וועלען, נאָך הונדערט און צוואַנציג יאָהר, געוויס אויסגערעכענט ווערען אין די נעקראָלאָגען אויף איהם און וועלען פון דאָרט, אין אָבגעקירצטער פאָרם, איבערגעהן אין דער געשיכטע.

דאָ האָבען מיר אָבער צו טהאָן נאָר מיט איין פּונקט: מיט זיין ראָליע און בעדייטונג אין דער „פּרינציפּיעלער עם־הארצות" און דעם דורכפיהרען פון איהר פּראָגראַם. אַב. קאַהאַן איז דער אייגענטליכער העלד פון דער פּראָגראַם, איהר פּערקערפּערער און בעזינגער, און בעסער עהדער אויף אַנדערע, לאָזט זיך אויף איהם בעווייזען דער גרונד־געדאַנק פון אונזער היינטיגער טהעמאַ, אַז דער אייגענטליכער וואָרצעל פון דער עם־הארצות, די אייגענטליכע סבה, פאַר וואָס אונזער סאָציאַליזם איז אַזוי אָרעם אין אינטעלי־

גענץ, איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר — די פערבלענדענעם פון דער אַסימילאַציע.

אב. קאהאן האָט, ווי מיר געדענקט זיך, ערגעץ ניט ארויסגע־זאָגט סיסטעמאַטיש זיין טהעאָרעטישע שטעלונג צו דעם פּראָבלעם פון דעם אידישען פּראָגרעסיווען נאַציאָנאַליזם. אָבער ס'איז דאָ אַ פּרוב־שטיין מיט וועלכען מען קאָן בעשטימען איינעמס געדאַנ־קען וועגען דעם פּרט. דאָס איז די שטעלונג צו דער בעשאַפונג פון אַן אייגענער אידישער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ, וואָס זאָל אין דעם לעבען פון דעם אידישען פאָלק שפּיעלען די זעלביגע ראָליע, וועלכע יעדע אינטעליגענץ שפּיעלט אין דעם לעבען פון יעדעם פאָלק, און וואו מיר, אידישע סאָציאַליסטען, זאָלען זעהען צו בעקומען די גייסטיגע אויבער־מאַכט, דורך אונזער אידעאַל און דורך אונזער זשעני, דורך אונזער ערנסטער ארבייט אויף אַלע פעלדער פון דער מענשליכער קולטור.

קאהאן איז תמיד געווען פיינדליך צו אזא געדאַנק. דאָס איז דער איינדרוק, וואָס איז ביי מיר איבערגעבליבען פון אַלע מיינע עראינערונגען, פון אַלע געשפּרעכען, וואָס איך האָב מיט איהם געהאַט, פון אַלע זיינע שריפטען, וואָס האָבען אַ שטיקעל שיכות צו דעם ענין. און מיינע עראינערונגען געהען גאַנץ ווייט צוריק, ביז צו דעם יאָהר 1892 (אויב איך האָב ניט קיין טעות), ווען איך האָב צום ערשטען מאָל געהאַט די עהרע און דאָס פערגניגען בעקאַנט צו ווערען מיט ווינטשעווסקי'ן און קאהאנ'ען אויף דעם ציוריכער אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס.

אין יענע יאָהרען האָט שוין דער פּראָגרעסיוו־נ א צ י אָ נ אַ־ ל ע ר אידישער סאָציאַליזם העזה'דיג אויפגעהויבען זיין קאָפּ און איז אַרויס מיט זיין פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען דער אידישער יוגענד, וואָס האָט געשטודירט אין דער שווייץ. איך האָב געהאַט דאָס גליק און די עהרע צו זיין דער פּאָהנען־טרעגער פון אָט דער נייער בעוועגונג. איך געדענק נאָך עד היום די טיעפע פרייד, וואָס איך האָב דורכגעלעבט, דריקענדיג די הענד פון יענע צוויי א י ד י ש ע דעלעגאַטען פון א י ד י ש ע ארבייטער, פערטרעטער פון דעם א י ד י ש ע ן סאָציאַליזם, וואָס זייערע נעמען זענען שוין פון לאַנג אָן געווען איינגעבאַקען אין מיין הארצען און ארומגערינגעלט

מיט אַ שיין פון ליעבע און שטאָלץ: ווינטשעווסקי׳ס נאָמען פאַר זיינע שירים און פעליטאָנען אין׳ם „ארבייטער־פריינד“, קאַהאַן׳ס נאָמען פאַר די קלאַנגען, וואָס האָבען זיך געטראָגען וועגען זיין אַגיטאַציע צווישען די אידישע ארבייטער און פאַר זיין פריהער־דיגער רעוואָלוציאָנער ארבייט אין רוסלאַנד.

איך געדענק אויך דערפאַר דעם ברענענד־ביטערען פאַרדראָס, וואָס איך האָב געהאַט, בעת דער ערשטער פאָרשלאַג מיינער איז צוריק געוויעזען געוואָרען פון זיי.

אין וואָס איז בעשטאַנען דער פאָרשלאַג?

אָך, איך בין יעמאָלט נאָך געווען אַ „פּראַקטישער“ מענש און, הפנים, גאַר אַ גאון אין הלכות דיפּלאָמאַטיע. איך האָב חלילה ניט פערלאַנגט, די אַגיטאַציע אין לאָנדאָן און אמעריקא זאָל שטאָלץ פאַנאַנדערוויקלען די אידישע פאָהן; איך האָב חלילה ניט געפאָדערט, ווי איך האָב דאָס געטהאָן אין דעם „יעווריי ק׳יעווריאַם“, אַז די אידישע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג זאָל ווער־רען זעלבסטשטענדיג און זיך אוועקשטעלען צום ציעל די ו ו י ע־ד ע ר ב ע ל ע ב ו נ ג פון דעם אידישען פאָלק. איך האָב גערעדט „פּראַקטישע“ און „דיפּלאָמאַטישע“ רייד...

באשר עס זענען דאַ אידישע ארבייטער אויך אין רוסלאַנד און גאַליציע צו וועמען מען מוז זיך ווענדען מיט דער סאָציאַליסטי־שער פּראָפּאַגאַנדאַ אין אידיש; און באשר „זיי“ מוזען דאָך סאַי ווי סאַי דרוקען אידישע אַרטיקלען אין זייערע צייטונגען, איז וואָלט אפשר געווען אַ סברה, אַז מען זאָל די אַלגעמיינערע אַר־טיקלען איבערדרוקען אין דער פאָרם פון ז א מ ע ל ב י כ ע ר. דאָס וואָלט געשאַפען אַ נויטיגע אידיש־סאָציאַליסטישע ב י ב־ל י א ט ה ע ק פאַר דער פּראָפּאַגאַנדאַ און וואָלט אין דערזעל־ביגער צייט פערהיטען, אַז די בעסערע זאַכען זאָלען אַזוי מיר־נישט־דיר־נישט געהן לאָבוד...

די צייטען זענען יעמאָלט געווען שווערע פאַר דעם אידישען סאָציאַליזם. מען האָט געדאַרפט גאָר בעווייזען, אַז עס זענען דאָ אידישע ארבייטער און אַז עס קאָן געמאָלט זיין אַ סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין אידיש. אַזעלכע זאַמעל־ביכער וואָלטען בעוויעזען

דעם פ אַ ק ט פון דער אידיש־סאָציאַליסטישער ליטעראַטור און וואָלט געגעבען אונז אַ היבשען וואַפען אין די הענד *).

ווינטשעווסקי האָט איינגעשטימט אויף דעם פאָרשלאַג. ער האָט בעדאַרפט איבעררעדען מיט קאַהאַנען און מיר געבען אַ תשובה. די תשובה איז געווען אַ לאַקאָנישע און קאַלטע: „קאַהאַן האַלט דערפון ניט"...

ווי היינט געדענק איך די ווערטער, וועלכע איך האָב אָפטמאָל אין מיין לעבען איבערגע'חזר'ט מיט אַ ביטערען שמייכעל פאַר זיך אַליין: „קאַהאַן האַלט דערפון ניט". איך האָב געוואוסט, אַז דאָס הייסט ניט נאָר „קאַהאַן"; אַז דאָס איז דער גזר־דין פון אַ גאַנצען דור, וועמעס אידעען קאַהאַן פאָרמולירט.

איך האָב אָבער אויף צו להכעיס „געהאַלטען דערפון". אין אַ פּאָר יאָהר אַרום איז שוין געווען אָרגאַניזירט אַ גרופּע יונגע סטודענטען, וואָס האָט אונטער מיין רעדאַקציע איבערזעצט, איבער־געאַרבייט און פּאָפּולאַריזירט איינינגע זעהר וויכטיגע סאָציאַליסטי־שע ווערק: אַ פּאָר פון די יונגע לייט האָבען דערנאָך געשפּיעלט גאָר אַ חשוב'ע ראָליע אין דעם „בונד", און אַלע אונזערע אַרביי־טען (אַ חוץ איינער: „גיזשיצקי'ס פאָרלעזונגען איבער סאָציאַלע עטהיק") זענען דערנאָך אַרויסגעגעבען געוואָרען פון'ם „בונד" **)

דאָס וויכטיגסטע פון אָט די ערשטע אויסגאַבען איז געווען די איבערזעצונג פון'ם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט". עד היום בין איך שטאָלץ אָט אויף דער שטיקעל אַרבייט; ווייל דאָס איז געווען אויף אַ מאַניפעסט פון ד ע ר א י ד י ש ע ר ש פּ ר אַ ך; אַ קלאָ־רער און ניט אָבצופרעגענדער בעווייז, אַז מען קאָן אין איהר אוי־בערגיעסען יעדען, אפילו דעם שווערסטען און אַבסטראַקטעסטען

*) וועגען יענער טרויעריגער צייט וועל איך ווען עס איז שרייבען באריכות. איצטער קען מען שוין פון יענע צרות דערצעהלען אין פרייד און אין נחת.

**) מיין פּאָרוואָרט צו די אַלע אַרבייטען אונטער דעם נאָמען „פּאַר וואָס דוקא אידיש?", וועלכע די גרופּע האָט ניט געוואָלט דרוקען, איז דערנאָך ערשיענען אין'ם ניו יאָרקער „פאָרווערטס"... נישיים אונטער קאַהאַן'ס רעדאַקציע?

שטאָף. אויף דער איבערזעצונג האָבען מיר נאָך דערפאַר געמאָגט זיין שטאָלץ, ווייל זי איז ניט נאָר א ריין־אידישע און א פּינקט־ליך אידישע, נאָר אויך די געטרייעסטע צום טעקסט, ווענינסטענס אז מען פערגלייכט זי מיט דער רוסישער, וואָס איז געמאַכט גע־וואָרען, אויב איך האָב ניט קיין טעות, פון פּלעכאַנאָוו'ן אליין, זעהט מען ערשט רעכט איהרע מעלות... די איבערזעצונג פון דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט" איז געווען א פּרינציפּיעלע נייס אין דעם בונד'ס" ליטעראַטור און האָט ניט גאָר געשטימט מיט זיין גאַנצער טענדענץ.

נו, ווי האָט אב. קאהאַן בעגעגענט אָט די איבערזעצונג, מיט וועלכער יעדער אידישער סאָציאַליסט האָט געמאָגט זיין שטאָלץ? מיט א „פּערניכטענדער" קריטיק! אידען דאַרפען ניט האָבען קיין איבערזעצונגען פון אַזעלכע ווערק, ווי דער מאַניפעסט, האָט ער גע'טענה'ט. פאַר אידען דאַרף מען „פּאָפּולאַריזירען" די איינצעלנע קאַפּיטלעך...

און ווען איהר וואָלט געפרעגט: פאַר וואָס דאַרפען עפּעס אידען שטעהן ניעדעריגער, עהדער אַלע פעלקער? פאַר וואָס מעג דער בולגאַר און דער פין, און דער פלאַמינג און דער רוסין יאָ האָבען אַן אמת'ע איבערזעצונג פון אָט דעם קלאַסישען ווערק, און אידען ניט? קיין ענטפער אויף די פראַגען וואָלט איהר ניט געפי־נען אין יענער קריטיק. אָבער דעם ענטפער איז לייכט געווען אליין צו געפינען: אידען זענען ניט קיין פאָלק, ממילא דאַרפען זיי ניט האָבען קיין אייגענע ליטעראַטור און קיין אייגענע אינטעלי־גענץ; ממילא דאַרף דער אידישער סאָציאַליזם אויף אייביג בליי־בען אַן עם־הארץ'שער. „אויף אייביג", ד. ה. אויף אַזוי לאַנג, ווי ער וועט לעבען. און קיין אריכות־ימים האָט איהם קאהאַן אוודאי ניט געוואונשען...

דיזעלבינע שטעלונג צו דעם אונז אינטערעסירענדען פּראָבלעם געפינען מיר אויך אין אַן אַרטיקעל זיינעם, וואָס ער האָט ניט לאַנג אָבגעדרוקט אין דער „צוקונפט" אונטער דעם נאָמען: „אונזער אינ־טעליגענץ". אַזוי ווי דער אַרטיקעל שענקט פיעל אויפמערק־

זאַמקייט אויף אונזער טהעטיגקייט אין דער אידישער ליטעראַטור און אַזוי ווי די פּאָלעמיק פון אב. קאהאַן אַנטקעגען „דאָס נייע לע־בען" איז נוגע גראָד דעם עצם פון אונזער פּראָבלעם, וועט דער לעזער קיין פּאַראיבעל ניט האָבען, ווען איך וועל זיך אָבשטעלען אויף איהם עפּעס לענגער און מאַכען אַ רייכערען געברויך פון מיין רעכט צו ציטירען.

אב. קאהאַן מאַכט מיר דעם פאָרוואורף, וואָס איך גיב אַרויס „דאָס נייע לעבען" פאַר אַ בעזונדער „זאָרט גייסטיגע מיוחסים". מיינע לעזער, מיינט ער, „זענען מייסטענס האַלב־אינטעליגענטען און אַלס רעדאַקטאָר" געפין איך מיך „אונטער דעם איינפלוס פון דיעזער גייסטיג אַריסטאָקראַטישער אַטמאָספערע". עס וואָלט אַ סך בעסער געווען, ווען איך וואָלט „געווען פריי פון דיעזען איינ־פלוס", ווען איך וואָלט „געקאָנט זיך אַביסעל אַרונטערלאָזען צו דעם פאָלק פון דעם הויכען פעדעסטאַל פון דער תלמודיש־אינטעלי־גענטער וועלט, וועלכע רינגעלט איהם (ד. ה. מיך) אַרום". און דער צעטעל פון בעשולדיגונגען געהט נאָך ווייטער. איך וועל זיך נאָך אומקעהרען צו איהם און מיר וועלען זיך נאָך דורכשמועסען וועגען איהם בהרחבה.

דערווייל לאָזט מיר נאָר ברענגען איין פאָרוואורף, וואָס קלינגט אַרויס אַזוי אונערוואַרטעט „נאַציאָנאַל". „איהם קימערט", שרייבט אויף מיר קאהאַן, „ניט דער גייסטיגער צושטאַנד פון פאָלק (? !), נאָר די פראַגע, צי זענען אויף אידיש געשריעבען ביכער אויף דעם זעלבען אונפּאָפּולערען אַרט, ווי עס ווערען געשריעבען די וויסענשאַפטליכע ביכער ביי די אומות העולם".

אָט האָט איהר עס ווידער: אידען דאַרפען ניט האָבען קיין ביכער, געשריעבען „אויף דעם זעלבען אונפּאָפּולערען אַרט, ווי עס ווערען געשריעבען די וויסענשאַפטליכע ביכער ביי די אומות העולם": דערזעלביגער שטאַנדפּונקט, וואָס אין דער צייט פון דער קריטיק אויף דעם „מאַניפעסט".

דער „צוקונפט"־אַרטיקעל גיט אונז אַן ערקלעהרונג פאַר וואָס דאָס מוז אַזוי זיין. די סאָציאַליסטישע בעוועגונג זאָגט ער אין אַן אַנדער אָרט, איז אַ פּראָפּאַגאַנדאַ־בעוועגונג, און די א י י נ צ י ג ע זאַך, וואָס מען דאַרף איז — פ אָ פּ ו ל אַ ר י ז י ר ע ן.

גוט! לאָמיר דערווייל אָננעהמען, אַז דאָס איז אַ תירוץ מספּיק, אָבער...

אָבער האָט ווען עס איז אַב. קאַהאַן אַ טראַכט געטהאָן, אַז כּדי צו קאָנען פּאָפּולאַריזירען, מוז מען עפּעס וויסען? איז איהם ווען עס איז קלאָר געוואָרען, אַז אַ דאַנק זיין פאַנאַטיזם פון פּאָפּולאַריזאַציעס האָבען מיר ניט קיין פּאָפּולאַריזאַטאָרם? איך וויים, אַז דאָס קלינגט איהם אַ ביסעל פרעמד און מיט בעליידיגטער גאוה וועט ער אונז „טייטלען" גראָד אויף אַזעלכע אַרטיקלען אין „פאָרווערטס", וואו מען לערנט די מאַסען, וואו מען זוכט זיי צו בילדען" א. אַז. וו.

יע, גראָד די און עהנליכע אַרטיקלען האָב איך אין זינען, ווען איך זאָג, אַז מיר האָבען ניט קיין פּאָפּולאַריזאַטאָרם... איך וואָלט איהם געקאָנט אונטערטראָגען אַ גאַנצע שיסעל וויסענשאַפטליכע פּערעל, צונויפגעקליבען פון אונזער „פּאָפּולער־וויסענשאַפטליכער" ליטעראַטור אין די ראַדיקאַלע צייטונגען. איך האָב מיך אָבער געפוילט צו קלייבען (קיינער וואָלט מיך דערפאַר ניט בעשולדיגט), און האָב אַרויסגענומען נאָר אייניגע, וואָס וועלען האָפּענטליך אַ ביסעל מעהר פאַנאַנדער עפענען קאַהאַן'ס אויגען אויף דער ווירקליכער לאַגע.

גראָד אין דעם אַרטיקעל וועגען קוק'ס נאָרד־פּאָל רייזע, אויף וועלכען קאַהאַן ווייזט אוים צו זיין אַזוי שטאָלץ, געפין איך אַ פּאָפּולער־וויסענשאַפטליכע דערקלעהרונג, אַז אַליומיניום, דאָס איז אַזאַ מין לעהם! („ליים"). גענאָסע קאַהאַן! איהר זייט דאָך פאָרט אַ שטיקעל געבילדעטער מענש: פערשטעהט איהר כאָטש, אין וואָס פאַר אַן אָבגרונד פון עלעמענטאַרע עם־הארצות איינער דאַרף זיך געפינען, כדי ער זאָל קאָנען אַרויסברענגען אַזאַ מין לעהם?"

אין דעם זעלביגען „פאָרווערטס" (נאָר פון אַן אַנדער טאָג) איז געווען אָבגעדרוקט עפּעס אַ טאָג־נייעס וועגען דער בעריהמטער גריכישער אינזעל סאַלאַמיס. דער נייעס־שרייבער האָט פּלוצלונג דערשפּיהרט אין זיך דעם הייליגען חוב פון פּאָפּולאַריזאַציע, און ער האָט גענומען, אויף שנעל צוקייט אַ היסטאָריש־וויסענשאַפט־

ליבע מאַנדעל און אַריינגעשטאָפּט זי אין דעם עולם'ס פּיסק אַריין.
אין די אַלטע צייטען, דערעצהלט ער, איז ביי דעם אינזעל פּאָרגע־
קומען אַ בעריהמטע שלאַכט צווישען די גריעכען און די פּערזער,
ביי וועלכער עס האָבען זיך אויף גריעכישער זייט אויסגעצייכענט
די קריעגפיהרער טהעמיסטאָקל און  אַ ו י ר י פּ י ד!  (דער „פּאָר־
ווערטס" שרייבט איהם ענגליש: „יוריפּיד").…

אמת, דער בעריהמטער  ד ר אַ מ ע ן ־ ד י כ ט ע ר,  אַוירי־
פּיד, האָט זיך טאַקי שטאַרק אויסגעצייכענט אין דער שלאַכט ביי
סאַלאַמיס, אָבער נאָר דורך דעם, וואָס ער איז  ג ע ב אָ ר ע ן
געוואָרען אין יענעם טאָג און אויף יענעם אינזעל, על כל פּנים, אין
יענעם יאָהר. אַלס קריעג־פיהרער האָט זיך אָבער אנשטאָט „יורי־
פּידען" נאָר אויסגעצייכענט  אַ ר י ס ט י ד...  גענאָסע קאַהאַן!
איהר שטאָלצירט מיט דעם, וואָס איהר גיט דעם פאָלק „סקוהל־
בילדונג" אין „פּאָרווערטס" אַלע טאָג אַן עס־לעפעל אין אַן עמער
וואַסער. זאָגט אַליין, וואָס פאַר אַ „באַל" וואָלט דער „סקוהל"־לעה־
רער בעדאַרפט שטעלען אייער נייעס־שרייבער פאַר די קאַדריל, וואָס
האָבען, ווי עס ווייזט אויס, געטאַנצט אין זיין מוח די צוויי פּאָרען:
די שטאַאטסמענער טהעמיסטאָקל און אַריסטיד פון איין זייט או[illegible]
די דראַמען־דיכטער סאָפאָקל און אַוריפּיד, פון דער אַנדערער...

דאָס זענען פּערל (ניט פעראיינצעלטע) פון „פּאָרווערטס",
דעם זעלביגען „פּאָרווערטס", וואָס א. אז. וו.

אָבער די איבעריגע ראַדיקאַלע פּרעסע איז אויך ניט בעסער.

די „וואַרהייט" האָט ניט לאַנג בערייכערט די וויסענשאַפט
מיט דער אַבסאָלוטער נייער דערקלעהרונג, אַז דער עקוואַטאָר איז...
דער  מ י ט ע ל פּ ו נ ק ט  פון דער ערד!...

אויף דעם גרונד פון עהנליכע וויסענשאַפטליכע טיעפקייט אין
געאָגראַפיע האָט די „פרייע אַרבייטער שטימע" גענומען און פער־
וואַנדעלט דעם מאַלסטראָם (אָדער ריכטיגער: מאַעלסטרעם) אין אַ...
ש ט אָ ד ט  מאַלסטראָם!!

אגב אורחא וויל איך דאָ אויפווייזען אויף די אונגעהויערע
אָ ב ג ע ל אָ ז ע נ ק י י ט,  וועלכע פריינד ש. יאַנאָווסקי האָט
זיך ערלויבט אין דער „פרייער געזעלשאַפט", אין זיין איבערזעצונג
פון קראָפּאָטקין'ס „געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן",

וואו די גענעראַל־שטאַאַטען ווערען איבערזעצט: דער שטאַאַטען גענעראַל! דאָס איז, הפּנים, דערפֿאַר, ווייל אין ענגליש רופען זיי זיך „עסטייטס דזשענעראַל“. עס איז אָבער שווער צו גלויבען, אַז יאַנאָווסקי זאָל ניט וויסען אַז דער ענגלישער בראַווער „דזשענעראַל“ איז דאָ נאָר אַן אַדיעקטיוו און שטעהט בלשון רבים... ווי די מעשה איז, עראינערט דאָס אָן דער בעריהמטער רוסישער איבערזעצונג פון דעם פראַנצויזישען „ביען־עטר זשענעראַל“: „ס’איז גוט צו זיין אַ גענראַל“...

נאָר — גענוג פּערעל! — ווי ערקלערט איהר זיי, גענאָסע קאַהאַן?

איך ערקלער דאָס גאַנץ פּשוט. אונזערע הערנען פּאָפּולאַריזאַטאָרען האָבען משמעות אין דער יוגענד יע עפּעס געוואוסט. דערנאָך אָבער, אַז זיי האָבען אָנגענומען דעם איידעל־מוטהיגען בעשלום פון „בטול היש“, איז ביסלעכווייז אויך זייער וויסענשאַפטליכער „יש“ אין גאַנצען בטול אָדער מטושטש געוואָרען, און פון אַלע וויסענשאַפטען איז נאָר איבערגעבליעבען... „אַזאַ מין לעהם“...

וואָלטען זיי געהאַט רעספּעקט צו זיך אַליין, רעספּעקט צו זייער אַרבייט, רעספּעקט צום אידיש־לעזענדען עולם, יעמאָלט וואָלטען זיי ניט געקאָנט האָבען די העזה צו פיטערען איהם אָנשטאָט וויסענשאַפט מיט „אַזאַ מין לעהם“. שרייבענדיג, איבערזעצענדיג, וואָלטען זיי, אין דעם פאַל פון ספק, אַריינגעקוקט אין ביכעל. פון אָט דער עובדא אָבער זענען זיי אָבגעוועהנט געוואָרען. און אין דער אמת’ען: צוליעב וואָס און צוליעב וועמען? ווער לייענט אידיש? דאָך נאָר דער עם־הארץ! און ווי לאַנג וועט ער זיך האַלטען דערביי? ביז ער וועט אויפהערען צו זיין אַן עם־הארץ... לוינט זיך דען אַ סך דאָ צו דאגה’ן וועגען איהם! לאָז זיין, אַז דער מאַעלסטראָם איז אַזאַ מין עקוואַטאָר, און אַז אוירי־פיד איז אַזאַ מין אַליומיניום, — נישקשה, דער עם־הארץ וועט אַלץ אַראָבשלינגען!

און אויף אַזאַ’ן אופן פערוואַנדעלט זיך דער שטאַנדפּונקט פון פּרינציפּיעלע עם־הארצות אין פּשוט’ע, פּראַקטישע גראָבע, גראָבע אונוויסענהייט, מיט וועלכער מען פיטערט דעם עולם, אויף וואָס די וועלט שטעהט.

כדי צו האָבען גוטע פּאָפּולאַריזאַטאָרס, מוז מען האָבען אַ ווי־סענשאַפטליך־געבילדעטע *אינטעליגענץ* אין אידיש, פון איהם לאָזען די געבילדעטע און די פעהיגסטע: *די פּיסאַרעוו, די קארל פאכט, די קויטסקי, די טשערנישעווסקי* נעהמען זיך פאַר דער זעהר פעראַנט־וואָרטליכער אויפגאַבע פון פּאָפּולאַריזאַציע און אויפקלעהרונג. און זייער אַרבייט מוז שטעהן אונטער דער שטילער קאָנטראָליע פון דער *געבילדעטער עפענטליכער מיינונג*.

ווי קאָנט איהר אָבער ביי אונז האָפען אויף גוטע פּאָפּולאַרי־זאַציעס, אויף אמת׳ע פאָלקס־אויפקלעהרונג אין וואָרט און שריפט, ווען איהר פערלאַנגט אליין, אָדער איהר געפינט עס ווענינסטענס פאַר זעהר נאַטירליך, אז דער געבילדעטער איד זאָל ניט לייענען קיין אידיש?

„צו וואָס זאָל דער געבילדעטער, געשטודירטער סאָציאַליסט איבערהויפּט לעזען אַ סאָציאַליסטישע אידישע צייטונג אָדער אַ זשורנאַל“? פרעגט קאַהאַן אין דעם זעלביגען אַרטיקעל. „ער לעזט דאָך ענגלישע, רוסישע זשורנאַלען. דער אַנטוואָרט איז, אז דער געבילדעטער מענש, וועלכער בעלאַנגט ניט צו דער בעוועגונג, לעזט טאַקי ניט אונזערע שריפטען. דער אָבער, וואָס בעלאַנגט יע צו דער בעוועגונג, לעזט זיי, ווייל ער איז פעראינטערעסירט אין זיי אַלס אַ טהייל פון דיעזער בעוועגונג“.

איך בין שטאַרק מסופק, אויב אפילו *דער* לעזט זיי. ווייל איך קאָן מיר ניט פאָרשטעלען, אַ געבילדעטער מענש זאָל קאָנען רוהיג אַראָבשלינגען די צוקייטע וויסענשאַפט פון׳ם „פאָר־ווערטס“עס מויל, און איהם זאָל ניט בעפאַלען אַ חלשות, סאַידען ער פאַלט דערביי אויך אַריין אין דער „בטול־היש“־שטימונג און זיפצט, רעזיגנירט: וויפיעל וועט ער, מישטיינס געזאָגט, אָנגע־דויערן, אָט דער גאַנצער „שטאַאַטען־גענעראַל־פּאַראַד“? נאָך אַ יאָהר, נאָך אַ יאָהר... ביז דאָס אידישע פאָלק וועט פערשווינדען. זאָלען זיי זיך דערווייל פיטערען מיט וואָס זיי קאָנען, אַבי דער סאָציאַליסטישער „רעכטס־לינקס“, „רעכטס־לינקס“ ווערט דערביי בדבעי אַריינגעפּויקט...

מיין אַרטיקעל האָט זיך שוין צופיעל פאַנאַנדערגעצויגען, און

איך האָב נאָך אַלץ ניט אויסגעשעפּט מיין טהעמאַ, אַפילו אין יענע ענגע גרענעצען, וועלכע איך האָב מיר פאַרגעשריעבען. איך וועל מוזען בעטען דעם לעזער, ער זאָל האָבען מיט מיר נאָך אַ ביסעל געדולד. אָבער שוין איצטער, דוכט מיר, הויבט אָן זיך ארויסווייזען די אינוועניגסטע לאָגישע שיכות צווישען עם־הארצות און אסימי־לאַציע פון איין זייט, צווישען אמת׳ע פאָלקס־בילדונג און די נויטוועגדיגקייטן פון אַ פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ פון דער אַנדערער.

דאָס וועט אונז נאָך קלאָהרער ווערען, ווען מיר וועלען זיך נאָך מעהר אריין לייענען אין אַב. קאַהאַן׳ס אַרטיקעל.

4.

די סאָציאַליסטישע בעוועגונג איז אַ פּראָפּאַגאַנדאַ־בעוועגונג,— דאָס איז דער גרונד־געדאַנק, אויף וועלכען עס זיינען אויפגעבויט אַב. קאַהאַן׳ס אַרגומענטאַציעס אין זיין אַרטיקעל „אונזער אינטע־ליגענץ". ארויסגעהענדיג פון אָט דעם גרונד־געדאַנק, קומט ער צו אַן איבערשעצונג פון יענעם ווערט, וועלכען פּאָפּולאַריזאַציעס האָבען פאַר דער גייסטיגער ענטוויקלונג פון אַ פאָלק.

„מען וועט זאָגען," שרייבט ער צום סוף פון זיין אַרטיקעל, „אַז די פראַגע וועגען פּאָפּולאַריזאַציאָן איז אַ „אידעע פיקס" ביי מיר, אַ געדאַנק, וועלכער זיצט ביי מיר פעסט אין מוח און וועגען וועלכען איך הער ניט אויף צו רעדען. אמת. איך זעה אָבער וואָס וויי־טער אַלץ דייטליכער, אַז דיעזער געדאַנק רעפּרעזענטירט די איינציגע וועג פאַר די, וועלכע קענען העלפען פערשפּרייטען וויסען און ענט־וויקלען אונזערע מאַסען."

מיר האָבען אין דעם פאָריגען קאַפּיטעל געזעהען, אַז ווען אַפילו מען זאָל זיך אָוועקשטעלען אויף קאַהאַן׳ס שטאַנדפּונקט פון פּראָפּאַגאַנדאַ און פּאָפּולאַריזאַציע, מוזען מיר אויך יעמאָלט קומען צו דעם רעזולטאַט, אַז מיר האָבען אָן אייגענע רייך ענטוויקעלטע אינטעליגענץ, פון וועלכער עס זאָלען זיך קאָנען רעקרוטירען די פּראָפּאַגאַנדיסטען און די פּאָפּולאַריזאַטאָרס. ד. ה. מיט אַנדערע ווערטער, אַז עס מוז בעשאַפען ווערען אַ אידישע גייסטיגע אַטמאָ־

ספּערע, וואָס זאָל געבען דעם אידישען אינטעליגענט די זעלביגע גייסטיגע שפּייז, ווי די, וואָס ער געפינט אין דער פרעמד. אז ניט — וועט די אינטעליגענץ מוזען אוועקגעהן פון אונז, מוזען איבערלאָזען אין דער היים נאָר „דרדקי־מלמדים", וועלכע וועלען סוף־כל־סוף מוזען בלייבען הינטערשטעליג געגען זייערע אייגענע אויפגאבען.

אָבער — איז דען דער סאָציאַליזם ניט מעהר ווי אַ פּראָפּאגאנדא־בעוועגונג?

נעהמט דעם סאָציאַליזם פון וועלכען לאַנד איהר ווילט, און איהר וועט געפינען, אַז ער איז ניט נאָר אַ סאָציאַל־פּאָליטישע מאסען־בעוועגונג, נאָר אויך אַ גייסטיגער שטראָם, אין וועלכען עס שלאָגען אַלע קוואַלען פון דער מענשליכער קולטור: די וויסענשאַפט אַזוי גוט ווי די קונסט, די פילאָסאָפיע אַזוי גוט ווי די רעליגיע.

בעזונדערס ריכטיג איז דאָס פאַר דעם מאַרקסיסטישען סאָציאַליזם, וואָס טרעט ארויס מיט נייע טהעאָריען ניט נאָר אין דער געזעלשאַפטס־לעהרע און דער געשיכטע, נאָר אויך אין דער פילאָסאָפיע, אין דער מאַטעמאַטיק און אין די נאַטור־וויסענשאַפטען. אמת, די אַלע מאַרקסיסטישע טהעאָריען זענען זעהר צווייפעלהאַפט און האָבען קיין גרויסען רושם אויף די ענטוויקלונג פון די נאַטור־וויסענשאַפטען ניט איבערגעלאָזען (צו זיי איז אָבער צוגעשטאַנען אַ בעמיקער מיט ניט קיין קלענערען נאָמען, ווי — קאַרל שאָרלעמער!). אָבער, ווי אמת און פאַלש די איינצעלנע טהעאָריען פון די איינצעלנע סאָציאַליסטישע גייסטעס־וועלט אַזוי רייך אין געדאַנקען, אַזוי שטאַרק צונויפגעוואַקסען מיט אַלע צווייגען פון דער מענשליכער קולטור, אַז מען מוז זיין באמת אַ היבש געבילדעטער מענש, כדי אריינצונעהמען אין זיך דעם גאַנצען אוצר פון דעם סאָציאַליסטישען דענקען און שאַפען.

און די אַלע קולטור־קוואַלען אין דעם גייסטיגען שטראָם פון'ם סאָציאַליזם קאָן מען ניט אָבשטעלען אויף אַ ווייַלע מיט דעם בעפעהל: הערט אויף צו שלאָגען, דער פּאָפּולאַריזאַטאָר איז נאָך ניט פאַרטיג מיט זיין ארבייט. ער האָט נאָך ניט אַלץ צוקייט פאַר די מאַסען. דער שטראָם פון סאָציאַליסטישען געדאַנק, ווי דער שטראָם פון קולטור איבערהויפּט, האַלט אין אַן אייביגען אָנוואַקסען

ניט נאָר אין דער ברייט, נאָר אויך אין דער טיעף. דער פּראָגרעס פון דער מענשהייט איז ניט נאָר אַ פערשפּרייטען פון וויסען, נאָר אויך אַן אָנזאַמלען און אַ שאַפען פון נייע אוצרות.

די זאַמלער און די שאַפער זענען אָבער ניט די מאַסען, נאָר די אינטעליגענץ. און אַקוראַט אַזוי ווי מיר דאַרפען זאָרגען פאַר די פערשפּרייטונג פון דער קולטור און די ענטוויקלונג פון די מאַסען, מוז מען נאָך אין אַ העכערען גראַד פעראינטערעסירט זיין, אַז די שאַפונגס-קוואַלען פון דער קולטור זאָלען ניט אויפהערען צו שלאָגען.

אונזערע קולטור-קוואַלען זענען זעהר אָרעם. דאָס איז דערפאַר, ווייל מיר האָבען ניט קיין אינטעליגענץ און קיין ריין־אינטעליגענטע גייסטיגע אַטמאָספּערע; ווייל מיר האָבען זיך איינגעשמועסט, אַז דער סאָציאַליזם איז ניט מעהר ווי אַ פּראָפּאַגאַנדאַ־בעוועגונג. מחמת דעם זעלבען טעם איז אונזער סאָציאַליזם, איבערהויפּט אין אַמעריקאַ, אַזוי פעראַלטעט און פערדאַרט, אַקוראַט ווי די גייסטיגע ענטוויקלונג פון די לעצטע פופצעהן־צוואַנציג יאָהר וואָלט אויף איהם קיין ברעקעל ווירקונג ניט געהאַט.

וועלכע פראַגען זענען אין דער צייט ניט אוועקגעשטעלט געוואָרען פאַר דעם פאָרשענדען גייסט?

די שטעלונג צו דעם מאַרקסיזם און דער מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע בכלל, די דורכמוסטערונג פון'ם דאַרוויניזם, פערבונדען מיט דער זעהר פערוויקעלטער פערערבונגס-פראַגע, די ענערגעטישע טהעאָריע אין דער נאַטור-פילאָסאָפיע, די עלעקטראָנען־לעהרע אין דער פיזיק, — אַלץ נייע און נייע געדאַנקען און וויסענשאַפטליכע ענטדעקונגען, רעוואָלוציאָנען אין דער געדאַנקליכער וועלט, פון וועלכע דער אידישער לעזער האָט קיין שום אהנונג ניט, ווייל עס איז קיינער ניט געווען, ווער עס זאָל דאָס איהם דערצעהלען.

אויך דאָ איז אין דער לעצטער שורה שולדיג די אַסימילאַציאָנס-טהעאָריע און די אַסימילאַציאָנס-פּראַקטיק, וואָס האָט ניט צוגעלאָזען קיין נייע, פרישע קרעפטע אין דער אידישער בעוועגונג. די אַסימילאַציע, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין דעם נאָמען פון וויסענשאַפט און פּראָגרעס, האָט אין דער פּראַקטיקע געבראַכט עם־הארצות און פערגליוורטקייט.

אין אַזאַ צושטאַנד קאָנען מיר אָבער ניט בלייבען אויף אייביג.

מען מוז זיך אָנשטרענגען און זיך אַרויסרייסען פון דעם „אזא מין לעהם“, אין וועלכען די אסימילאַציע האָט פערשלעפּט דעם אידישען פּראָגרעסיווען געדאַנק. און אַרויסזאָגען זיך קאָן מען נאָר אויף איין וועג: מען מוז בעשאַפען אַן אייגענע אינטעליגענטע אטמאָ־ספערע. מען מוז זיך אָבזאָגען פון דעם געדאַנק, אַז דער סאָציאַליזם איז ניט מעהר ווי אַ פּראָפּאַגאַנדאַ־בעוועגונג, וואָס רעכענט זיך נאָר מיט די מאַסען. מען דאַרף תמיד געדענקען, אַז ער איז אַ שאַפונגס־פּראָצעס, אין וועלכען עס מוזען זיך בעטייליגען קודם כל די אינ־טעליגענץ.

ווי ציהט מען אָבער צו די אינטעליגענץ צו דעם אידישען פאָלק? מיר האָבען זיך ביז אַהער בעוועגט אין דעם פּרט ווי אין אַ פערכשופ׳טען קרייז. האָט איהר געפרעגט אַ אידישען אינטעלי־גענט, פאַר וואָס ער שרייבט ניט זיינע געדאַנקען אין אידיש, פלעגט ער ענטפערן: עס זענען ניטאָ קיין אינטעליגענטע לעזער אין אידיש. און האָט איהר געפרעגט דעם אינטעליגענטען לעזער, פאַר וואָס ער לייענט ניט קיין אידיש, פלעגט איהר בעקומען דעם ענטפער: עס איז פאַר אונז ניטאָ וואָס צו לייענען; עס זענען ניטאָ קיין אינטעליגענטע שרייבער.

אָט דעם פערכשופ׳טען רינג, בעשאַ־פען פון דער אסימילאַציע, האָט מען גע־מוזט פאַנאַנדערייסען.

טהאָן האָט דאָס געקאָנט ניט דער אינטעליגענטער לעזער, נאָר דער אינטעליגענטער שרייבער. עס האָט זיך געמוזט מאַכען אַ הסכם אָנהויבען צו שרייבען ווי מען שרייבט אומעדום פאַר געבילדעטע מענשען און — לאָז די אידישע אינטעליגענץ קיין פתחון־פה ניט האָבען, אַז עס איז פאַר איהר אין אידיש ניטאָ וואָס צו לייענען...

אויף אַזאַ אופן איז אַרויסגעשפּראָצט געוואָרען די נייע אידישע ליטעראַטור, צו וועלכע אויך „דאָס נייע לעבען“ געהערט. זאָל אָט די נייע בעוועגונג אָנגעהן נאָך ווייטער, זאָלען זיך אָנהויבען מעהרען אָריגינעלע און איבערזעצטע ווערק אין אידיש „אויף דעם זעלבען אונפּאָפּולערען אַרט, ווי עס ווערען געשריעבען די וויסענשאַפטליכע ביכער ביי די אומות העולם“, און די אינטעליגענץ וועט זיך שוין ניט קאָנען אויסדרעהען מיט דעם תירוץ: „ניטאָ וואָס צו לייענען“.

ווען זי אָבער אויך יעמאָלט בלייבען פער'עקשן'ט ביי איהר אַלטער פּאָזיציע, וועט זי מוזען אָפען ארויסטרעטען מיט איהר אַסימילאַטאָרישען אַרגומענט, אַז זי וויל ניט לייענען קיין אידיש, ווי רייך און נייַ די אידישע ליטעראַטור זאָל פאַר איהר ניט זיין.

געוויס וועט זיך געפינען אַ קליינער טייל פון דעם עלטערען דור, וועלכען מיר וועלען שוין מיט קיינע אַרגומענטען ניט צוציהען צוריק. דער גרעסטער טייל אָבער וועט האָפענטליך איינזעהן יענעם אָבגרונט, יענעם גייסטיגען באַנקראָט, צו וועלכען די אַסימילאַציע פיהרט, און אויב ביי איהם וועט די אמת'ע פאָלקס-בילדונג זיין טייערער, עהדער די איינגעפרעסענע טהעאָריע, וועט איהם ניט זיין שווער זיך אָבצוזאָגען פון איהר און אומקעהרען זיך צו דעם אידישען פאָלק. אָבער — אויב אפילו דער גאַנצער אַלטער אַסימילאַטאָרישער דור זאָל געהן פערלאָרען פאַר אונז, וועט דאָס געוויס זיין אַ היזק, אָבער שוין ניט גאָר קיין געפעהרליכער. אַ נייער אינטעליגענטער דור וועט אויפוואַקסען אויף אונזער נייער אינטעליגענטער ליטעראַטור, וועט פון יוגענד אָן איינזויגען אין זיך די עלעמענטען פון דעם מענשליכען פּראָגרעס אין אידיש, און איהר וועט ממילא גאָר שוין מעהר אויפ'ן זינען ניט אַרויף, צו לויפען נאָך בילדונג און ליכט אין דער פרעמד.

אָט דאָס איז דער זין פון אונזער אַרבייט אין „דאָס נייע לעבען". אָט פאַר וואָס מיר שרייבען „ווי מען שרייבט פאַר מענשען מיט מאָדערנע בילדונג". *)

אב. קאַהאַן קאָן דאָס אָבער ניט בענעהמען. איהם דוכט זיך, אַז מען קאָן אַלע מאָל שרייבען אַזוי, אַז יעדער איינער, אפילו דער האַלב און פערטיל-געבילדעטער, זאָל פערשטעהן. געוויס, פאָדערט ער ניט, אַז אַלעס, וואָס ווערט געשריעבען, זאָל האָבען אין זינען בלויז דעם אונוויסענדען לעזער. „דער וואָס שרייבט אידיש", זאָגט ער, „קען און דאַרף שרייבען פאַר אַלע קלאַסען מיט אַמאָל". „צו דיעזען צוועק איז בלויז נויטיג איין זאַך", דערקלערט ער אונז ווייטער: „יעדער שרייבער זאָל זיינע געדאַנקען איבערגע-

*) די „צוקונפט", ז. 112.

בען אזוי, אַז דער ווייניג ענטוויקעלטער זאָל איהם קאָנען בעגרייי־
פען ווי דער פאָלשטענדיג ענטוויקעלטער. מייסטענס איז דאָס
ניט מעהר ווי אַ פראַגע פון ווערטער און אויסדריקע, — פון דער
אויסערליכער פאָרמע פון דעם ארטיקעל". *)

די חמורים, די אומות העולם! האָבען זיי בעדאַרפט ברעכען
די קעפּ און בעשאַפען ביכער אין „אַ ניט פּאָפּולערער אַרט", בעת
זיי האָבען, לויט קאהאַן'ס רעצעפּט, געקאָנט שרייבען פאַר אַ ל ע
קלאַסען פון דער בעפעלקערונג, פאַר דעם עם־הארץ, אזוי גוט ווי
פאַר דעם אויפגעקלעהרטען! אַ ביסעלע פּאָפּולאַריזאַציע, אַ בי־
סעלע „אַנדערע ווערטער און אויסדריקע", און יעדער „דרייוווער"
וואָלט זיך געקאָנט זיצענדיג אויפ'ן וואָגען לייענען קאַנט'ס „קריי־
טיק פון דער ריינער פערנונפט", מיל'ס לאָגיק, און מארקס' „קאַ־
פּיטאַל".

אַ שאָד כ'לעבען, וואָס מאַרקס איז געשטאָרבען, איידער אב.
קאהאַן האָט אויסגעפונען דעם סוד! קאהאַן וואָלט גאַנץ געוויס
געבענקהרען צו איהם און וואָלט איהם שוין אויסגעלערנט, ווי מען
בעדאַרף שרייבען סאָציאַליסטישע ליטעראַטור. „כ'לעבען, קאַרל",
וואָלט ער זיך געווענדעט צו איהם, „דו שרייבסט צו תלמודיסטיש.
דיין ווערטה־לעהרע איז, אין איהר איצטיגער פאָרם, געשריעבען
נאָר פאַר גייסטיגע מיוחסים, וואָס פערשטעהען אַ גוט שטיקעל
מהרש"א. מיט אַ ביסעלע אַנדערע ווערטער און אויסדריקע וועל
איך דיר דאָס „פיקסען" אַזוי, אַז יעדער בר־דעת וועט דאָס אויפ'ן
שטעל פערשטעהן. כ'לעבען, לאָז מיך! זאָג, וואָס ווילסטו
אַרויסברענגען?"

ווי רעכענט אב. קאהאַן: וואָס וואָלט איהם קאַרל מאַרקס
דערויף געענטפערט?

איך וויל בשום אופן ניט לייקענען, אַז יעדער געדאַנק קאָן
פּאָפּולאַריזירט ווערען אַזוי, אַז אפילו יעדע מארק־אידענע זאָל
איהם קאָנען פערשטעהן. אָבער נישיים זעהט קאהאַן ניט איין,
אַז אויף יעדען בלעטעל „קאַפּיטאַל" וואָלט מען בעדאַרפט שרייבען
אין דורכשניט ניט ווייניגער ווי פינף בלעטלעך „פּאָפּולאַריזאַציע",

*) די „צוקונפט", ז. 109, 110.

און אויף יעדען בלעטעל קאַנט ניט וועניגער ווי צעהן? נישיים פערשטעהט ער ניט, אַז דער גאַנצער גייסטיגער פראָגרעס פון דער מענשהייט איז מעגליך געוואָרען נאָר אַ דאַנק דעם פאַקט, וואָס די מענשהייט האָט זיך אויסגעלערנט דענקען אין צונויפגעפרעסטע בעגריפען, וואו איין וואָרט איז אַ סך־הכל פון פיעלע און פיעלע איינצעל־געדאַנקען?

דער גאַנצער קונץ פון פּאָפּולאַריזאַציע בעשטעהט אין דעם קאָנען פאַנאַנדערבייטען דעם צונויפגעפרעסטען בעגריף אויף יענם „קליין־געלד“, פון וועלכען ער בעשטעהט. דאָס איז געוויס ניט קיין לייכטע זאַך, און גוטע פּאָפּולאַריזאַטאָרען זענען אַ גרויסע זעלטענהייט. קאַהאַן מיינט, אַז ער געהערט צו זיי. איך וויל מיט איהם זיך ניט אַמפּערען אין דעם פּונקט, אָבער איינזעהן מעג ער דאָך, אַז אויב די וויסענשאַפטליכע וועלט וואָלט שטענדיג אָפּערירט מיט „קליין־געלד“, וואָלט זי פשוט קיין צייט ניט געהאַט, צו מאַכען אַ וועלכען עס איז שריט פאָרווערטס. זי וואָלט בשום אופן ניט געקאָנט אַרויסברענגען אַ וועלכען עס איז טיעפערען וויסענשאַפטליכען אָדער פילאָסאָפישען זאַץ, ווייל זי וואָלט תמיד געמוזט אויסטייטשען די הונדערטער און הונדערטער איינצעל־געדאַנקען, בעגריפען און פאָרשטעלונגען, וואָס מען מוז וויסען פריהער, איידער מען קאָן קומען צו יענעם נייעם געדאַנק.

נאָר אַ דאַנק די צונויפגעפרעסטע בעגריפען האָט דער מענשליכער גייסט איינגעשפּאָרט צייט פאַר דעם ווייטערען פראָגרעס. וואָלט די מענשהייט געפאָלגט אב. קאַהאַן׳ס עצה אין אַנזאַמלען און בעשאַפען קולטור, וואָלט זי נאָך אפשר עד היום געבליבען שטעקען אין איהרע ערשטע אָנהויבען.

באמת, מיינען מיר, אַז אב. קאַהאַן פערשטעהט דעם ענין אַקוראַט אַזוי גוט ווי מיר. און איהם אַליין וואָלט לעכערליך אויסגעקומען צו פערלאַנגען, אַז מאַרקס און קאַנט זאָלען שרייבען „פאַר אַלע קלאַסען מיט אַמאָל“. ער פערלאַנגט דאָס אָבער פון די אידישע שרייבער. פאַר וואָס? טאַפּט איהר דאָ ניט אָן מיט די פינגער די אמת׳ע אורזאַך, די פערבאָרגענע וואונד פון זיין גאַנצען דענקען? אידען זענען קיין פאָלק ניט, און די אי־דישע שרייבער זענען קיין שרייבער ניט; זיי האָבען זיך ניט צו

פערגלייכען מיט די מארקס און די קאַנטס. ניט אין א י ד י ש און ניט פאר אידען, ווי אַ פּאָלק, האָט מען צו זאַמלען און שאַפען קולטור. די שמאַנט פון דעם פּראָגרעס דארף געהערען די אומות העולם. פאר די פּאָר יאָהר, וואָס די אידישע מאסען וועלען נאָך פיהרען אַ בעזונדער נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ, איז פאר זיי גוט די „זויער מילך" אָדער גאָר די זויער־וואַסער פון דער אויבערפלעכ־ליכער פּאָפּולאַריזאַציע. אָט דאָס און ניט קיין אַנדער זאַך איז דער אמת'ער טייטש פון קאַהאַן'ס גרונד־געדאַנק, אַז דער סאָציאַ־ליזם איז ניט מעהר ווי אַ פּראָפּאַגאַנדאַ־בעוועגונג.

און צו דעם זעלביגען רעזולטאַט קומט מען, ווען מען דענקט זיך אריין טיעפער אין קאַהאַן'ס „איינציגען וועג" ווי אַזוי צו פערשפּרייטען וויסען און ענטוויקלען די מאסען.

זייט אייך באמת משער, אַז קאַהאַן וואָלט וועלען אָנווענדען זיינע געדאַנקען אויף די אומות העולם און מען וואָלט איהם גע־מאַכט פאר אַ מיניסטער פון פּאָלקס־אויפקלעהרונג. וואָס וואָלט ער געטהאָן? די ערשטע זאַך וואָלט ער אָבגעשאַפט אַלע פּעדאַ־גאָגישע אַנשטאַלטען, אַלע שוהלען, גימנאַזיעס, אוניווערזיטעטען, ביבליאָטעקען, מוזעען, לאַבאַראַטאָריעס, אָבסערוואַטאָריעס און אַלע ביכער, געשריעבען אויף „אַ ניט פּאָפּולערער ארט". דערנאָך וואָלט ער גענומען — ארויסגעבען דעם „פאָרווערטס". אַלע שעה אַ „פאָרווערטס". אַלע האַלבע שעה אַ „פאָרווערטס"... ווייל אַ טעגליכע צייטונג איז אבסאָלוט ניט אים שטאַנד צו געבען עלע־מענטארע בילדונג דעם עולם. דערקלעהרט איהם היינט, וואָס איז אַ פּאָליום און וואָס איז אַליומיניום, מוזט איהר דאָס מאָרגען אָדער איבערמאָרגען ווידער דערקלעהרען, פאר די ניי־אונטער־געוואַקסענע לעזער, וואָס האָבען מיט אַ טאָג צוריק נאָך ניט גע־קאָנט לייענען קיין „פאָרווערטס".

מיר ווילען ניט מעהר פאַנאַנדערשפּינען דעם געדאַנק און ארויסברענגען אַלע קאָמישע סיטואַציעס וואָס ליעגען אין איהם פערבאָרגען. אב. קאַהאַן פערשטעהט אַליין, ווי לעכערליך אַזאַ געדאַנק איז... פאר די אומות העולם. פ א ר ו ו א ָ ס ז ש ע ק ו מ ט ע ס ב י י א י ה ם נ י ט א ו י ס ל ע כ ע ר־ ל י ך ב נ ו ג ע צ ו ד ע ם א י ד י ש ע ן פ א ָ ל ק?

אויך דאָ איז דער איינציגער תירוץ: ווייל ק א ה א ז א י ז א ן א ס י מ י ל א ט אָ ר, און דער אסימילאציאָנס־געדאנק איז די אמת'ע צענטראל־אקס, ארום וועלכער עס דרעהט זיך זיין גאנצע ארגומענטאציע, זיין גאנצע התלהבות פאר פאָלקס־בילדונג און די גייסטיגע אינטערעסען פון דעם „פאָלקס־מענשען".

ווייל קאהאן איז אן אסימילאטאָר, דעריבער נעהמט ער ארויס דאָס אידישע פאָלק פון דעם כלל פעלקער און לאָזט גאָר אויפ'ן זינען ניט ארויף די מעגליכקייט, אז אויך אידען דארפען זיך ענטוויקלען, ווי אלע אנדערע אומות, אויף דעם זעלביגען ניט פאָפולערען שטייגער פון שולען, ביבליאָהעקען, אוניווערזיטעטען, וויסענשאפטליכע ביכער; אז אויך אידען דארפען האָבען אן אייגענע וויסענשאפטליכע אינטעליגענץ, וואָס זאָל בעשאפען, זאמלען און פאנאנדערטראָגען קולטור צווישען די מאסען.

אָט דאָ ליעגט דער צענטראל־פונקט פון אונזער שטרייט, געַנאָסע קאהאן! פאר וואָס פערשווייגט איהר איהם? פאר וואָס טרעט איהר ניט ארויס אָפען אנטקעגען דעם פראָגרעסיווען, דעם סאָציאליסטישען נאציאָנאליזם? פאר וואָס פערטיידיגט איהר ניט קלאָהר און דייטליך אייער אסימילאטאָרישען שטאנדפונקט, לכל הפחות בנוגע צו אמעריקע? בעוויזט, אז איהר זייט גערעכט! בעווייזט, אז אייער אלטער קאָסמאָפאָליטישער וועג איז דער איינציגער, וואָס פיהרט צו מאסען־אויפקלעהרונג, און איך וועל אייך בעוויזען, אויב דאָס איז נאָך אייך ניט געוואָרען קלאָהר, אז ער קאָן נאָר פערפיהרען אין... „אזא מין לעהם", פון וועלכען עס איז ניט אזוי לייכט ארויסצוקלעטערען...

שוין דער פאקט, וואָס אב. קאהאן פ ע ר ש ו ו י י ג ט דעם צענטראל פונקט פון אונזער שטרייט און טראָגט איהם אריבער גאָר אויף אן אנדער שטח, בעווייזט, אז ער פיהלט זיך ניט גאָר זיכער אין זיינע אלטע פאָזיציעס. אָבער אויך אַנדערע סמנים זענען דאָ, נאָך וועלכע מען קאָן אורטיילען, אז קאהאן איז געצוואונגען צו מאכען הנחות דעם פראָגרעסיוו־נאציאָנאלען געדאנק; אז ער הויבט שוין אָן „צו האלטען" פון א סך זאכען, פון וועלכע ער האָט אין די אינגערע יאָהרען „ניט געהאלטען". ער גיט איצטער צו, אז אונזער אידישע מאסע קאָן ווערען אן אינטעליגענטע מאסע,

אז זי האָט אַ גרויסען חשק צו גייסטיגע שפּייז, אַז עס איז דאָ אַ גרויסע נאָכפראגע נאָך לעקטאָרס און נאָך גוטע ביכער. „די נויט אין אזעלכע ביכער, פון וועלכע אונזערע מאַסען זאָלען קענען שעפּען בילדונג, איז פיעל גרעסער, ווי מען שטעלט זיך געוועהנליך פאָר,“ זאָגט ער. *)

פון אייער מויל, גענאָסע קאהאן, אין... די „פאָרווערטס־אסאָסיאיישען׳ס“ אויערן! אויף וואָס זשע וואַרט איהר נאָך מיט דער ארויסגאַבע פון גוטע ווערק אין אידיש? פאַר וואָס האָט איהר נאָך ניט ארויסגעגעבען לכל הפּחות אַ פּרעמד־ווערטער בוך, איהר זאָלט ניט דאַרפען אלע ווייַלע דערקלעהרען, וואָס אזוינס אַן „אידעע־פיקס“ איז?

פארוואָס האָט איהר ביז אַהער ניט ארויסגעגעבען קיין גוטע פּאָפּולערע ל ע ה ר ־ ב י כ ע ר פאַר אלע צווייגען פון דעם מענשליכען וויסען, איהר זאָלט ניט דאַרפען אין „פאָרווערטס“ דערקלעהרען, וואָס אזוינס איז „אלימומיניום“ און „טהערמאָמע־טער“ און ווער עס האָט זיך אויסגעצייכענט אין דער שלאַכט ביי דעם אינזעל סאלאמיס?

פאַר וואָס איז די בוכהאנדלונג און דער פערלאַג פון דעם ב ע ר ל י נ ע ר „פאָרווערטס“ געוואָרען אַ מעכטיגער פאַקטאָר אין דער ענטוויקלונג פון דעם דייטשען פּראָלעטאַריאַט און אייער „פאָרווערטס“ — — — קאָן נאָך עד־היום ניט לויז ווערען פון שונד־ראָמאַנען?

פאַר וואָס אגיטירט איהר ניט, די אידישע ארבייטער־מאַסען זאָלען בעשאַפען אַ העכערע אידישע ערציהונגס־אַנשטאַלט, וואָס זאָל יאָהר איין, יאָהר אויס ארויסלאָזען די איהר נויטיגע גייסטיגע קרעפטע: די לעקטאָרס, שריפטשטעלער, אָרגאַניזאַטאָרס, פּראָפּאַ־גאנדיסטען, ראַדיקאַלע קינדער־לעהרער, פּאָפּולאַריזאַטאָרס און דערגלייכען?

און נאָך אַ סך אַנדערע ארבייטען קאָן מען אויסרעכענען, וואָס דער „פאָרווערטס“ וואָלט געקאָנט דורך זיין געוואַלטיגע פינאַנ־ציעלע און מאָראַלישע מאַכט דורכפיהרען. איך ברעך אָבער אָב

*) ד. ג.

דעם רייסטער, ווייל איצטער וואָלט דאָס אַלץ געווען אַרויסגעוואָר־
פענע רייד.*)

כל זמן אויף דער שפּיץ פון דעם „פאָרווערטס", וואָס קאָנט־
ראָלירט די ראַדיקאַלע בעוועגונג פון׳ם אידישען קווארטאל, וועלען
שטעהן אַסימילאַטאָרען; כל זמן זיי וועלען ניט איינ־
זעהען, אז זייער שטאנדפּונקט מוז על פּי נויטווענדיגקייט פיהרען
צו פּרינציפּיעלער און סוף כל סוף פּאקטישער עם־הארצות, איז אויף
דעם „פאָרווערטס" ניטאַ וואָס צו האָפען. ניט ער קאָן און ניט ער
וויל בעשאַפען יענע גייסטיגע מאכט אין דעם אידישען סאָציאַ־
ליזם, וואָס זאָל מאַכען אַ סוף צו דער טרויעריגער עם־הארצות־
פּעריאָדע, וועלכע מיר לעבען איצטער דורך.

סיידען אַ נס וועט געשעהן! סיידען דער שלייער פון דער
אַסימילאַציע וועט פּלוצלונג אַראָבפאַלען פון די אויגען. סיידען
אין די הערצער וועט זיך מיט אמאָל פאַנאַנדערברענען אַ פלאַם פון
אמת׳ע ליעבע צו דעם אידישען פאָלק און זיין גייסטיגער ענט־
וויקעלונג, און וועט זיי אויסלייטערן פון וויסטע גאוה, קליינליכע
אינטריגעס, יאָגענים נאָך צירקולאַציע, דריי־גראָשענדיגען באָנאַ־
פּארטיזם, און אַלע יענע קליינינקע, ווידערליכע ברואים׳לעך, וואָס
האָבען זיך געמוזט אָנהויבען פּרוכפּערן און מעהרען אין די דאָזיגע
הערצער, ווייל די מוחות זענען געווען פערנומען מיט קליינינקע,
דריי־גראָשענדיגע דרדקי־ציעלען.

סיידען דער אידעאַל וועט זיך פּלוצלונג בעוויזען פאַר זייערע
גייסטיגע אויגען אין זיין גאנצער גרויס: דער אידעאַל פון דער
גייסטיגער ווידערבעלעבונג פון׳ם אידישען פאָלק, דער אידעאַל
פון אוועקשטעלען דעם אידישען סאָציאַליזם אויף אזא הויך און די
קולטור פון אונזערע מאַסען אויף אזא מדרגה, וועלכע זיי ביידע
פערדיענען, לויט די גייסטיגע פעהיגקייטען פון אונזער פאָלק!...
מיר דוכט, אז שוין פון דעם נאָר וואָס געזאָגטען קאָן קלאָהר

*) עד היום אַרויסגעוואָרפענע רייד! די ביסעל העכערע קול־
טור, וואָס מיר האָבען אויפגעבויט אין אַמעריקאַ האָט געמוזט געבויט
ווערען אָהן דעם „פאָרווערטס", אָפטמאָל אין קאַמף אנטגעגען
איהם. (1918).

ווערען, ווי קינדיש נאאיוו עס איז (אָדער ווי ד ע מ אַ ג אָ ג י ש
אוּנגערעכט דאָס איז, — זאָל קאהאַן אויסקלייבען,
וואָס עס איז נעהענטער צו דעם אמת), ווען קאהאַן מאַכט מיר
דעם פאָרוואורף, אַז מיך „אינטערעסירט די אידישע שפּראַך גראָד
אַלס שפּראַך, וועלכע דער אידישער פאָלקס־מענש זאָל ניט פעור־
שטעהן" *) און אַז פּאָפּולאַריזירען איז נאָך מיין מיינונג נאָך „ניע־
דעריגער פאר דער ווירדע פון אַ פאָלשטענדיגער קולטור־
שפּראַך".*)

ווער האָט דען ווען עס איז געלייקענט די אונגעהויערע נויט־
ווענדיגקייט פון פּאָפּולאַריזאַציעס ניט נאָר פאר די אונוויסענדע,
נאָר אויך פאר די געבילדעטסטע פון די געבילדעטע?

די וויסענשאַפט איז איצטער אַזוי ספּעציאַליזירט און רייך, אַז
אַן ענציקלאָפּעדיש וויסענשאַפטליכער מאַן איז אַן ערשיינונג וואָס
קאָן אין דער מציאות ניט זיין. הערכסטענס, וואָס מען
קאָן דערגרייכען, איז זיין אַ ספּעציאַליסט אין איין איינציגען ווי־
סענשאַפטליכען פאַך אָדער גאָר אין אַ צווייג פון אַ וועל־
כער עס איז איינצעל־וויסענשאַפט. אין די איבעריגע פאַכען און
צווייגען קאָן מען אָבער זיין אַ מעהר ווענינער וויסענשאַפטליך בע־
האווענט. דערפאר קאָן מען אָבער זיין אַ מעהר אָדער ווענינער
ענציקלאָפּעדיש געבילדעטער מאַן. און צו דעם זאָל
יעדער שטרעבען. אָבער דאָס קאָן מען נאָר — אַ דאַנק פּאָ־
פּולאַריזאַציעס, אַ דאַנק דעם וואָס איינינע
ספּעציאַליסטען פון זייער פאַך האָבען נאָך דערצו
די זעלטענע פעהיגקייט אויסצובייטען די צונויפגעפּרעסטע גאָלד־
קלומפּען פון דער וויסענשאַפט אויף קלענערע גילדערנע, זילבער־
נע, אָדער זאָגאר ניקעלנע און קופּערנע מטבעות. אַ גאַנצען שטאָ־
פּעל־לייטער פון פּאָפּוליאַריזאַטאָרען ברענגט די מענשהייט אַרויס
פון דור צו דור, כדי צו פערשפּרייטען די רעזולטאַטען פון דער
וויסענשאַפט אין אַלע שיכטען פון דער בעפעלקערונג, אין יעדער
שיכט לויט דעם גראַד פאָרבילדונג, וואָס זי קאָן האָבען. אַנטקעגען

*) ד. ג. ז. 113.
**) ד. ג. ז. 112.

זיי קעמפֿ איך גיט. זייער אַרבייט זאָל זיין געבענשט! אפילו די „ניקעלנע״ און „קופּערנע״ פּאָפּוליאַריזאַטאָרען, די פֿאָלקס־לעה־רער און פֿאָלקס־שריפֿטשטעלער פּעדיענען דעם זעלביגען רעס־פּעקט, וואָס יעדער ערנסטער אַרבייטער אויף דעם געביעט פֿון דער קולטור. איך קעמפֿ נאָר אַנטקעגען יענע קבצנישע פּאָפּוליאַריזאַ־טאָרען, וואָס האָבען אפילו קיין קופּער ניט און אַנשטאָט דעם גיעבען זיי בלעך, אָדער נאָך ערגער: „אַזאַ מין לעהם״...

און די אידישע שפּראַך ווילען מיר, זי זאָל ניט בלייבען צוגע־פּאַסט מעהר ניט ווי צו דער בלעכענער און לעהמענער וויסענ־שאַפֿט. זי דאַרף קאָנען טראָגען אין זיך אויך די שווערסטע גאָלד־קלומפּען, אַקוראַט ווי די שטאַרקסטע פֿון די מאָדערנע קולטור־שפּראַכען...

נאָך אין מיין גאָר פֿריהער יוגענד, מיט אַ יאָהר פֿינף־און־צוואַנציג צוריק, איז מיר קלאָהר געוואָרען דער געדאַנק, אַז איינע פֿון די הויפּט־סבות פֿון אַלע אונזערע אידישע צרות, איז דער נידעריגער קולטור־מעמד פֿון דעם אידישען פֿאָלק; אַז שולדיג אין דעם איז די אידישע אינטעליגענץ, וואָס האָט פֿערלאָזען אונז, ווי מייז, וואָס ענטלויפֿען פֿון אַ זינקענדען שיף; אַז דער אומ־גליק, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט די שולד, איז דער פֿאַלשער אַסי־מילאַציאָנס־געדאַנק, וואָס טענה'ט, אַז אונזער שיף מ ו ז זינ־קען. אַנטקעגען אָט דער צענטראַל־וואַנד פֿון אונזער לעבען, אַנט־קעגען אָט דעם שונא קעמפֿ איך שוין פֿינף און צוואַנציג יאָהר און וועל ניט אויפֿהערען צו קעמפֿען, ביז וואַנען זיין מאַכט איבער די מוחות פֿון די געבילדעטע וועט ניט זיין אין גאַנצען געבראָכען.

ס'איז אָבער דאָ נאָר איין מיטעל, ווי צו בעקעמפֿען איהם ניט נאָר אין דער טהעאָריע, נאָר אויך אין דער פּראַקטיק, און דאָס איז די בעשאַפֿונג פֿון אַן אייגענער רייכער אידישער קולטור אין דער אידישער שפּראַך.

בליק איך צוריק אויף באַלד פֿינף־און־צוואַנציג יאָהר קאַמפֿ, קאָן מיך געוויס פֿערדריסען, פֿאַר וואָס עס איז מיר געווען אונ־מעגליך אָוועקצוגעבען מיין ג א נ צ ע קראַפֿט פֿאַר איהם. אָבער אין דער זעלביגער צייט מוז איך מיך דאָך פֿרעהען, ווען איך זעה, וועלכע נ צ ח ו נ ו ת דער מיר טייערער געדאַנק האָט

שוין געוואוינען אין לעבען און וועלכע ערגעבענע שטרייטער עס קלייבען זיך אונטער זיין פאָהן. דאָס גיט מיר מוטה צוצושטעהן צו זיי און אין איינעם מיט זיי ווייטער פיהרען דעם קאמף, א גליקליכער וואָס איך קאָן אװעקגעבען דערפאר מיין גאַנצע ענער־גיע. דאָס גיט מיר אָבער אויך די קראפט גלייכגילטיג אריבער־צוטראָגען די פערשיידענע אָנפאלען, מיט וועלכע מיינע געגנער בעעהרען מיך פון צייט צו צייט...

אָבער דעם גרעסטען עגמת־נפש האָב איך, ווען איך בין גע־צוואונגען ארויסצוטרעטען אנטקעגען מענשען, וואָס איך וואָלט אַזוי גערן געוואָלט, מיר זאָלען קאָנען אי איינעם ארבייטען האנד אין האנד. אויב אין דער היץ פון דער פּאָלעמיק האָב איך אפשר אָנגע־װענדט א צו־שארפען אויסדרוק; אויב איך האָב זיי אומגערן און ניט פערדיענטערהייד וועה געטהאָן, בעט איך ביי זיי מחילה וסליחה פון גאַנצען הארצען...

„דאָס נייע לעבען“ מאַרט־יוני, 1910.

# סמנים פון אַ נייעם לעבען ביי די אידען אין אַמעריקאַ

## 1.

(די פיער טענדענצען אין דעם אידישען גלות־לעבען. — די אידישע פאַרמער קאָנפערענץ.)

אומעטום אין גלות — און אויך אין דעם גלות אמעריקא— ווירקען פ י ע ר קרעפטע אויף דאָס אידישע לעבען.

די ערשטע קראַפט איז — ד אָ ס א ו מ ב ע ו ו א ו ס ט ע, א י נ ס ט י נ ק ט י ו ו ע נ א צ י אָ נ א ל ע ל ע ב ע ן פ ו ן פ אָ ל ק. ווען א פאָלק האָט געגוג לעבענס־קראַפט אין זיך, וועט עס אומעטום, וואו די אומשטענדען דערלאָזען עס, ארויס־ברענגען אן אייגענעם נאַציאָנאַלען לעבען, גאָר ניט טראַכטענ־דיג, אז עס ווערט געבויט דערביי אן אייגענע נאַציאָנאַלע קולטור. יעדער איינצעלנער איד זעהט דערביי צו בעפריעדיגען זיינע אייגענע פערזענליכע אינטערעסען, גייסטיגע אָדער מאַטעריעלע. אָבער אזוי ווי יעדער איינצעלנער איז אַ איד, קומט ארויס אין לעצטען סך־הכל, אז די אינטערעסען ווערען בעפריעדיגט פאר א גרויסער אי־דישער מאַסע דורך א גרויסע אידישע מאַסע, און די בעפריעדי־גונג מוז דעריבער ווילענדיג ניט ווילענדיג טראָגען אויף זיך א קלאָרען אידישען שטעמפעל. דער אידישער שטעמפעל שיידט אָב דאָס אידישע פאָלק פון אלע ארומיגע פעלקער, ווערט ניט נאָר צו א בולט'ען נאַציאָנאַלען סמן, נאָר אויך צו א קראַפט, וואָס דער־האַלט טאָג טעגליך די אידישע נאַציאָן.

דער בעסטער ביישפּיעל פון אַזאַ אומבעוואוסטען נאַציאָנאַל־קולטורעלען שאַפען איז די אידישע פּרעסע און דער אידישער טהעאַטער. די וואָס גרינדען א אידישע צייטונג, א זשורנאַל, א

טהעאַטער, אָדער אַ אידישען „מוזיק האָל" (אַ מין „קאַפע־שאַנטאַן) האָבען דערביי דאָס רוב ניט אין זינען די נאַציאָנאַלע אינטערעסען פון דעם אידישען פאָלק. זיי ווילען דערביי מאַכען אַ געשעפט אָדער בעפריעדיגען מיט זייער אונטערנעהמען אַן אַלגעמיין מענשליך בעדערפעניס אין קונסט, אויפקלעהרונג און פּאָליטישער טהעטיגקייט. און אויך דער לעזער פון דער פרעסע און דער בעזוכער פון דער פאַרשטעלונג האָט דאָס רוב אפילו ניט אין דער לינקער פּאה דעם געדאַנק, אַז דורך זיין לייענען און זיין געניעסען וועבט ער טאָג אויס, טאָג איין די פעדים פון אַ אידיש נאַציאָנאַלער קולטור. ביידע צדדים, די אונטערנעהמער און די געניעסער, טראַכטען בעת מעשה ניט, אַז איין צד פּומפּט אָהן אַן אויפהער אריין אין די אָדערן פון דעם פּאָלק נאַציאָנאַלעס בלוט און דער אַנדערער — עטהעמט אָהן אַן אויפהער אין זיך אריין נאַציאָנאַלע לעבענס־קראַפט. גוט אָדער שלעכט, אויף אַ הויכער מדרגה, אָדער אויף אַ ניעדעריגער, — זענען פרעסע און אידישע פאַרשטעלונגען נאַציאָנאַלע סמנים פון דעם אידישען פאָלק און קרעפט פאַר זיין דערהאַלטונג, — סמנים און קרעפט, וואָס זענען אויסגעוואַקסען ס ט י כ י ש, אומבעוואוסט, פון דעם אינסטינקטיווען געפיהל, אַז דאָס אידישע פאָלק איז אַ בעזונדער פאָלק און אַז זיינע בעדערפעניסען מוזען בעפריעדיגט ווערען אויף אַ בעזונדער אַרט (לאָז זיין מעהר ניט ווי אין דעם פונקט פון שפּראַך), לויט זיין נאַציאָנאַלער נאַטור.

צו דעם זעלביגען אַרויסווייז פון א ו מ ב ע ו ו א ו ס ט נאַציאָנאַלען שאַפען געהערען אויך די פערשיידענע אידישע אינסטיטוציאָנען, בעשאַפען פון אידען פאַר אידען: חברות, פעראייגען, לאָדזשען, געווערקשאַפטען, ארבייטער־רינגען, פילאַנטראָפּישע אונטערנעהמען, „אנשי־בני"־געזעלשאַפטען און דערגלייכען. אומבאוואוסט שפּינען זיי ווייטער דעם פאָדעם פון דעם אידישען נאַציאָנאַלען לעבען ערשטענס דורך די אידישע שפּראַך, צווייטענס דורך דעם פאַקט גופא, וואָס זיי זונדערן אָב אין געוויסע אָרגאַניזאציעס אידען פון ניט אידען, און דריטענס — ווען אפילו ניט אומעדום — דורך דעם בעזונדערען אופן, ווי א ז ו י די געגעבענע בעדערפעניס ווערט בעפריעדיגט פון אידען פאַר אידען.

דער בעזונדערער אופן טראָגט שוין אין זיך קלאָר די שפּורען פון דעם בעזונדערען אידישען פאָלקס־כאראקטער.

די צווייטע קראפט, וואָס ווירקט אויף דאָס אידישע לעבען אין גלות איז אויך אן אומבעוואוסטע, און געהט אין גאנצען להיפך צו דער ערשטער. דאָס איז דאָס סטיכישע בעשטרעבען צו אסימילירען זיך מיט דער ארומיגער וועלט. ביי א פאָלק, וואָס לעבט נאָרמאל אויף זיין אייגענעם לאנד איז די ארומיגע וועלט און די אייגענע וועלט — איין־און דיזעלביגע וועלט. דאָס בעשטרעבען זיך צו אסימילירען, און דער אינסטינקט פון וועבען אייגענע קולטור העלפען ביי א נאָרמאַלען פאָלק און שטארקען איינס דאָס אנדערע: דער וועב־אינסטינקט בעשאפט נאציאָנאלע קולטור, און א נאציאָנאלע סביבה, דער צופאסונגס־אינסטינקט פערשטארקט דעם נאציאָנאלען „ארום" און ווירקט אָנטרייבענד אויף די נאציאָנאלע בעשאפונגס־קראפט. ביי א פאָלק אין גלות ווירקען די צוויי קרעפטע איינע אנטקעגען די אנדערע. וואָס איינע שאפט, וויל די אנדערע צושטערען.

עס איז שווער צו זאָגען, וואָס וואָלט געווען דער באלאנס פון די צוויי אין גלות פיינדליכע קרעפטע, ווען אין זייער קאמף וואָלטען זיך ניט אריינגעמישט די צוויי אנדערע קרעפטע, די בעוואוסטזיניגע טענדענצען: די בעוואוסטזיניגע אסימילאציאָן (די דריטע קראפט) און דער בעוואוסטזיניגער נאציאָנאליזם (די פערטע קראפט).

ביז צו דעם סוף פון אכטצעהנטען יאהרהונדערט האָט ביי דעם אידישען פאָלק דער בעוואוסטזיניגער נאציאָנאליזם תמיד גובר געווען די בעוואוסטזיניגע אסימילאציע. ער האָט זיך פערבונדען מיט דער אידישער רעליגיע און האָט געמאכט פון איהר א מעכטיגען כלי־זין אין דעם קאמף פאר דעם נאציאָנאל־אידישען זיין אויף דער וועלט. אבער צום סוף פון דעם אכטצעהנטען יאָהר־הונדערט האָט די בעוואוסטע אסימילאציע גענומען געווינען די אויבערהאנד איבער דעם נאציאָנאליזם. קודם כל האָט זי פאנאנדערגע־שפאלטען די היסטאָרישע אידענפערבינדונג פון אידישע נאציע און אידישע רעליגיע און האָט דערקלערט, אז מען קען בלייבען א איד לויט דער רעליגיע און צו **דערזעלביגער צייט זיין נאציאָנאל**

אַ דייטש, א רוס, אַ פראנצויז. די קאָנסעקווענטערע אסימילאטאָ־
רען האָבען דערפון ארויסגעבראכט דעם שלוס, אז א געבאָרענער
איד קאָן און דארף זיך אין גאנצען אָבזאָגען אי פון דעם אידישען
פאָלק, אי פון דער אידישער רעליגיאָן.

דער בעוואוסטזיניגער אסימילאציאָניזם איז לפי ערך ניט לאנג
געווען דער איינציגער בעל־הבית איבער די מוחות און הערצער
פון דער אידישער אינטעליגענץ. וויפיעל שאדען ער זאָל ניט האָ־
בען געבראכט דעם אידישען לעבען, איז ער געווען א נויטווענדיגער
און א נויטיגער איבערגאנג פון דעם אלטען, רעליגיעזען נאַציאָנאַ־
ליזם צו דעם מאָדערנעם. ערשט אויף דעם באָדען, וועלכען ער האָט
בעשאפען, אויף דעם פאנאנדער־דיים פון רעליגיע און נאַציאָנאַ־
ליטעט, האָט געקאָנט ארויסשפּראָצען, פאנאנדערוואקסען זיך און
אויפבליהען, דער איצטיגער נאַציאָנאַליזם. אקוראט ווי דער אסימי־
לאטאָר האָט גע'טענה'ט, אז מען קאָן זיין רעליגיעז אַ איד און נאַ־
ציאָנאַל א דייטש, א רוס, אַ פויל, טענה'ט איצטער דער קאָנסעק־
ווענטער נאַציאָנאַליסט, אז מען קאָן זיין נאַציאָנאַל אַ איד, אַז יע־
דער געבוירענער איד א י ז נאַציאָנאַל אַ איד, ווען אפילו ער איז
רעליגיעז אַ קריסט, א מוהאמעדאנער, אַן אטהעאיסט.

מען דארף ניט גלויבען, אז אָט די נאָר וואָס אָנגערופענע
הויפט־קרעפטען פון אונזער נאַציאָנאַלען לעבען ווירקען יעדערע
פאר זיך, ניט צונויפגעמישט מיט די אנדערע. דאָס לעבען איז
תמיד אַ זאך, צונויפגעוועבט פון פערשיידענע פעדים. אין איין־און־
דעמזעלביגען לעבענס־פאקט קאָן מען אויפדעקען די ווירקונג פון די
פערשיידענע קרעפטען, וואָס גיעסען זיך אין איהם צונויף אין פער־
שיידענע פּראָפּאָרציעס.

אַן אסימילאטאָריש בלאט, אין אידיש געשריעבען, א מין
„פרייע ארבייטער שטימע", ווירקט בעוואוסטזיניג אסימילאטאָריש,
אומבעוואוסט נאַציאָנאַל. לויט דעם אידעאַל נאָך, פריידיגט עס
צונויפגיעסונג מיט די ארומיגע פעלקער און שניידט דורך אַ וועג
אין די מוחות און די הערצער פון די לעזער — פאר אזא צונויפ־
גיעסונג. לויט זיינע מעשים נאָך, פּומפּט עס, וואָך אויס וויי־
איין, אידישע שפראך און אידישע ליטעראטור אריין אין די מוחות
אין די הערצער פון די לעזער. עס ווערט ארויסגעבראכט די אב־

זונדערונג פון דעם אידישען פאָלק און עס ווערט פערשטארקט די פאנאנדערשיידענדע וואנד.

צוריק איז א נאציאָנאל־אידישע צייטשריפט אין אן איירא־פּעאישער שפּראך, ווי למשל „דער מאקאבעער" אין ענגליש, א גע־מיש פון בעוואוסט – נאציאָנאלער און אומבעוואוסט אסימילאטאָ־רישער טענדענץ. לויט דעם אידעאל נאך, שניידט ער דורך אין די מוחות און הערצער א וועג פאר דער נאציאָנאלער ווידער־בע־לעבונג פון אידישען פאָלק; לויט די מעשים זיינע, פערשטארקט ער ביי איהם די פּאָזיציע פון דער ענגלישער שפּראך, ד. ה. ער טראָגט אראָב א שטיק פון דער פאנאנדערשיידענדער וואנד. אזוי איז אויך, למשל, פרוג'ס נאציאָנאל־אידישע ליריק אין רוסיש, ווי די גאנצע רוסיש־אידישע ליטעראטור פון דעם נאציאָנאלען לא־גער, א געמיש פון בעוואוסטען נאציאָנאליזם און אומבעוואוסטער רוסישער אסימילאציאָן.

דער היסטאָריקער פון דעם אידישען לעבען מוז שטענדיג האָ־בען אין זינען דאָס פערוויקעלטע און פערפּלאָנטערטע שפּיעלען פון די פיער הויפּט־טענדענצען אין'ם אידישען גלות־לעבען, בעת ער וויל אויפנעהמען א מאָמענט־בילד פון די נייעסטע פּאסירונגען.

דאָס גאנצע לעבען פון די אמעריקאנער אידען איז געווען כמעט דורך און דורך אויפגעבויט אויף דעם בעוואוסטען פּרינציפּ פון אסימילאציע. אידען האָבען ניט קיין אייגענע אי־דישע אינטערסען, ד. ה. אלגעמיין־מענשליכע אינטערעסען אין א אידישער פאָרם פאר אידען, א חוץ רעליגיעזע. דאָס איז דער גרונד־כלל, וואָס הערשט כמעט אומעטום ביי די אידען אין אמעריקא.

וואוהין טרייבען אָבער די לעבענס־נויטען פון די אידען אין אמעריקא? צו דער פערשטאַרקערונג פון דער אסימילאציאָנס־פּאָזיציע, אָדער צו דעם ארויסברעגנגען פון בעוואוסטען נאציאָנא־ליזם?

נעהמען מיר די וויכטיגסטע פּאסירונגען פון היינטיגען ווינ־טער.

מיר האָבען דאָ קודם כל געהאט א צונויפ־פאָהר פון אידי־שע פארמערס.

וואס איז איהר נאציאנאלע בעדייטונג? האט זיך א גרופע אידען צונויפגעקליבען, כדי מישב צו זיין זיך וועגען א מקוה, א חזן, א שוחט און א שוהל? ניין! מען האט גערעדט קודם כל וועגען אזעלכע „אידישע" זאכען, ווי מיסט פאר די פעלדער, בוריקעס, טאבאק, און הויפטלעך־קרויט, אגראר־קרעדיט, אייגענע מעהל־מיהלען א. אז. וו. דאס איז געווען א גרופע ע ר ד ־ ב ע א ר ב י י ט ע ר.

אבער וואס האט מיסט פאר די פעלדער צו טהאן מיט אידיש־קייט? פאר וואס איז זיך די גרופע „אל־מענשליכע" ערד־בעאר־בייטער ניט צונויפגעפאהרען מיט אלע אנדערע גרופען ערד־בעאר־בייטער, וואס וואהנען אין א בעשטימטער געגענד? זיי זענען זיך צונויפגעפאהרען בעזונדער ווי אידען דערפאר, וואס די מענש־הייט איז פאנאנדערגעטיילט ניט נאר נאך די ליניעס פון פער־שיידענע פראפעסיאנען, נאר אויך נאך די ליניעס פון פערשיידענע נאציאנען. יעדע פראפעסיע פון יעדער נאציע האט זיך איהר קעס־טעלע אויף דעם שאך־ברעט, בעשאפען פון דעם איבערשניידען זיך פון די פערשיידענע פראפעסיאנעלע און נאציאנאלע ליניעס.

די אידישע פארמערס זענען א י ד י ש ע פארמערס. זייערע אינטערעסען און ממילא זייער פסיכאלאגיע שטאמען ניט נאר פון דעם, וואס זיי געהערען צו דער פראפעסיאן פון ערד־ארבייטער און לאנד־ווירטהען, נאר אויך פון דעם, וואס זיי געהערען צו דער נאציע פון די אידען. זייער לאגע ווערט דיקטירט ניט נאר פון דער עקאָ־נאמישער לאגע, אין וועלכער עס געפינט זיך די לאנדווירטשאפט, נאר אויך פון דער נאציאנאלער לאגע, אין וועלכער עס געפינט זיך דאס גאנצע אידישע פאלק.

וואלט מען אויף דער אידישער פארמער־קאנפערענץ גערעדט נאר וועגען פעלד־מיסט און קרעדיט, וואלטען מיר געמוזט זעהען אין איהר מעהר ניט, ווי א נייע ס ט י כ י ש נאציאנאלע אינסטי־טוציאן, וואס פערשטארקט אומבעוואוסטערהייד און ניט ווילענדיג אונזער נאציאנאלע פאזיציע אין גלות אויף דעם זעלביגען אופן, ווי זי ווערט פערשטארקט פון אן ארדען „בני־ברית", אן „ארביי־טער־רינג", אפילו א „פרייע ארבייטער שטימע". אבער אויך אנ־דערע רעד האבען זיך געלאזט הערען אויף דער קאנפערענץ, אוים דעם מויל פון אידישע פארמערס. אידישע נויטען און אידישע

אידעאַלען זענען ארויסגעשוואומען אין דער בעראַטונג, ד. ה. אַלגע־מיין מענשליכע נויטען און אַלגעמיין־מענשליכע אידעאַלען, וואָס האָבען בעקומען א ספּעציפישע פאָרם אָדער א ספּעציפישע וויכ־טיגקייט פאר דער גרופּע מענשען, וואָס רופט זיך „דאָס אידישע פאָלק".

דאָס אידישע פאָלק איז א פּ א ר א ז י ט א ר י ש לעבענס־געוועקס. מיר מיינען דאָס ניט גאָר אין דעם אנטיסעמיטישען זין פון לעבען פון פרעמדע ארבייט, מיר מיינען דאָס אין דעם ווי־סענשאַפטליך־ביאָלאָגישען זין. א פּאראַזיטארישע פּלאַנץ איז אַזאַ, וואָס לאָזט איהרע וואָרצלען אריין ניט דירעקט אין די ערד, נאָר אין דעם גוף פון אנאנדער פּלאַנץ, פון וועלכע זי זויגט איהר לעבענס־זאַפט. א פּאראַזיטאריש פּאָלק מ ו ז געהאסט ווערען. א פּאַראַזיט איז אַן אומגליקליך בעשעפעניס. אויף דער רייכסטער און פעטסטער ערד, צווישען דער שעהנסטער, מילך און האָניג טריע־פענדער נאַטור, איז ער פער'משפּט פערהונגערט צו ווערען, אויב ער האָט ניט קיין פרעמדען לעבעדיגען אָרגאניזם, אין וועלכען ער זאָל זיך קאָנען איינזויגען. און אין אַזאַ אומגליקליכער און מיאוס'ער לאַגע געפינט זיך דאָס אידישע פּאָלק, דאָס אידישע ארבייטער־פּאָלק. דער אידישער ארבייטער מעג זיין דער גרעסטער מאדים אין העמדלעך נעהען, אין דראַטווע ציהען. אָבער נעהמט אָט דעם שער־און־נאָדעל־מענש, נאָל־און־דראַטווע מענש און זעצט איהם אריין אין דעם רייכסטען גן־עדן פון דער נאַטור, וועט ער אויסגעהן פאַר הונגער, ווי עס געהט אוים פאר הונגער יענע פּאראַזיטען־מילב, ווען מען נעהמט צו פון איהר מילבען־שקלאַווען, וואָס טראָגען איהר צו שפּייז אין מויל אריין, ווי עס דאַרט איין א פּאראַזיטען פּלאַנץ, ווען איהר זעצט זי אריין אין דער ערד און גיט איהר ניט די מעג־ליכקייט אריין לאָזען איהרע זויג־וואָרצלען אין א פרעמדען אָר־גאַניזם.

א מענש איז אָבער ניט געבונדען אָן זיין ארט לעבען, ווי די פּלאַנץ, אָדער די וואַנץ. געצוואונגען פון די אומשטענדען צו פיהרען א וואַנצען־לעבען, קאָנען איהם אַנדערע אומשטענדען און אידעאַלען צווינגען דורכצופיהרען א גאַנצען איבערקעהר אין זיין נאַ־טור. פאַר דער אידישער פּלאַנץ איז אויסגעוואַקסען די נויט, וואָס

ווערט באַלד צו אַ נויטווענדיגקייט, אַריינצולאָזען איינגענע דיקע וואָרצלען דירעקט אין דער מוטער־ערד און פון איהר זויגען די הויפּט חיונה. און די נויט איז אָפען אַרויסגעזאָגט געוואָרען פון די אידי־שע פאַרמער. זיי האָבען זיך צונויפגעפאָהרען אויף אַ קאָנפערענץ ניט נאָר, כדי זייער אייגענע לאַגע צו פערבעסערען, נאָר כדי צו מאַכען פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר אידישע לאַנד־ווירטשאַפט, אויפצושטעלען אַן אידעאַל פאַר דאָס פאָלק צו לעבען דירעקט פון גאַטור׳ס פולער און פרייער האַנד און אויס־צופאָרשען די בעדינגונגען און וועגען, וועלכע קאָנען פיהרען צו דעם פערווירקליכען פון דעם אידעאַל.

אָבער אויך אַ דירעקטע אידישע לעבענס־נויט פון אידישע פאַרמערס איז געקומען צום פאָרשיין אויף זייער ערשטער קאָנפע־רענץ. דאָס איז די נויט אין אידישע ערציהונג, די נויט אין אידישע לעהרער, וואָס האָט זיך אין דאָרף אַרויסגע־וויזען נאָך שניידענדיגער איידער אין שטאָדט... געזונדע און שטאַרקע בעדערפניסען פון אַ פאָלק רופען תמיד אַרויס מיטלען, ווי זיי צו בעפריעדיגען. די נויט אין אידישע ערציהונג אין דאָרף, וועט זי וועט נאָך מעהר אָנוואַקסען און שאַרפער ווערען, וועט אַרויסרו־פען צום לעבען אַ אידישען לעהרער־סעמינאַר, וואָס זאָל אויסבילדען מאָדערנע אידישע פעדאַגאָגען פאַר שטאָדט און דאָרף. און אַזוי קעיטעלט זיך דאָס איינס און ס׳אַנדערע, און אַזוי פערצווייגט זיך אין וואָרפט זיך פאַנאַנדער די אידישע נויט, וואָס רופט אַרויס פאָרמען פון אידישען נאַציאָנאַלען לעבען.

די אידישע פאַרמער־בעוועגונג אין אַמעריקע האָט אָבער נאָך אַ טיעפערע און וויכטיגערע נאַציאָנאַלע בעדייטונג. וואָס מעהר מיר דרינגען אַריין אין די לעצטע וועסט־פאַסירונגען, וואָס האָבען אַ שיכות צו אונזער פאָלק, אַלץ מעהר ווערט אונז קלאָר אַז די לעצטע און טיעפסטע פערענטפערונג פון דעם אידישען פּראָבלעם, די בע־שאַפונג פון אַ זעלבסטשטענדיגער, פרייער אייגענער היים איז אַן אידעאַל, וואָס צו זיין פערווירקליכונג וועט אונזער דור דאַרפען אַוועקלעגען די ערשטע גרונד־שטיינער.

די סכסוכים וועגען דעם „וואו“ פון דער אידישער היים זענען שוין כמעט ווי אין גאַנצען פערשוואונדען. דאָס איז די פרייע און

אונז פריינדליכע טערקיי. די אָפיציעלע, עהרענפאָלע איינלאַדונג פון דער טערקישער רעגיערונג, צו בעזעצען זיך אין איהר לאַנד, וואו נאָר מיר ווילען, און די אָנגעברייטקייט אוועקצוגעבען אין גאַנצען אין אונזער בעל־הבית׳שקייט אַזאַ צוקונפטס־פולע, נאָך ניט בעזעצטע פראָווינץ, ווי מעסאָפּאָטאָמיען, האָט מיט אַ שטאַרקען רוק, ווי דאָס טרעפט אָפטמאָל אין דער געשיכטע, אַראָבגעשלעפּט אַן אידעאַל פון הימעל און אוועק געשטעלט איהם אויף דער רעאַלער ערד. פּאַלעסטינאַ און די נאָכבאַרלענדער, דאָס איז דער „וואו" פון דער אידישער היים. די גלייכצייטיגע קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינאַ און מעסאָפּאָטאַמיע, דאָס איז דער „ווי אַזוי" פון איהר מקוים ווערען אין לעבען. פון היינט אָן און להבא, דאָס איז דער ענטפער אויף דעם „ווען".

אָבער צו דער קאָלאָניזאַציע דאַרף מען האָבען ק אָ ל אָ נ י ס־ ט ע ן. עס וועלען אין דער ערשטער צייט געהן אין אַ ביטערען קאַמף מיט דער נאַטור, צו בעצווינגען זי און צו מאַכען זי אינטערטהעניג פאַר אונזערע ציעלען, מענשען וואָס ווייסען נאָך ניט, ווי צו בעגעהען זיך מיט איהר, רעקרוטען פון דעם לאַנדווירטשאַפטס־חיל, וואָס וועלען אין דער מלחמה גופא זיך מוזען לערנען די מלחמה. גוטע סאָלדאַטען און אָפיציערען וועלען דערוויילע וואַקסען און זיך אויסבילדען אין גלות־אַמעריקע. אויב מיר וועלען דאָ פערשטעהן די גאַנצע בעדייטונג פון דער אידישער אַגראַר־בעוועגונג, אויב מיר וועלען אָנווענדען די גאַנצע נויטיגע ענערגיע אויף איינצופונדעווען זי און צו שטיצען זי, קאָנען מיר ברענגען דערצו, אַז אַמעריקאַ זאָל אין אַ יאָהר צעהן, פופצעהן אַרום, יאָהר אויס, יאָהר איין אָנהויבען אַרויסשיקען אין אונזער נייער אַלטער היים מחנות פון אידיש ערצויגענע לאַנדווירטהען, געזונדע, פרייע און שטאָלצע מענשען, וועמעס כלי־זין אין דער מלחמה פאַר׳ן לעבען וועלען שוין ניט מעהר זיין שער און נאָדעל, נאָל און דראַטווע, מקח וממכר, נאָר דער אַקעראייזען און דער שניט־מעסער. זיי וועלען שנעל פערמעהרען די דיקע וואָרצלען אין אונזער אייגענער ערד און בויען די צוקונפט פון אונזער פאָלק.

די פאַרמער־קאָנפערענץ איז אַ אידישע אינסטיטוציע. וואָס איז ניט נאָר סטיכיש אַרויסגעשפּרונגען פון אַ אידישער לעבענס־

נויט, נאָר וואָס איז שוין אין איהר ערשטען שריט בענאָסען מיט שטראַהלען פון אַ בעוואוסטזיניגען פראָגרעסיווען נאַציאָנאַליזם*). דאָס איז אין אַמעריקע אַ נייע זאַך, אַ סמן פון אַ נייעם לעבען. ביז אַהער האָבען אין אַמעריקע געקעמפּט דער אומבעוואוסטער וועב־אינסטינקט פון דעם אידישען פאָלק מיט דעם אומבעוואוסטען צו־פּאַסונגס־טריעב, און אויף דער צופּאַסונגס־שאָל, איז מיט איהר גאַנצער געוויכט געלעגען די אָפיציעלע און אינטעליגענטע בע־וואוסטע אַסימיליאַציאָנס־טענדענץ. עס ווייזען זיך סמנים פון אַ פּעריאָד, ווען אויף דער אַנדער שאָל פון וואָג ווערט אַרויפגעלעגט דאָס געוויכט פון בעוואוסט־נאַציאָנאַלע בנינים.

די פּאַרמר בעוועגונג איז נאָר איין סמן אַזא, עס זענען דאָ נאָך אַנדערע סמנים, וואָס בעווייזען די נידערלאַגע פון דעם בעוואוסט־זיניגען אַסימילאַציאָניזם אין דעם אידישען לעבען און דענקען.

.2

## (די רייזען־אַבענדען, די קהילה).

דעם ווינטער האָבען מיר אין ניו־יאָרק געהאַט אַ גאַסט פון אייראָפּע — אברהם רייזען. אויפגענומען האָט מען איהם מיט אַ בעגייסטערטען קבלת־פּנים אין איינעם פון די גרויסע אידישע טהעאַטערס, וואָס איז געווען פול געפּאַקט. געזעגענט האָט מען זיך מיט איהם אין איינעם פון די גרעסטע זאַלען פון דעם אידישען קוואַרטאַל, אין קלינטאָן האָל, און הונדערטער האָבען געמוזט געהן צוריק, ווייל עס איז שוין מעהר ניט געווען קיין פּלאַץ.

גרויסע, שטורעמדיגע, ענטהוזיאַסטישע פאָלקס־פערזאַמלונגען פון דעם אידישען קוואַרטאַל צוליעב אַ וועלכען עס איז גאַסט פון אייראָפּאַ זענען קיין נייעס ניט אין ניו יאָרק. אָבער אין קיינע פון

---

*) מיין אָבשעצען די פּאַרמער־בעוועגונג פון יענער צייט איז געווים געווען פריי פון אַ צו־ראַזעווען אָפּטימיזם, אָבער פּרינציפּיעל בלייבט ריכטיג דער בליק אויף איהר נאַציאָנאַלען בעדייט. (1918)

זיי האָט זיך ניט אויסגעדריקט אזוי קלאָר זייער אידישער כאַראַק־טער, ווי אין די רייזען־אבענדען. אויך אין יענע פערזאמלונגען האָבען אידישע רייד אַרויסגערופען אין אידישע הערצער פלאַמען פון התלהבות. אָבער די אידישע שפּראַך איז געווען מעהר ניט, ווי א געצייג. דער קוואַל פון בעגייסטערונג האָט געשלאָגען פון דער פּאָליטיק, דאָס רוב, פון דעם רוסישען רעוואָלוציאָנערען קאַמף. אין די רייזען־אָווענדען האָט פּאָליטיק ניט געשפּיעלט קיין ראָלע. זיי זענען געווען פּאָלקס־יום־טובים, געפייערט פון אידישע מאַסען צוליעב א אידישען דיכטער.

דער בעגייסטערטער קבלת־פּנים און דער ווארעמער, הארצלי־כער אבשיעדס־אָווענד, וואָס דער עולם האָט געגעבען רייזען׳ען, בע־ווייזען אז אויך אין ניו־יאָרק, ווי אומעדום אין דעם אידיש־רעדענ־דען גלות, הויבען זיך אָן אין דער פּאָלקס־נשמה צו וועבען אין דער שטיל פעדים פון א נייער ליעבשאפט, מען קאָן זאָגען פון א נייעם קולט: דער ליעבשאפט פון דעם פּאָלק צו זיינע העלדען אויף דעם פעלד פון קולטור, און בעזונדערס צו דער אייגענער, נאָהענטער ליטעראטור אין דער פּאָלקס־שפּראַך.

אזא ליעבשאפט איז איצטער ביי אלע פעלקער געוואָרען דער פונדאמענט פון א פּראָגרעסיווען נאציאָנאַל־געפיהל, וואָס פערטרייבט אומעדום דעם אַלטען שאָוויניזם. פּראָגרעסיווע פעלקער, אָדער פּראָגרעסיווע טיילען פון א פּאָלק שטאָלצירען מעהר ניט מיט די נצחונות פון דעם פּאָלקס־חיל אויף דעם שלאכט־פעלד אָדער מיט די העלדישקייטען פון דער אייגענער דיפּלאָמאַטיע, וואָס איהר האָט זיך איינגעגעבען אריינצונארען אין אין זאַק אריין דעם ליעבען שכן. די גרונדלאגע פון דעם מאָדערנעם, פּראָגרעסיווען נאציאָנאַל־שטאָלץ זענען די נצחונות פון דעם פּאָלק אויף אלע פעלדער פון דעם אַלגעמיין־מענשליכען פּראָגרעס.

אזא מאָדערן־פּראָגרעסיווער נאציאָנאַל־שטאָלץ וועט אויך אויסוואקסען ביי דעם אידישען פּאָלק, ווי נאָר עס וועט זעלבסט־שטענדיג און זעלבסט־בעוואוסט ארויפטרעטען אויף דעם וועג פון אַלגעמיין־מענשליכער עטנוויקלונג און — וועט האָבען, מיט וואָס איבערצונעהמען זיך ניט נאָר אויף דעם חשבון פון דעם רייכען,

גלענצענדען עבר, נאָר אויך מיט וואָס צו שטאָלצירען אין אַ געזונדען, קולטור־שאַפענדען היינט.

אויף רייזען׳ס אָבשיעדס־אָוונד איז פיעל גערעדט געווען וועגען דעם צושטאַנד פון דער אידישער קולטור אין אַמעריקאַ. שוואַרץ־זעהר און ראָזאַ־פאַרבען־זעהר האָבען געהאַלטען אין גלייכגעוויכט די שאָלען פון דעם וואָג. געטראָפען אין פינטעל אַריין האָט מ אָ ר ר י ס ו ו י נ ט ש ע ו ו ס ק י. מיר זענען נאָך ניט לאַנג אין דעם לאַנד, האָט ער געזאָגט (איך גיעב איבער דעם תוך פון זיינע רייד). ווי פון אַ בהלה זענען מיר געקומען אַהער. ערשט איצטער הויבען מיר אָן צו קומען צו זיך. מיר לעבען איבער אַן איבערגאַנגס־עפּאָכע. ערשט איצטער הויבען מיר אָן קוקען אויג אין אויג דער פראַגע: זאָלען מיר בלייבען אידען, אָדער ניט? און אויב מיר וועלען בלייבען אידען („און מיר ו ו ע ל ע ן בלייבען אידען!" — האָט ער אויסדריקליך בעטאָנט) וועלען מיר געוויס אָנהויבען שאַפען אונזער אייגענע אידישע קולטור.

די איבערגאַנגס־עפּאָכע פון אַסימילאַציע צו אַ זעלבסטשטענדיגען נאַציאָנאַלען לעבען אין גלות, — אַזוי לאַנג ווי מיר וועלען בלייבען אין איהם, — איז כאַראַקטעריסטיש ניט נאָר פאַר אַמעריקאַ. דער פּראָצעס שפּיעלט זיך אָב אומעדום. מעהר נישט אין אייראָפּאַ האָט ער זיך אָנגעהויבען אַ ביסעל פריהער, דעריבער איז זיין גאַנג און זיין וועג דאָרטען אַ סך קלאָהרער איידער דאָ. די בעוואוסטזיניגע אַסימילאַציאָנס־טהעאָריע האָט שוין דאָרטען גאַנץ ענטשיידען דערלעבט איהר מפּלה. אין אַמעריקאַ הויבט ערשט אָן צו שאָקלען זיך די ערד אונטער איהרע פיס. גאָר ניט ווייניגע פיהרער, און דוקא גאַנץ וויכטיגע, זענען שוין בעצייטענס אַראָבגעשפּרונגען פון איהר. און דער אומבעוואוסטער, דער סטיכיש־נאַציאָנאַלער לעבענס־פּראָצעס העלפט דער אינטעליגענץ אַרויסרייסען זיך פון דעם אַסימילאַציאָנס־חושך.

מיר האָבען אין דעם פאָריגען קאַפּיטעל אויפגעוויזען אויף די סטיכיש־אויסגעוואַקסענע אידישע פאַרמער־בעוועגונג, וואָס איז שוין אין איהר אָנהויב בעגאָסען געוואָרען מיט העלע שטראַהלען פון אַ בעוואוסטזיניגען, פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלען גייסט. פּרינציפּיעל ניט ווייניגער וויכטיג איז ד י ק ה ל ה ־ ב ע ו ו ע ג ו נ ג אין

ניו־יאָרק און אין אנדערע אמעריקאנישע שטעדט. איך זאָג: „פּרינ־ציפּיעל“, ווייל עס איז נאָך אַ גרויסע שאלה, אויב די ניט לאַנג געגרינדעטע ניו־יאָרקער קהלה קאָן אין איהר איצטיגער פאָרם שפּיעלען אַ וויכטיגע פּראַקטישע ראָליע אין דעם אויפבוי פון דעם אידישען נאַציאָנאַלען לעבען.

איהר קאָנסטיטוציע איז נאָך דערווייל צו ווענינ דעמאָקראַטיש, אַ גרויסער טייל פון איהרע פיהרער האָבען נאָך געפונען צו ווענינ צוטרויען צו זיך אין די גרויסע מאַסען פון פאָלק. דער ראַדיקאַלער עלעמענט פון דעם אידישען קווארטאַל האַלט זיך דערווייל כמעט אין גאַנצען פון דערווייטען. אָבער ווי אונפאָלקאָמען די אידישע קהלה זאָל ניט זיין, וואָס עס זאָל ניט זיין איהר ווייטערדינער גורל, דריקט זי שוין איצטער אויס אַ פאָלשטענדינען ברוך מיט דעם אסימילאַציאָנס פּרינציפּ.

דאָס אסימילאַציאָנערע יודענטהום קאָן זיך אָרגאַניזירען נאָר אויף איין איינציגער גרונדלאַגע — אויף דער גרונדלאַגע פון דער אידישער רעליגיע. „אידען זענען ניט קיין נאַציע, זיי זענען נאָר אַ רעליגיעזע סעקטע. און אויף וויפיעל זיי זענען רעליגיעז, אויף אַזוי פיעל זענען זיי אידען“, — דאָס איז דער הויפּט־אני־מאמין פון דער אסימילאַציאָנער טהעאָריע. דער אידישער גאָטעס־דיענסט, דער אידישער קולטוס, ניט די אידישע קולטור איז דער זין פון דעם אידישען לעבען אויף דער וועלט. די אידישע קהלה איז דעריבער כמעט אומעדום אַ אידישע „קולטור־געמיינדע“, אַ ריין רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט איהר רעכט אויף אַ זעלבסט־שטענדיגע עקזיסטענץ געשעפּט פון דעם ריין רעליגיעזען לעבען.

די אָרגאַניזאַציע פון דער אידישער קהילה אין ניו־יאָרק ברענגט אריין אַ פּרינציפּיעלע נייעס. זי איז, לויט איהרע פּרינציפּען, ניט קיין קולטוס־געמיינדע. זי איז אויפגעבויט פון דעלעגאַטען פון פערשיידענאַרטיגסטע אידישע פעראיינען, פיעל פון וועלכע האָבען גאָר ניט צו טהאָן מיט דער אידישער רעליגיע. יע, אפילו אטהעאיסטישע פעראיינען פון׳ם אידישען פאָלק האָבען אַ רעכט צו שיקען איהרע דעלעגאַטען. האָבען קריסטליכע פעראיינען פון׳ם אידישען פאָלק, — אויב אַזעלכע וואָלטען ביי אונז געווען מעגליך, — אויך אַזאַ רעכט? פּראַקטיש האָט די

פראגע קיין ברעקעל זין ניט פאַר אונז, אָבער פּרינציפּיעל מעג מען זי אוועקשטעלען און זאָגען: אַז על פּי יושר און על פּי שכל וואָל־טען אַזעלכע פעראיינען, אָניב זיי וואָלטען מעגליך געווען, גאַנץ געוויס געמאָגט בעלאַנגען צו דער אידישער קהילה, ווייל זי האָט פּרינציפּיעל געבראָכען מיט דעם אידיש־רעליגיעזען פּרינציפּ, און דאָרטען, וואו אַן אַטהעאיסט איז כשר, מעג אַ גלויביגער אידען־קריסט אויפגענומען ווערען מיט ברייטע אָרעמס.

וואָס בעדייט דער פּרינציפּיעלער ברוך מיט דעם אידיש־רע־ליגיעזען פּרינציפּ?

ער בעדייט, אַז דאָס לעבען רוקט אויך אין ניו־יאָרק אַרויס דעם נייעם, ניט אַסימילאַטאָרישען און ניט אַלט־רעליגיעזען טייטש פון „אידישקייט“. אידישקייט איז ניט רעליגיע, נאָר נאַציע; נ י ט ק ו ל ט ו ס, נ אָ ר ק ו ל ט ו ר. ניט די אידישע רעליגיע האָט בעשאַפען די אידישע נאַציע, די אידישע נאַציע האָט צוליעב איהרע נאַציאָנאַלע און קולטורעלע ציעלען בעשאַפען די אידישע רעליגיע, און זי קאָן זי איבעראַנדערשען, לויט איהרע בעדערפעניסען, אָדער פערבייטען אויף אַן אַנדערע, אָדער לאָזען זי רוהיג בעשטעהן אין איינעם מיט אַנדערע, אָדער אין גאַנצען זי אָבשאַפען צוריק.

די אידישע קהילה פון ניו־יאָרק האָט, אמת, אויפגענומען אויפ׳ן צעטעל פון איהר פּראַקטישער אַרבייט די בעפריעדיגונג פון אַ סך ריין א י ד י ש־רעליגיעזע נויטען, ווי מקוה, שחיטה, א. אז. וו. אָבער דאָס איז ניט לויט פּרינציפּ, נאָר אויס אַ פּורען צופאַל: די מאַיאָריטעט פון די פעראיינען, וואָס זענען צוגעשטאַנען צו דער קהילה, זענען אידיש־רעליגיעזע, און דעריבער ווערען זייערע בעדער־פעניסען בעפריעדיגט קודם כל. וואָלט די מאַיאָריטעט בעשטאַנען פון ק ר י ס ט ל י ך־אידיש פעראיינען, וואָלט די פערוואַלטונג געמוזט זאָרגען פאַר די בעפרידיגונג פון די קריסטליך־אידישע רעליגיעזע הצטרכות׳ען. אַ קאָמיטעט וואָלט געמוזט דערוועהלט ווערען, צו זאָרגען פאַר מעות־קריסטמעס־בוים, אָדער מעות־פּאַסכאַ־חזר׳ל, קיין איד זאָל חלילה ניט בלייבען אָהן אַ טענענבוימדעל אויף קריסטמעס, אָדער אָהן אַ שטיקעל חזר׳ל אויף פּאַסכאַ.

אין דערינען ליעגט איינער פון די הויפּט־פעהלערען אין דער אידישער קהילה: די כאַאָטישע בעשטימונג פון איהרע פונקציעס.

זי האָט געבראָכען אין דער אָרגאַניזאַציאָנס פראַגע מיט דעם רעלי־גיעזען פּרינציפּ, זי האָט אָבער דעם ברוך ניט קאָנסעקווענט דורכ־געפיהרט. זי איז נאָך אויך אַ סמן פון דער א י ב ע ר ג א נ ג ס־צ י י ט, פון דער צייט, ווען די אידען זענען נאָך אַליין ניט גאַנץ קלאָר, וואָס זיי זענען: א י ד ע ן, אָדער קינדער פון דעם אי־דישען גלויבען?

ווי נאָר זיי וועט קלאָר ווערען, אַז זיי זענען א י ד ע ן, וואָס פאַר אַ גלויבען זיי זאָלען ניט האָבען, אַזוי וועלען זיי מוזען אויך אין די פונקציעס פון זייער קהילה שטרענג דורכפיהרען דעם ו ו ע ל ט־ל י כ ע ן פּרינציפּ פון נאַציע, אַנשטאָט דעם יענע־וועלטליכען פון רעליגיע. אין וואָס איינער זאָל ניט גלויבען, אין משיח אָדער אין קריסטוס, דרך־ארץ פאַר זיין עהרליכען גלויבען! אָבער זיינע רע־ליגיעזע בעדערפעניסען קאָנען און טאָרען ניט בעפריעדיגט ווערען אויף קהל׳שען חשבון. וועגען זיי זאָל ער אַליין זאָרגען, אין אויסער־קהל׳שע פעראיינען און קאָנגרעגאַציעס.

ענג פערבונדען מיט דער כּאַאָטישער בעשטימונג פון איהרע פונקציעס איז דער כּאַאָטישער אויפבוי פון דעם פונדאַמענט גופא. די אַלטע אידישע קהילה — די „קולטוס־געמיינדע“ האָט אַ שאַרף־קלאָרען בעגריף פון יענע קלענערע איינהייטען, אויף וועלכע זי רוהט, וועלכע זי שטעלט פאַר. די איינהייט פון דער אַלטער קהילה איז אומעדום די סינאַגאָגע, דער מנין, די דאַווען־שוהל. אַלע מנינים, בתי־מדרשים, דאַווען־שוהלען אין איינעם בילדען די רעליגיעזע קהילה. די איינהייטליכקייט פון דעם אויפבוי האָט געפיהרט צו אַן איינהייטליכקייט אין די פונקציעס, אין יענע ענינים, וועגען וועלכע די קהילה האָט געדאַרפט זאָרגען. די מאָדערנע ניו־יאָרקער קהילה האָט אין איהר פונדאַמענט פערשיידענאַרטיגסטע פעראיי־נען, און זייערע דעלעגאַטען ווערען געשיקט, ווי פערטרעטער פון בעשטימטע אינטערעסען־גרופּען, וואָס האָבען צו זאָרגען, לויט זייער צאָהל און מאַכט, פאַר די בעפריעדיגונג פון בעשטימטע לעבענס־נויטען, וואָס האָבען זיי אַרויסגערופען אין לעבען.

אָבער אַ סך אַזעלכע פעראיינען האָבען לחלוטין גאָר ניט צו טהאָן מיט קהל׳שע ענינים. צו דער קהילה קאָן בעלאַנגען אַן „אָרעמע־מיידלעך־קימפּעטאָרען־פעראיין“, ווי אויך אַ „דזשואיש

ליבעראַל דענקינג קלאַב". די לעבענס־נויטען, וואָס האָבען ארויס־גערופען זייער עקזיסטענץ מעגען זיין זעהר וויכטיג און זעהר אידיש, קאָן מען דאָך ניט איינזעהן, וואָס פאַר אַ סמיכת הפרשה זיי האָבען מיט קהל'שע ענינים און פאַר וואָס דער קהל דאַרף פערטרעטען אויך קימפעטאָרען־און־דענסינג־אינטערעסען. דער געדאַנק פון דער קהילה איז — פעראייניגונג פון אַלע אידען, אַלס א י ד ע ן, אָ ר אָ ב ג ע ר ע כ ע נ ט די פערשיידענקייט פון זייערע ספעציעלע אינטערעסען. דער אָרגאַניזאַציאָנס־פּרינציפּ אָבער איז אַזאַ, וואָס ר ע כ ע נ ט לכתחילה אַ ר י י ן די פערשיידענקייט פון די ספּע־ציעלע אינטערסען, וואָס דריקט זיך אויס אין דער פערשיידענקייט פון די ספּעציעלע פעראיינען, וואָס זענען די אייגענטליכע בעלי־בתים פון דער קהילה, די בעלי־בתים אין דער לעצטער אינסטאַנץ.

מיט דער צייט וועט דאָס, פערשטעהט זיך ,מוזען ווערען אַנ־דערש. אַ פרייע אידישע קהילה, וואָס האָט זיך אָבגעזאָגט צו זיין אַ ק ו ל ט ו ס - געמיינדע, מוז ווערען אָדער אַ ק ו ל ט ו ר ־ גע־מיינדע און האָבען אין זיין פונדאַמענט איינצעלנע ק ו ל ט ו ר ־ פ ע ר א י י נ ע ן, אָדער זיין אין גאַנצען אַ ריין־נאַציאָנאַלע גע־מיינדע, אַ פערטרעטונג פון אידען אַלס אידען און האָבען אין איהר פונדאַמענט ריין נאַציאָנאַלע „אָ ר ט ל י כ ע ק ה י ל ה ־ פ ע ר ־ א י י נ ע ן" צו וועלכע יעדער איד זאָל מעגען בעלאַנגען, וואָס וויל נאָר אריין, וואָס וויל נאָר העלפען טראָגען די לאַסטען פון דער קהילה און, דורך זיינע אויסדערוועהלטע, בעשטימען דעם גאַנג פון איהרע אַרבייטען.

ווי די מעשה איז — איז די גרינדונג פון דער אידישער קהילה אַ פרינציפּיעלע ניעדערלאַגע פון דעם אַסימילאַציאָנס געדאַנק, אַ האַלב־בעוואוסטע נאַציאָנאַלער שאַפען, אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון אונזער איבערגאַנגס־צייט, אַ סמן פון אַ נייעם לעבען.

דאָס נייע לעבען, אַפּריל־מאַי, 1909.

# אַ אידישע דאָרף און אַ אידישע פאָלקס־באַנק

(וועג־נאָטיצען).

כמעט אומעטום, וואו איך פרעג זיך נאָך וועגען דעם שטרעבען פון אידען צו לאַנד, צו „קרקע", בעקום איך גאַנץ פּאָזיטיווע, דער־פרעהענדע ענטפערס: עס זענען אומעטום דאָ איינצעלנע פערזאָ־נען און גאַנצע גרופּען, וואָס רייסען זיך מיט אַלע כוחות פון שטאָדט — ניט „צוריק צום לאַנד", נאָר „צום ערשטען מאָל" — צו אַ גע־זונדען, פערנינפטיגען לעבען אויף דעם שויס פון דער מוטער־ערד.

מען קאָן אָהן שום ספק שוין איצטער רעדען פון אַ סטיכישער אגראַרישער בעוועגונג צווישען דעם אידישען פאָלק אין אמעריקע, אַ בעוועגונג, וואָס איז אויסגעוואַקסען פון דעם לעבען גופא, און וואָס האָט, ווי מיר דוכט, זעהר ווייניג שיכות צו די פערשיידענע „איזמען", וועלכע מיר האָבען געטראָגען אין די מאַסען.

עס איז דעריבער אויך כאַראַקטעריסטיש פאַר איהר, וואָס זי בעשרענקט זיך ניט אויף אָנהענגער פון אַ בעשטימטען קלייזעל, אָפילו ניט פון אַ בעשטימטער פּאַרטיי אָדער קלאַס, קאָסמאָפּאָליטען און נאַציאָנאַליסטען, ראַדיקאַלען און פרומע, סאָציאַל־דעמאָקראַטען און אַנאַרכיסטען, פּועלים, פּעדלער און שוחטים, — י ע ד ע גרופּע פון דעם אידישען לעבען האָט שוין אָבגעגעבען פערטרעטער אין דער נייער בעוועגונג און אַ גרויסער טייל פון זיי האָבען שוין מעהר אָדער ווייניגער פערווירקליכט זייער ציעל.

אַ מומחה אין דעם ענין, וואָס האָט ניט לאַנג בערייזט דאָס לאַנד גראָד מיט דעם צוועק — בעקאַנט צו ווערען מיט דער אידי־שער פאַרמעריי אין אַמעריקע (ליידער, האָב איך נאָך קיין רעכט ניט עפענטליך מיטצוטיילען זיין נאָמען) פערזיכערט, אַז אין די לעצטע צוויי־דריי יאָהר זענען צוגעקומען ווייניגסטענס אַ פּאָר טוי־

זענד נייע אידישע פאַרמערס, וואָס האָבען זיך בעזעצט אויפ'ן לאַנד אָהן דער הילף פון וועלכע עס איז פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, וועלכע זענען כלומרש'ט בעשאַפען געוואָרען צוליעב דעם צוועק.

און ס'איז אפשר אַ גליק פאַר די נייע פאַרמערס, וואָס זיי האָבען ניט געהאַט צו טהאָן מיט אונזער אַגראַר־פילאַנטראָפּיע, און פון גאַנצען הארצען ווינשען מיר זיי, זיי זאָלען ניט דארפען קיינמאָל אָנקומען צו איהרע טובות. איך וויל ניט בעצווייפלען דאָס גוט־הארץ פון אונזערע כלל־טהוערס און פערזאָרגערס אין דעם ענין, — אָבער אזוי אומגעלומפערט, מיט אזוי ווייניג פערשטאַנד און פערשטענד־ניס פון דעם פאָלק, צו ארבייטען, האָט אפילו אַ רוסישע קאַנצעלאַריע ניט בעוויזען. און אַ רוסישע קאַנצעלאַריע מעג דאָך באמת ארויס־נעהמען אַ פּאַטענט אויף בערישע אומגעלומפּערטקייט און האָבען־דאָס־פאָלק־אין־דער־אדמה.

אז מען הערט זיך אָן די מעשיות וועגען אונזער אַגראַר־פילאַנ־טראָפּיע, וואָס ווערען דערצעהלט אין פעראינטערעסירטע און גוט אונטעררריכטעטע קרייזען, געהט איינעם דורך אַ שווידער איבער'ן לייב. דעספּאָטישער מוטה־ווילען, פערדרעהטע פּרינציפּען, ניט אַ טראָפּען דרך־ארץ צו דעם מענשען, זיין ווילען און זיינע נייגונגען, ביוראָקראַטישע פערשלעפּענעם און אָבגעלאָזטקייט, — אָט דאָס זענען די הויפּט־שטריכען, וואָס טרעטען בולט ארויס, דאָ איינציג־ווייז און דאָרט אַלע אינאיינעם, — אין דער טהעטיגקייט פון אונ־זערע פילאַנטראָפּען.

אין איין אָרט און צו אַ געוויסער צייט האָט געהערשט דער פּרינציפּ, אַז אידען מוז מען בעזעצען דוקא צווישען גוים, און דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אז נאָך אַ צייט פון מאַטערניש און פּיין, ווען דער פאַרמער האָט זיך שוין דערשלאָגען צו אַ שעהנעם עקאָנאָמישען מעמד, ווערט ער געצוואונגען צו אַנטלויפען פון זיין פאַרם מחמת מורא, די קינדער זאָלען זיך ניט אויסמישען מיט די קריסטען. ס'איז כמעט ניטאָ קיין איין פאַרם־היים, פערוואָרפען צווישען גוי'אישע שכנים, וואָס האָט דערוואקסענע קינדער, און זאָל בלייבען פריי פון דער דאָזיגער טראַגעדיע.

און ניט דוקא פרומע אידען ליידען פון איהר. איך האָב אוי־זאכען אָנצונעהמען, אז ניט זעלטען ווערט אפילו אַ ראדיקאַל אויפ־

געציטערט פון דעם געדאַנק, אַז זיינס אַ קינד וועט חתונה האָבען פאַר אַ קריסט.

עס איז מיר, אויף מיין איצטיגער רייזע, בעקאַנט געוואָרען אַ פאַל, וואָס האָט פּלוצלונג פאַנאַנדערגעעפענט פאַר מיר אַ אידיש־ הארץ, אַקוראַט ווי דער הימעל וואָלט זיך געשפּאָלטען און אַנטפּלעקט פאַר מיר סודות, וואָס זענען ביז אַהער געווען פערבאָרגען פאַר יע־ דעם מענשליכע אויג.

דער פאַל איז גראָד ניט מיט אַ פאַרמער, נאָר מיט אַ בכבוד'ען אידישען בעל־הבית, אַ הויך־ענטוויקעלטען, זעהר ערנסטען און פיעל אויפטהוענדען סאָציאַליסט פון אַ קליינעם שטעדטעל אין לאַנד. ער האָט שוין פון יאָהרען און יאָהרען פאַנאַנדערגעריסען די פעדים פון דער אידישער רעליגיאָן און האָט זיין קליינע אידישע סביבה אויס־ געלערענט רעספּעקט און טאָלעראַנץ צו זיין פרייען לעבען. אויך האָבען איהם נאָך ניט בעריהרט די נייע, פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלע ווינדען, און, ווי עס ווייזט אויס, האַלט ער קנאַפּ־וואָס פון זיי.

אָבער ער האָט דערוואַקסענע קינדער, וואָס חבר'ן זיך מיט קריסטען, און — אַ שווערער שטיין ליגט ביי איהם אויפ'ן האַר־ צען: וואָס קאָן חלילה דערפון ארויסוואַקסען? צום גליק האָט ער בעמערקט, אַז ביי איינעם פון זיינע קינדער האָט זיך ארויסגע־ וויזען עפּעס אַ סטיבישער, אומדערקלעהרליכער ווידערווילען אַנט־ קעגען אַ צו נאָהענטען לעבען מיט די קריסטען — און דער ראַדי־ קאַל־אַטהעאיסטישער קאָסמאָפּאָליט גלעט צופרידען די וואָנץ און — מאַכט אַ שווייג! ער קעמפט חלילה ניט אַנטקעגען אַזוינע „רעאַקציאָנערע" געפיהלען: מיט ציטעריגער האָפענונג קוקט ער אויף זיי, טאָמער וועלען זיי זיין די געווינשטע שמירה...

וואָס איז דאָס: די שטים פון בלוט?

דאָס קאָן גריילעך זיין! אידעען, וואָס לעבען דור אויס, דור איין, געהען אריבער אין פלייש און בלוט, און אויב זיי שאַדען קיינעם ניט, האָבען זיי אַ רעכט ווייטער צו לעבען. איהר מעגט קוקען אויף דער קריסטליכער רעליגיעזע, ווי איהר ווילט; איהר מעגט קעמפען ווי היים פאַר דאָס הייליגע מענשליכע רעכט פון יעדען איינצעלנעם אידען אַנצונעהמען יענעם גלויבען, וואָס רעדט וואַרעמער צו זיין האַרצען, (עס פערשטעהט זיך, אַז וועגען צ ו ־

ג י י נ ע ר, וואָס רעכענען, אַז יענער גלויבען איז דער בעסערער, פאַר וועלכען מען גיט מעהר חזיר־שמאַלץ, רעדט מען דאָ ניט און וועגען זייער שיקזאַל קימערט מען זיך ניט).

איהר מעגט, זאָג איך, ווי איינגע'עקשנ'ט זיין אין פאַנאַנדער־שיידען צווישען נאַציאָן און רעליגיאָן,—איינס שטעהט דאָך אויסער יעדען צווייפעל, אַז דער איד האָט אַקוראַט אַזאַ הייליג רעכט אויף זיין א י ד י ש ע ן גלויבען, אויף זיינע אידישע רעליגיעזע אָדער נאַציאָנאַלע סימפּאַטיען און אַנטיפּאַטיען (כל זמן קיינער ליידט פון זיי ניט), ווי יעדער אנדער מענש. און אַזאַ הייליג רעכט ווערט פשוט געטראָטען מיט די פיס, ווייבאַלד איהר זוכט מ י ט א כ י ו ן אַריינצושטופּען דעם אידען אין אַ ריין קריסטליכע סביבה, וואו פאַר די קינדער מוז אַרויסוואַקסען די געפאַהר אין גאַנצען צונויפצוגיעסען זיך מיט דער קריסטליכער וועלט, — אַ געפאַהר, וואָס רודערט אויף די נשמה ביז צו איהר לעצטען גרונד אפילו ביי איינינע קאָסמאָפּאָליטישע ראַדיקאַלען; אַ פשיטא שוין — ביי אַ פשוט'ען פרומען אידישען פאַרמער!

אין אַן אַנדער אָרט ווערט די אַרבייט צוליעב דער אידישער פאַרמעריי בעהערשט גאָר פון אַ שפּאָגעל נייעם פּרינציפּ: דער פאַרמער פון דעם נביאים־פאָלק זאָל האָבען די הייליגע מיסיאָן צו בעווייזען פאַר דער גאַנצער וועלט דעם העכסטען מוסטער פון מאָ־ראַלישער פאָלקאָמענהייט, פון אַ ריינעם לעבען אין אַרבייט און פשטות, אין עהרליכע, אידעאַלע בעציהונגען פון מענש צו נאַטור, ווייט פון די זינדיגע שטעדט מיט זייער צולאָזענעם רעש און יאָגע־ניש נאָך גאָלד. דעריבער דאַרף מען דעם אידישען פאַרמער אוועק־שטעלען אין אַזעלכע בעדינגונגען, וואו ער זאָל קאָנען אין יסורים של אהבה אָבקומען ווי אַ צדיק אויף ד ע ר וועלט. ערגעץ וואו אין אַ ווילדערניש דאַרף מען איהם פערזעצען; אין ערד־גריבער, אונ־טער שנעע און אייז, זאָל ער ווינטערען זיינע ווינטערס, ביז ער וועט מיט די הוילע פינף פינגער פערוואַנדלען זיין שטיק לאַנד אין אַ גן־עדן, און זיין נשמה וועט אויסגעלייטערט ווערען פון אַלע איהרע שטאָדטישע זינד.

דער פאָרשטעהער פון אַזאַ מין אַרבייט, וועמעס נאָמען איך לאָז דאָ אַרויס (וואָס האָט, אגב אורחא, זעהר פיעל אויפגעטהאָן

פאַר דער ענטוויקלונג פון דער אידישער פּאַרמעריי), איז בלי ספק אַן עהרליכער אידעאַליסט, וואָס ליעבט באמת זיין פאָלק. אָבער נישיים קומט איהם ניט אַרויף אויפ'ן זינען — אַז דער אידישער פּאַרמער איז ניט קיין ים־חזיר'ל, אויף וועלכען די געלערנטע ער־לויבען זיך צו מאַכען עקספּערימענטען; אַז ער וויל לעבען צוליעב דעם לעבען און ניט צוליעב דעם כבוד פון דער אָדער יענער קאָסמאָ־פּאָליטישער אָדער סאָציאַליסטישער טהעאָריע.

די אַלטע אידישע פאַרם־בעוועגונג, אָנגעפיהרט פון אונזערע אַלטע אידישע בעלי־טובות, איז באַנקראָט. אַ נייע בעוועגונג וואַקסט איצטער אַרויס פונ'ם פאָלק גופא, פאַר וועלכען דער פאַרמער איז ניט קיין עקספּערימענטיר־חיה'לע, נאָר קודם־כל אַ מענש און נאָך אַ אידישער מענש דערצו, וואָס דאַרף בעפריעדיגען זיינע מענשליכע און אידישע בעדערפעניסען. ניט די אייננצעל־פאַרם איז איהר אידעאַל, וואו דער איד זאָל אָבגעריסען ווערען פון דער אַלגעמיינער קולטור און פון דער אידישער סביבה. איהר אידעאַל איז די אידישע דאָרף, וואו עס קאָן געשאַפען ווערען אַן אייגענע, הויך־ענטוויקעלטע קולטורעלע סביבה, וואו די ערד־אַרבייט קאָן געפיהרט ווערען לויט דעם לעצטען וואָרט פון דער וויסענשאַפט, ד. ה. וואו די אַרבייט גופא קאָן געבען דעם אידישען מוח די מעגליכקייט, אָנצוזעטיגען זיך מיט די שכל'דיגע רעזולטאַטען און פאָרשונגען פון דער מאָדערנער אַגראָנאָמיע.

די אידישע דאָרף!... דאָס אידעאַל פון די בעסטע קינדער פון אונזער פאָלק אין די זיעבענציגער און אַכציגער יאָהרען, איידער דער מאַרקסיזם איז געקומען און האָט איהם גע'אסור'ט, ווייל דער פּויער איז אַ „מיעלקער בורזשוי“!... נישיים ווערסטו וויעדער לע־בעדיג אין די מוחות און די הערצער פון דעם אידישען פאָלק? און נישיים איז גראָד אויף אַמעריקאַ אויסגעפאַלען דער גורל, צו געבען דעם באָדען, אויף וועלכען דו זאָלסט אין גיכען מקוים ווערען?

דורך די אָדערן שטראָמט דורך אַ וואַרעמקייט ביי דעם גע־דאַנק, און דאָס האַרץ הויבט אָן פריידיגער צו שלאָגען...

און דאָס טהוט דאָס פאָלק אַליין? גאָר זיך ניט גע'עצה'ט מיט אונז? גאָר זיך ניט גערעכענט מיט אַלע אונזערע טהעאָריען

און איזמען? אַ מעשה דאָס איז! און עס לאָזט אונז איבער מיט אַלע „סטיכישע פראָצעסען", „ניט־פראָלעטאריזאַציעס" און „יע־פּראָלעטאריזאציעס", ווי אַ שייגעץ מיט אַ פייפעל, אָבער אָהן דאָס שאָף? וויל עס איבערהויפּט מעהר ניט שפּיעלען די ראָליע פון שאָף, וואָס ווערט געפיהרט פונ'ם שייגעץ מיט'ן פייפעל? שטעלט עס זיך שוין אויף זיינע אייגענע פיס און וויל זיך אַליין דורכשניידען אַ וועג אינ'ם לעבען, אינ'ם נ י י ע ם לעבען?

אָ, ביי דעם געדאַנק ווערט נאָך ווארעמער אין די אָדערן, און נאָך פריידיגער הויבט זיך די ברוסט...

די אידישע דאָרף — מיר וועלען האָבען נאָך אַ סך צו רעדען און צו שרייבען וועגען איהר. דאָ וועל איך דערווייל מאַכען נאָר אַ פּאָר בעמערקונגען.

די אידישע דאָרף איז אַ שטיק אידישע זעלבסט־פערוואַלטונג! אויב דאָס אידישע פאָלק האָט נאָך כוחות צו לעבן אין גלות, צו בויען אַן אייגענעם לעבען, איז די בעסטע בעדינגונג דערצו (א י ן ג ל ו ת!) ניט די שטאָדט, נאָר די אידישע דאָרף.

איך ווייס גאַנץ גוט, וואָס עס בעדייטען די ווערטערלעך: „אין גלות!"

אַ נ אָ ר מ אַ ל ע אידישע ענטוויקלונג, וואָס זאָל וואקסען פון זיך אַליין, ווי עס וואַקסט די קולטור פון יעדען פאָלק אין אַן אייגענער היים, קאָן געמאָלט זיין נאָר יעמאָלט, ווען אויך דאָס אידישע פאָלק וועט וואוינען אין זיין אייגענער היים. אָבער פון דער אַנדער זייט מוז אויך פאַר אַלעמען ווערען קלאָר, אז דאָס פאָלק קאָן זיך ניט אינטערעסירען מיט יענעם העכסטען אידישען אידעאַל, כאָטש אין אַ ביסעלע אַ רייכערער אייגענער סביבה. אָט די העכערע ארט אידישעם לעבען אין גלות ווערט איצטער געבויט אין די שטעדט, אומעדום אויף דער גאַנצער וועלט, וואו אין דעם אידען ווערט אויפגעוואַכט דער מענש און ממילא אויך דער איד. געבויט און ווידער צושטערט פון די אסימילאַציאָנס־כוואַליעס, און ווידער געבויט און ווידער צושטערט.

עס וואַקסט אומעדום דער אידיש־נאַציאָנאַלער בוים. זיינע צווייגען ווערען אָבגעבראָכען פון ווינד. די פרישע בלומען ווערען פערפרוירען און קאָנען צו קיין פרוכט ניט קומען, און וואו עס רייסט

זיך דורך אַ יונגע פּרוכט שלאָגט זי דער ווינד אַראָב פאַר דער צייט, — אָבער עס וואַקסט דער יונגער בוים אויף צו להכעיס דעם ווינד און דעם פראָסט.

עס איז פאַראַן אָבער אַ פּלאַץ, וואָס איז לפי ערך מעהר געשיצט פון פראָסט און ווינד, און דאָס איז — די אידישע דאָרף. אויב די בעוועגונג וואָס איז סטיכיש אַרויסגעוואַקסען פון לעבען, וועט ווירקליך צופיהרען צו דער בעשאַפונג פון אידישע דערפער אין אַמעריקאַ (און פון אייניגע דערפער אפשר אויך שטעדטלעך און שטעדט!), איז יעמאָלט דאָס גרויסע פּראָבלעם פון דער נאַציאָנאַלער אַרבייט אין גלות אַוועקגעשטעלט געוואָרען אויף אַ זיכערען פונדאַמענט. אין אַמעריקאַ איז אַ דאָרף כמעט ווי אַ רעפּובליק, וואָס קאָן אויסבויען איהר לעבען אויף יענע יסודות און אין יענער שפּראַך, וואָס געפעהלען איהרע איינוואוינער...

אַ אידישע דאָרף איז דערצו דער אָנהויב פון יענער עקאָנאָמישער רעוואָלוציע אין דעם אידישען לעבען, אין וועלכער אונזער פאָלק נויטיגט זיך אַזוי שטאַרק: די אָבשאַפונג פון דעם ריין שטאָדטישען, סוחר׳ישען לעבען און די בעשאַפונג פון דעם ערד־אַרבייטער קלאַס, ווי ביי אַלע פעלקער פון דער וועלט.

וואָס פאַר אַ בעדייטונג אַזאַ רעוואָלוציע מוז האָבען אין דעם גאַנצען אידישען לעבען, ווי אַזוי זי מוז ווירקען אויף די פיזישע, מאָראַלישע און אינטעלעקטועלע ווידערגעבורט פון דעם אידישען פאָלק, ווי אַזוי אויך דער אַנטיסעמיטיזם מוז ביז צו אַ געוויסען גראַד אָבגעשוואַכט ווערען צוליעב דעם, — דאָס אַלץ צו בעשרייבען בקיצור, וואָלט געווען אַן אומזיסטע מיה: נאָר ערנסטערע און אויספיהרליכערע אַרבייטען קאָנען דאָס אַרויסברענגען קלאָר ווי דער טאָג. אָבער איינס קאָן שוין איצטער יעדער איינזעהן: אַ אידישע דאָרף איז אַ קלאָר אַרומגעגרענעצטער שטח, אויף וועלכען די אידישע אינטעליגענץ קאָן צונויפזאַמלען איהר גאַנצע ענערגיע, כדי צו העלפען דעם פאָלק אין זיין פיזישער, מאָראַלישער און אינטעלעקטועלער ווידערגעבורט.

אָט פאַר וואָס די אַלע בעשטרעבונגען, מיט וועלכע איך בין בעקאַנט געוואָרען, זענען אַזוי וויכטיג. אויב אונזער גייסטיג אויג זעהט ווירקליך אין דער צוקונפט אידישע דערפער, אויב דאָס זענען

ניט קיין „שפּאַנישע לופט־שלעסער״, יעמאָלט בין איך כמעט ווי זיכער, אַז די אַגראַר־בעוועגונג וועט פאַר אונז ווערען די צענ־טראַל־אַרבייט אין גלות, ווענינסטענס, אין גלות־אַמעריקא, —אַן אַרבייט, אין וועלכער אויך די שטאָדטישע אַרבייטערשאַפט מוז ווערען פעראינטערעסירט.

געווים איז די בעוועגונג נאָך יונג, זעהר יונג און ניט אַלע מניעות זענען אָבגעשאַפט פון איהר וועג. זי מוז נאָך ערשט אויס־אַרבייטען די פּאַסיגע פאָרמען פאַר איהר פּראַקטישער פערווירקלי־כונג. און דאָ וועלען מיר, טהעאָרעטיקער, מוזען זיך שטאַרק צו־הערען צו דער שטים פון די פּראַקטיקער: פון די אַגראָנאָמען און פינאַנסיסטען.

אָבער אַ חוץ דער פּראַקטישער אָרגאַניזאַטאָרישער אַרבייט, וואָס מוז אַרומנעהמען אויך די פראַגע וועגען די סאָציאַל־עקאָנאָ־מישע יסודות פון דער אידישער דאָרף, טרעט שוין איצטער אַרויס איין פּראָבלעם אין איהר גאַנצער שאַרפקייט: די קרעדיט־פּראַגע.

אַז מיט די אייגענע, אָבגעשפּאָרטע פּאָר גראָשען קאָנען די אַרבייטער־מאַסען און די אָרעמע שיכטען ניט איבערגעהן צו ערד־אַרבייט, פערשטעהט יעדער; אַז אָנקומען צו די היפּאָטהעק־באַנ־קען, אָדער צו די געוועהנליכע קאָלאָניאַל־געזעלשאַפטען, מיט זייער וואוכער־צינזען, וואָלט געהייסען אָנטהאָן אַ שטריק אויף דעם האַלז פון דער יונגער אידישער בויערענשאַפט, וועט אויך יעדער איינזעהן, וואָס איז נאָר אַ ביסעלע בעקאַנט מיט דעם ענין.

בלייבט יענער קרעדיט, וואָס אונזערע פילאַנטראָפּישע אינסטי־טוציעס גיעבען אין אַזעלכע פעלען. פון דעם ריין פינאַנציעלען שטאַנדפּונקט איז אַזא קרעדיט ווירקליך אַן אונגעהייערע וואָהל־טהאַט, — וואָלט ער אָבער ניט געלעגען אין די הענד פון די, וועלכע מיר האָבען נאָר וואָס אויבען כאַראַקטעריזירט! אויב זיי וועלען בלייבען ביי די אַלטע מעטהאָדען מיט די אַלטע פּרינציפּען, וועט זייער הילף זיין מעהר אַן אָבהאַלט, איידער אַ ווירקליכער אָנטרייב פאַר דער בעוועגונג.

איך געפין דעריבער פאַר זעהר פּראַקטיש און צוועקמעסיג דעם געדאַנק, מיט וועלכען אַ יונגער טהוער אין דער בעוועגונג טראָגט

זיך ארום און וועלכען ער האָט מיר מיטגעטיילט, מיט דער ביטע צו טהאָן עפּעס פאר זיין פערווירקליכונג. דער טהוער, וועמען איך האָב דאָ אין זין, איז ניט קיין אנדערער ווי גענאָסע ליטמאן, דער זעהר גוט בעקאַנטער געוועזענער אָרגאַנייזער פון די אידישע ברענטשעס ס. פּ., וואָס איז אליין געוואָרען אַ פּאַרמער און וואָס גיט זיך איצטער אָב מיט דער אידישער פּאַרם־בעוועגונג.

זיין געדאַנק איז — מען זאָל גרינדען אַן אגראַרישע פאָלקס־באַנק. עס פערשטעהט זיך, אַז דאָס טאָר ניט זיין קיין אינסטיטוט פון אַ וועלכער עס איז פּאַרטיי. עס דארף זיין אַ פאָלקס־אינסטיטוט אין דעם פולסטען זין פון דעם וואָרט. זיינע אקציעס דארפען זיין אזוי ביליג, אַז יעדער איינער פון דעם פאָלק, וואָס איז פּעראינטערעסירט אין דער פּאַרם־בעוועגונג (יעדער וואָס וויל פּשוט האָבען אַ זיכערען פּלאַץ וואו צו בעוואָהרען זיינע אָבגעשפּאָרטע פּאָר גראָשען און בעקומען פאר זיי אַ זיכערען קליינעם צינז) זאָל קענען נעהמען אַנטהייל אין איהם. אויף דער שפּיץ פון דער פערוואַלטונג דאַרפען אוועקגעשטעלט ווערען מענשען, צו וועמען דאָס גאַנצע פאָלק האָט אַ צוטרוי, מענשען מיט אָרגאַני־זאַטאָרישע פעהיגקייטען און פינאַנציעלע געניטקייט.

אין אַזעלכע מענשען איז ניט אָרעם דאָס אידישע פאָלק אין אַמעריקאַ. יעדע פּאַרטיי, די סאָציאַליסטישע ווי די באָלשעוויסטישע, די פרייע ווי די ראַדיקאַלע, די אָרטהאָדאָקסישע ווי די רעפאָר־מירטע, קאָן אויפווייזען אויף אַ סך פערזאָנען, וועמען דאָס פאָלק וועט שענקען דעם פולסטען צוטרוי, און אייניגע פון זיי וועלען זיך געוויס ניט אָבזאָגען צו נעהמען אויף זי די שווערע אָבער זעהר וויכ־טיגע מיה, צו פערוואַלטען אַזאַ פאָלקס־אינסטיטוט.

אויב עס וועט זיך איינגעבען צו אָרגאַניזירען די אידישע אגראַר־באַנק, יעמאָלט וועט די פּאַרם־בעוועגונג מיט אַמאָל בעקומען אַ שטאַרקען צופלוס פון לעבענס־ענערגיע, און זי וועט אפשר ווע־רען אויך קוואַנטיטאַטיוו אַ וויכטיגער פאַקטאָר אין אונזער געזעל־שאַפטליכען לעבען.

און — דער אַפּעטיט קומט מיט'ן עסען. זאָל נאָר די בעוועגונג האָבען אַ ערפאָלג, וועלען שוין ארויסשפּראָצען אויך אַנדערע אידישע נויטען, וואָס וועלען בעשאַפען זייערע אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרמען און פערווירקליכונגס־מעטהאָדען: פיעלע־פיעלע אידישע און מענשליכע נויטען און אידעאַלען, די נאָהענטע און קליינינקע ביז נאָר־גאָר די גרויסע און ווייטע...

געשריבען אין סט. פאָל, פעברואַר 1911.

# גרויס וואָס איז קליין און קליין, וואָס איז גרויס

דר. יאָהאַן יאַקאָבי, — דער בעריהמטער דייטש־אידישער דעמאָקראַט, וואָס איז אַגב צום סוף פון זיינע יאָהרען געוואָרען א סאָציאַליסט, — האָט א מאָל געזאָגט, אַז די גרינדונג פון אַן ארבייטער־בילדונגס־פעראיין איז היסטאָריש א סך א גרעסערע פאַסירונג, איידער די בעריהמטסטע פון די שלאַכטען, וועגען וועלכע מען רעדט מיט אַזאַ בעגייסטערונג אין די לעהר־ביכער פון דער מענשליכער געשיכטע. (אַזוי, ווענינסטענס) איז געוועזן דער זין פון זיינעם אַן אויסשפּרוך, וועמעס ווערטליכען נוסח איך האָב לײדער איצטער פערגעסען.)

אין דעם אויסשפּרוך איז ממילא איינגעוויקעלט דער געדאַנק, אַז ניט אַלץ, וואָס אונז דוכט זיך קליין, איז באמת קליין, און ניט אַלץ, וואָס מאַכט אויף אונז דעם איינדרוק פון גרויס, פערדיענט באמת אויפגעהויבען צו ווערען ביז׳ן הימעל. פאַראַן פאַסירונגען און האַנדלונגען, מיט וועלכע עס קלינגט די וועלט (א בעריהמטע שלאַכט, צ. ב.), וואָס זייער אינווענינסטער ווערטה איז גלייך נול, און צוריק: א מאָל האָט א קליינע ארבייט, געטהאָן פון א פּאָר מענשען אָהן א ליאַרעם און אָהן א געפּילדער, אַן אומגעהויערע בעדייטונג פאַר דעם גאַנג פון דער געשיכטליכער ענטוויקלונג. פאַראַן קליין, וואָס איז גרויס, און גרויס, וואָס איז קליין.

וואו ליעגט דער אונטערשייד? וואָס איז דער סימן מובהק פון „קליין" און „גרויס", וואָס מיט זיין הילף זאָלען מיר זיך קאָנען פאַנאַנדער קלייבען אין דעם ענין? קאָן מען אויסגעפינען אַזאַ פעסטען און זיכערען סימן? קאָנען איבערהויפּט געמאָלט זיין אַזעלכע סימנים, אויף וועלכע אַלע מענשען זאָלען איינשטימען? מוז ניט די אָבשאַצונג פון „קליין" און „גרויס" בלייבען א ריין אינדיווידועלע מיינונג, א דבר המסור אל הלב?

שוין אין די אויסדריקען אליין: „קליין“ און „גרויס“ ליעגט פערבאָרגען די בעהויפטונג, אז דער מענש דאַרף און זאָל זיך קודם אינטערעסירען מיט דעם, וואָס איז גרויס, אז נאָר דאָס גרויסע דאַרף פערדיענען זיין פולע און גאַנצע אויפמערקזאַמקייט, בעת דאָס קליינע מעג זיך רוהיג זיצען אין זיין ווינקעלע און דאַרף ניט האָבען די העזה צו קריכען אין פראָנט.

ווי האָט אמאָל מיכאַילאָווסקי געזאָגט? „פון נאַטור אויס ליעבט דער מענש דעם אמת, דעם יושר און די שעהנקייט, ווייל ער רופט אָן אמת, יושר און שעהנקייט דאָס, וואָס ער ליעבט“. מיט דעמזעלביגען רעכט קאָנען מיר אויך דאָ זאָגען: פון נאַטור אויס שעצט דער מענש דאָס גרויסע און פעראַכטעט דאָס קליינע, ווייל ער רופט אָן „גרויס“ דאָס, וואָס ער שעצט, און „קליין“ דאָס, וואָס ער איז מבטל.

דער מענש ליעבט דעם אמת, דעם יושר און די שעהנקייט, ווייל ער רופט אָן מיט די נעמען דאָס, וואָס ער ליעבט. און פונ־דעסטוועגען פערלאָזט זיך ניט דער מענש אויף זיינע אייגענע גע־פיהלען פון ליעבע און מאַטערט זיין מוח אויף אויסצוגעפינען די וויכטיגסטע סימנים, כדי פאר זיך אליין צו קאָנען פערענטפערען די פראגע: וואָס איז אמת? וואָס איז יושר? וואָס איז שעהנ־קייט?

מיט אַנדערע ווערטער הייסט דאָס: עס זענען דאָ א סך זאַכען, וועלכע זענען איהם, דעם מענשען, ליעב און טייער, און פונדעסט־וועגען קאָן ער ניט אַלע איהם ליעבע מיינונגען אָנרופען „אמת“, ניט אַלע איהם ליעבע האנדלונגען אָנרופען „יושר“ און ניט אַלע איהם געפעלענדע פאָרמען בעצייכנען מיט דעם וואָרט „שעהן“. ער וויל תמיד אויסגעפינען, וואָס איז אמת, יושר און שעהנקייט ניט ווייל מיר געפעלט עפּעס, נאָר ווייל עס איז אמת, יושר און שעהן א י ן ז י ך ג ו פ א, אלץ איינס ווי דאָס זאָל ניט ווירקען אויף מיין געפיהל.

און ער געפינט אויס, און ער ברענגט ארויס סיסטעמען נאָך סיסטעמען פון פילאָסאָפישע אמת׳ען, וואָס זענען סותר איינער דער אנדערער, פּרינציפּען נאָך פּרינציפּען פון עטישען יושר, וואָס לייקענען איינע די אנדערע אָב, מאַקסימען נאָך מאַקסימען פון

עסטעטישער שעהנקייט, וואָס קאָנען לחלוטין ניט הויזען אין איי־נעם.

און די אַלע סיסטעמען, פּרינציפּען און מאַקסימען טרעטען אַרויס מיט דער גדלות'דיגער, האָפערדיגער פּערזיכערונג, אַז זיי זענען דאָס דער איינציגער אמת, דער איינציגער יושר, די איינציגע שעהנקייט, וואָס זענען אמת, יושר און חן „אין זיך גופא", אַלע איינס, צי דער מענש ווייל מסכים זיין מיט זיי אָדער ניט.

קומען יעמאָלט צוגעהן די טיעפער בליקענדע פאָרשער, אנאַ־ליזירען נאָך אַמאָל דעם פערפּלאָנטערטען קנויל פון ווידעראַנאַנדען, שטודירען אויס די נשמות פון יענע מענשען, וואָס האָבען זיי אַרויס געבראַכט און בעווייזען אונז טריאומפירענדיג:

„זעהט איהר? אָט דער מענש שמועסט זיך איין, אַז ער האָט אויסגעפונען דעם אמת, אָבער גלויבט ער אין איהם נאָר דער־פאַר, ווייל זיין נשמה ווייל גלויבען אין איהם, ווייל זי איז אַזוי געבויט, אַז אַן אַנדערן אמת קאָן זי ניט אויפנעהמען אין זיך. דער מענש בכלל, — זאָגען אַזעלכע פאָרשער, — מוז זיין סוביעק־טיוו. אַלע געשמועסעריי'ען וועגען אָביעקטיווע אמת'ען זענען ניט מעהר ווי איליוזיעס, מיט וועלכע ער בעשווינדעלט זיך אַליין. ער מוז בלייבען טריי זיין אייגענער טבע און קאָן פון זיין הויט ניט אַרויסשפּרינגען. הייגט — צו וואָס די אַלע איינרעדענישען וועגען אָביעקטיווע, אייביגע, „אין־זיך־גופא'דיגע" אמת'ען? א־מעהר, לאָז יעדער איינער זאָגען, ווי די מעשה איז: „איך ליעב דאָס", „איך שעץ דאָס", „דאָס געפעלט מיר" און — שלאָגט זיך נאָכדעם איינער מיט דעם אַנדערן, ווער מען ווילען עס זאָל גובר זיין אין לעבען".

ס'איז אמת, קיין מענש קאָן ניט אַרויסשפּרינגען פון זיין איי־גענער הויט; יעדער איינער מוז בלייבען טריי זיין אייגענער טבע. אָבער יענע טיעף־בליקענדע פאָרשער, וואָס האָבען אויסגעפונען אָט דעם אמת שבאמת, און וואָס האָבען אַזוי שטאַרק בערייכערט אונזער קענטעניס פון דער מענשליכער נאַטור, וואָלטען אריינגעבליקט א ביסעלע טיעפער אין איהר, וואָלט זיי באַלד געוואָרען קלאָר, אַז עס געהערט צו דער נאַטור פון דעם מענשען, ער זאָל שטרעבען נאָך אַן אָביעקטיווען ווייסען, ער זאָל רייסען זיך צו יענעם

אמת, יושר און חן, וואָס זענען „אין זיך גופא“, און אויך אָט דער טבע זיינער מוז ער בלייבען טריי, אויך פון דער הויט זיינער קאָן ער קיין מאָל ניט ארויסשפּרינגען.

לכתחילה ווי אַזוי צו וויסען, אז אַלע אמת׳ען, וואָס איך וועל ארויסברענגען, וועלען זיין ניט מעהר, ווי אַן אָבשפּיגלונג פון מיין אייגענער נאַטור, און פונדעסטוועגען אין דערזעלביגער צייט גלויבען טריי מיין אייגענער נאַטור; ווי אַזוי ארויסצודרעהען זיך אָט פון דעם אינוועניגסטען ווידערשפּרוך, — דאָס איז די וויכטיגסטע אויפגאַבע פון דער וויכטיגסטער פון אַלע וויסענשאַפטען, דער דערקענטניס־טעאָריע, און איינער פון די וויכטיגסטע רעזולטאַטען, צו וועלכע יענע וויסענשאַפט איז געקומען, איז אַזאַ: דו, מענש, קאָנסט בילדען מיינונגען צוליעב דעם, כדי צו בעפרידיגען נאָר דיינע בעדערפניסען, צו פערענטפערען נאָר דיינע אינדיווידועלע קאַפּריזען, און דו, מענש, קאָנסט אויך זוכען דעם אמת אין דעם ערנסטען גלויבען, אז דו זוכסט איהם נאָר צוליעב איהם אליין און אז דו ביסט אָנגעגרייט מקריב צו זיין דיינע בעדערפניסען און דיינע קאַפּריזען, אויב דו וועסט אויסגעפינען, אז זיי געהען להיפך צו דעם געפונענעם אמת.

אין ביידע פעלען וועסטו אָבשפּיגלען נאָר דיין אייגענע נאַטור. אָבער עס איז פאַר אונז אַלעמען וויכטיג, מיר זאָלען האָבען די אָבשפּיגלונג פון יענעם טייל נאַטור, וואָס בענקט נאָך דעם אמת צוליעב דעם אמת און וואָס איז גרייט, זיך מוסר נפש זיין פאַר איהם, און ניט פון יענעם טייל נאַטור, וואָס וויל נאָר טעאָרעטיש בעפוצען דיינע אינדיווידועלע קאַפּריזען.

די אייגענע פאָדערונג פון דער דערקענטניס־טעאָריע קאָנען מיר אָנווענדען אויך אויף אונזער ענין וועגען די סימנים פון „גרויס“ און „קליין“. מיר ווילען וויסען, וואָס איז „גרויס“ און „קליין“ „אין זיך גופא“, ווען אפילו מיר ווייסען לכתחילה, אז געפינען וועלען מיר נאָר דאָס, וואָס איז „גרויס“ און „קליין“ פאַר אונז און מסתמא אויך פאַר די, וועמעס נאַטור עס איז געבויט לויט דעמזעלביגען סטיל, ווי אונזער אייגענע.

אמאָל האָט זיך מיר געדוכט, אז די סימנים פון „גרויס“, — פון אַ גרויסער פּאַסירונג, אַ גרויסער געזעלשאַפטליכער ארבייט, —

ליעגען נאָר אין דער צאָהל פון מענשען, ווענען עס איז נוגע די פאַסירונג אָדער די ארבייט, און אין דעם סכום פון ענערגיע, וואָס ווערט אין זיי ארויסגעבראכט; וואָס גרעסער די צאָהל מענשען און וואָס גרעסער דער סכום אָנגעווענדעטע ענערגיע, אַלץ גרעסער די פאַסירונג אָדער די ארבייט.

האָב איך מיר אַוועקגעשטעלט אַזאַ שאלה:

אָנגענומען, עס ווערט בעשאַפען אַ בעוועגונג, וואָס געהט ארויס פון דעם גרונדזאַץ, אַז יעדער מענש האָט אַ רעכט אויף אַ צאָהן־בערשטעל און אויף אַ נאָז־טיכעל. און ניט נאָר האָט ער אַ רעכט דערויף, נאָר עס איז אונזער הייליגסטער חוב פאַר דער קולטור און דער ציוויליזאַציע, אַז יעדער מענש ז אָ ל האָבען אַ צאָהן־בערש־טעל, ז אָ ל האָבען אַ נאָז־טיכעל, ז אָ ל וויסען, ווי צו בע־געהן זיך מיט זיי, און זאָל געפיהרט ווערען דערצו, אַז ער וועט מו־זען זיי אָנווענדען אין דער ריכטיגער צייט און אין דער ריכטיגער ארט.

שטעלט זיך נאָר פאָר, וויפיעל הונדערטער מיליאָנען מענשען זענען דאָ אויף דער וועלט, צוליעב וועמען עס קאָן געמאַכט ווערען אַזאַ בעוועגונג. רעכענט אויס, וויפיעל מיליאָנען דאָלערס אַ יאָהר עס דאַרף אויסגעגעבען ווערען, וויפיעל מענשען עס דאַרפען זיך פראַקטיש בעטייליגען אין דער בעוועגונג, כדי איהר ענד־ציעל זאָל מקוים ווערען; וויפיעל ארבייט דאָס וואָלט געגעבען די ארבייטס־לאָזע, וויפיעל ענערגיע עס וואָלט אָנגעווענדט געוואָרען צוליעב אַזאַ געזונט גוטער היגיענישער זאַך; וויפיעל בעצאָהלטע פילאַנטראָ־פישע „דזשאַבס" עס וואָלטען דערביי בעשאַפען געוואָרען און ווי־פיעל פעראינטערעסירטע פראָפּאַגאַנדיסטען וואָלטען פערהילכען די וועלט מיט זייער רוף צו העלפען דער „הייליגער זאַך פון קולטור":
וואָלטען מיר די ארבייט אָנגערופען אַ „גרויסע" ארבייט? וואָלט אונזער נשמה, וואָס ציהט זיך, ווי יעדע מענשליכע נשמה, צו „גרויס", אָנגעצונדען געוואָרען מיט התלהבות פאַר אַזאַ'ן אר־בייט?

איך האָב מיר געמוזט ענטפערן, אַז ניין. צאָהן־בערשטלעך און נאָז־טיכלעך געהערען מאַקי צו דער קולטור, אָבער ניט פון זיי העגנגט אָב איהר גורל, און ווי גרויס עס זאָל ניט זיין די צאָהל מענ־

שען, צוליעב וועמען די בעוועגונג ווערט אַרויסגערופען, ווי אונגע־הויער דער סכום פון ענערגיע וואָס וואָלט פערברויכט געוואָרען אין איהר, מיט וואָס פאַר אַ ליאַרעם זי וואָלט ניט פערפּלאַנצט גע־וואָרען פון לאַנד צו לאַנד, — וואָלט זי געבליבען אַ גרויסע אַר־בייט, וואָס איז קליין.

ליעגט אפשר דער סימן פון גרויס ניט אין דעם סכום פון מענ־שען און ענערגיע, צוליעב וועמען און מיט וועלכער די אַרבייט ווערט געטהאָן, נאָר אין דעם סכום פון מענשען, וועלכע זענען שוין ווירקליך פעראינטערעסירט אין אַ וואָסער עס איז זאַך, וואָס פערכאַפּט זייער אָטהעם און שטעהט אין דעם צענטר פון זייער אויפמערקזאַמקייט?

איך בין אַמאָל געווען אַ לעבגערע צייט אַ טעגליכער לעזער פון אַ היגער אידישער טעגליכער צייטונג, וואָס פלעגט מיך אָפט מכבד זיין מיט גרויסע „קעפּלעך“ אויף אַזאַ שטייגער: „די גאַנצע וועלט ווארט מיט אונגעדולד אויף...“, אָדער: „די גאַנצע שטאָדט געהט אויף רעדלעך וועגען...“. מיט אַזעלכע גרויסע, אויפרודערנדע קעפּלעך, האָט די צייטונג געוואָלט אַנציעהען מיין אויפמערקזאַמ־קייט צו דעם, וואָס פערדיענט אַריינגענומען צו ווערען אין מיין נשמה, צו דעם, וואָס איז ג ר ו י ס. און אַלע מאָל פלעגט זיך אויסלאָזען, אַז ביי דער „וועלט“ האָט פערכאַפּט דעם אָטהעם — און אויסגעבלאָזענע איי, — עפּעס אַ „פּרייז־פייט“ צווישען אַ שוואַרצען און אַ ווייסען באָדיונג און כדומה אַזעלכע גרויסע פּאַ־סירונגען.

האָב איך איינגעזעהען, אַז ווי גרויס עס זאָל ניט זיין די צאָהל פון מענשען, וואָס זענען פערקאָכט אין עפּעס, און ווי הייס זיי זאָלען ניט זיין פערקאָכט אין דעם, איז דאָס נאָך קיין ראיה ניט, אַז דער ענין איז גרויס. עס קאָן זיין אַ גרויסע זאַך, וואָס איז קליין.

איבערקלייבענדיג אַ סך אַזעלכע פעלען, בין איך געקומען צו דעם רעזולטאַט, אַז גרויס איז נאָר דאָס, וואָס טראָגט אין זיך גופא די פערווירקליכונג פון אַ גרויסען און וויכטיגען פּ ר י נ־צ י פּ, אָדער אויך דאָס, וואָס איז דירעקט פערבונדען מיט דעם לעבענס־שיקזאַל פון די גרויסע מאַסען. דער „פּרייז־פייט“ איז

דערפאר קליין, ווייל דער פּ ר י נ צ י פּ פון געבען איינער דעם אַנדערען אונטער'ן ריפּ איז אסור אזא געהויבענער, עס זאָלען זיין פּעראינטערעסירט אין איהם מיליאָנען פון מענשען. און די גרויסע נאַז־טיבעל־און־צאָהן־בערשטעל־בעוועגונג איז דערפאר קליין, ווייל ניט פון איהר קאָן אָבהענגען דער לעבענס־שיקזאל פון די גרויסע מאסען. דאָס זענען אלע גרויסע זאכען, וואָס זענען קליין.

דערפאר איז צוריק די גרינדונג פון אן ארבייטער־בילדונגס־פעראיין אין דייטשלאנד, אין יאקאָבי'ס צייטען, געווען א קליינע זאך, וואָס איז גרויס, ווייל אין איהר איז געווען פערקערפּערט א גרויסער און וויכטיגער פּרינציפּ: די גייסטיגע בעפרייאונג פון דער ארבייטערשאפט, וואָס דארף איבערבויען אלע יסודות פון דעם לע־בען און איבעראנדערשען צו גוטען דעם לעבענס־שיקזאל פון די גרוי־סע מאסען.

אנטקעגען וואָס רעד איך דאָס אלץ?

— איך זאָג דאָס אנטקעגען דעם, וואָס אויך אין אונזער צייט און ביי אונזער פאָלק ווערען איצטער געטהאָן קליינע ארבייטען, וואָס זענען גרויס, ווען אפילו זיי קאָנען פערהילכט ווערען דורך דעם ליארם פון די גרויסע ארבייטען, וואָס זענען קליין.

א ביישפּיעל?

— די נאציאָנאל־ראדיקאלע שוהלעם!

2טען יון, 1915.

# אַ ביסעל נחת

## (די ערשטע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שוהל אין ניו־יאָרק).

די פּרעסע האָט ניט לאנג געבראכט די ידיעה, אז עס האָט זיך געגרינדעט אן אונפּארטייאישער שוהל־פעראיין, וואָס זאָל פערוואלטען די אידישע פאָלקס־שוהל און אויך עפּענען אנדערע אזעלכע שוהלען. דאָס איז גאנץ געוויס א פרעהליכע נייעס. פריהער איז די שוהל געווען אין די הענד פון די פּועלי־ציון און דעם אידישען נאַציאָנאלען ארבייטער־פערבאנד. אויף די איבערגעבענקייט פון די חברים צו דער נייער ארבייט האָט מען זיך גאנץ געוויס געקאָנט פערלאָזען און אין אן אנדער צייט וואָלטען אלע, וואָס האָבען דעם חשק צו ארבייטען אויף דעם דאָזיגען פעלד, פּשוט צוגעשטאנען צו זיי און געהאָלפען זיי מיט אלע מיטלען. אָבער געהט, מאכט עפּעס מיט אונזער פאנאטישער פּסיכאָלאָגיע און דער פערשאָלטענער קלייזעל־קאָנקורענץ!... קוים שטאמט די זאך פון די פּועלי־ציון און דעם פערבאנד, אזוי טאָרען שוין די אנדערע ניט צוריהרען זיך צו איהר. אין אן אונפּארטייאישען פעראיין וועט האָפענטליך אין גאנצען פערשווינדען יענער פערשאָלטענער קלייזעל־גייסט און צו דעם פעראיין וועלען צושטעהן — ז אָ ל ע ן צ ו ש ט ע ה ן! — אלע, וואָס פערשטעהען די וויכטיגעהענדע בעדייטונג פון דעם אונטערנעהמען.

און די בעדייטונג פון דעם ערשטען קערענדעל, פון וועלכען עס דאַרף זיך פונאנדערוואַקסען דער בוים פון אידישע ערציהונג, איז באמת א קאָלאָסאַלע. „ביי דער שלאכט פון סאדאָוואַ“, זאָגען אלע היסטאָריקער, „האָט איבער פראנקרייך געזיעגט דער פּרייסישער שוהל־לעהרער“. ביי דער שלאכט מיט דער אסימילאציע, קאָנען מיר מיט דעם זעלביגען רעכט זאָגען, וועט זיעגען די א י־ד י ש ע פאָלקס־שוהל.

עס פערשטעהט זיך, אז אויך ביי סאַדאָווא האָבען, א חוץ דעם "לעהרער„, געווירקט די ביקסען און האַרמאַטען, מאָלטקעס מילי־טערישער זשעני, ביסמארקס פאָליטיק און — מעהר פאר אלעמען — דער נאַציאָנאלער ע נ ד צ י ע ל, דער אידעאל פון אַן איינ־הייטליכען דייטשלאנד. אין אונזער שלאַכט פעהלען די האַרמאָ־ניען מיט דער דיפּלאָמאַטיע (אַך! ליידער, אויך די מאָלטקעס מיט די ביסמארקס...), אָבער דער נאַציאָנאל־סאָציאליסטישער ע נ ד־צ י ע ל איז דערפאר דאָ, וואָס איז אין זיין שעהנקייט און וויכ־טיגקייט פאר אידען און פאר דער מענשהייט נאָך א סך א גרע־סערער אידעאל, איידער די פאַן־גערמאניסטישע פעראייניגונג.

אָבער דער „פאָלקס־שוהל־לעהרער", וועט אויך דאָ מוזען שפּיע־לען זיין אונגעהויער וויכטיגע היסטאָרישע ראָליע. ווייל דער קאמף אנטקעגען דער אַסימילאַציע איז אין ערשטער ליניע א קאמף פאר דער נשמה פון דעם אידישען קינד...

וועמען זאָל די ריינע אונשולדיגע נשמה געהערען? דעם אידי־שען פאָלק און זיין צוקונפט, אָדער דער אַסימילאַציע, ד. ה. יענעם אָבגאָט, וואָס פורעמט בריאות — האלב איד, האלב גוי, האלב אנדרוגינוס, האלב טומטום, ניט צו גאָט און ניט צו לייטען?

נאָר דער וואָס האָט דאָס קינד געוואונען, דער האָט געוואונען די צ ו ק ו נ פ ט. און ווי ל י י כ ט איז עס ארויסצורייסען דאָס קינד פון דעם קולטור־שמד און צובינדען זיין נשמה צו דעם אידישען פאָלק! דאָס האָט אזוי אונערוואַרטעט בעוויזען דער ניו־יאָרקער עקספּערימענט מיט דער ערשטער אידישער שוהל.

מיינט ניט, אז די ערשטע שריט זענען אָנגעקומען זעהר לייכט. אדרבה, עס האָט אויסגעוויזען, אז קיין שווערערע זאַך, ווי גרינדען און פיהרען אַ אידישע שוהל, איז אויף דער וועלט ניטאָ. און ניט אזוי צוליעב די אמת'ע שוועריגקייטען, ווי מחמת דער אָנ־געשראָקענקייט, דעם פּחד, וואָס מען האָט ארויפגעוואָרפען.

געה, גרינד א אידישע שוהל, אז ס'איז ניטאָ ניט קיין אידישע שוהל־ביכער, ניט קיין אידישע שוהל־לעהרער און ניט קיין לערן־פּראָגראם! מיט וואָס הויבט מען אָן?

— „אָבער", האָבען מיר גע'טענה'ט, „ערפאהרונג פאלט ניט אראָב פון הימעל, לאָמיר אָנהויבען מיט וואס עס איז, לאָמיר אָנ־

הויבען פּאַלש. דאָס לעבען וועט שוין אָנווייזען דעם ריכטיגען וועג. איהר קאָנט זיך ניט לערנען שווימען אויף דער יבשה. מען דאַרף קודם געהן אין וואסער, כדי צו לערנען זיך שווימען.

— אָט דאָ שטעקט דאָך די גאנצע צרה, ענטפערט מען, אַז ס׳איז גאָר ניטאָ קיין וואסער. ס׳איז ניט מעהר ווי א „גלות־בלאָטע“, וואו מען קאָן אפילו מיט די עלענבויגענס ניט פאנאנ־דערפיהרען.

— ניין, וואסער איז שוין דאָ, טענה׳ט אַן אנדער געגנער: ס׳איז דוקא אַ רייסענדער שטראָם פון אסימילאַציע. איהר וועט ניט קאָנען שווימען אנטקעגען שטראָם.

— לאָמיר פּרובען, ווען מיר זעהן! — בעטען מיר זיך רחמים.

— וואָס טויגען דאָ די חכמות? שניידט מען אונז אָב די רעד. איין זאַך וועט אויך אייער אוטאָפּיסטישער מוח צוגעבען: אַז צו אַ אידישער שוהל דאַרף מען האָבען אידישע קינדער. נו — און דער מין איז ניטאָ. דאָס הייסט: אידישע קינדער זענען, ברוך השם, יאָ פאַראַן, נאָר זיי ווילען ניט קיין אידיש און וועלען קיין מאָל ניט וועלען.

אָט די אַלע שוועריגקייטען, זענען ווי א רויך פערשוואונדען, ווי נאָר מען איז ערנסט צוגעטרעטען צו דער ארבייט.

עס האָבען זיך געפונען אידישע לעהר־ביכער, — שלעכטע אָבער גוט גענוג פאַר אַן אָנהויב. עס האָבען זיך געפונען אידישע לעהרער. און דער פּראָגראַם האָט זיך אליין אויפגעבויט: אידיש לייענען, אידיש שרייבען, העברעאיש (לויט אַ געמישטען סיסטעם: „עברית בעברית, אידיש ועגגליש“), אידישע געשיכטע, און ועל כולם — דאָס אידישע ליעד!

— און אידישע קינדער?

אָט דאָ ליעגט דער גאַנצער נחת! פון א צוואַנציג קינדער אין אָנהויב איז די צאָהל אין א משך פון עטליכע וואָכען אויסגעוואַק־סען צו א זעכציג, און זאָלען נאָר זיין פּלאַץ און מיטלען— אין קינדער וועט שוין קיין מניעה ניט זיין.

דער הויפּט־נחת ליעגט אבער אין יענער גרויסער ליעבע, וואָס האָט צוגעבונדען די קינדער צו דער שוהל. די פּאָר שעה פון

דער שוהל־צייט (שבת און זונטאג פון 3 ביז 5) זענען א יום־טוב פאר זיי. זיי טרייבען די עלטערן, מען זאָל גיכער פארטיג ווערען מיט׳ן ווארמעס, וויל מען דארף לויפען אין שוהל אריין. און אין דער שוהל, וואָס איז פריי פון יעדער קאזיאָנער דיסציפלין, וואו די לעהרער זענען ליעבענדע ברידער, די למודים — אזוינע אינטערע־סאַנטע זאכען, און די חברים — מיט־קונדסים, וואָס זענען פער־אינטערעסירט אין דעם זעלביגען שעהנעם שפיעל, — אין אזא שוהל ווערט דעם קינד׳ס נשמה ארומגענומען מיט אַן אטמאָספערע פון ווארעמקייט און ליכט, וואָס לויטערט זיי אין גאַנצען אויס פון דעם קולטור־שמד און בעהעפט זיי צו דעם אידישען פאָלק, צו זיין פער־גאנגענהייט און צוקונפט...

וואָלטען מיר נאָר געהאט די נויטיגע מיטלען, און היינטיגען טאָג וואָלטען מיר געקאָנט אויסשפרייטען איבער׳ן גאַנצען אמערי־קאנער יודענטהום דעם נעץ פון אזעלכע שוהלען; ניט שבת און זונטאג שוהלען, נאָר טאָג־און אבענד־שוהלען, וואָס וואָלטען געגע־בען דעם אידישען קינד א ווארעמע אידישע היים, א זאך, וואָס איהם פעהלט אזוי שטארק אין דעם גלות־אמעריקע.

אזעלכע שוהלען וואָלטען אויך א סך בעסער אָבגעהיט דעם „קיום הלאום״, איידער דער אָבגעלעבטער שלחן־ערוך און די כּפ־הקלע־יגע „קאָנגרעגיישאָנס״.

די אידישע שוהל, וואָס איז שוין איצטער געוואָרען א לעבע־דיגער פאקט, וועט אויך זיין דער פרוב־שטיין, מיט וועלכען מיר וועלען קאָנען אָבשעצען די ערנסטקייט, טיעפקייט און דעם קלאָה־רען איינזעהן פון יענעם נאציאָנאלען געפיהל, וואָס האט אין דער לעצטער צייט ארום גענומען אזא גרויסען טייל פון דער אידישער אינטעליגענץ און דער אידישער פראָגרעסיווער ארבייטערשאפט.

Hic Rhodus, hic salta!

אָט דאָס איז נאציאָנאלע ארבייט. אָט דאָ טהוט! טהוט וואָס איהר קאָנט. שטיצט מיט געלד, נעהמט אויף זיך פערוואלטונגס־ארבייט, גרינדעט הילפס־געזעלשאפטען, אינטערעסירט זיך מיט די פּראָבלעמען פון דער אידישער פעדאגאָגיק און — קודם כל — שליעסט זיך אָן אָן דעם שוהל־פעראיין!

„דאָס נייע לעבען״, 1910.

# נאציאנאל־קלעריקאל

**ה. ליבערמאן. די אידישע רעליגיאן אין דער נאציאנאל־ראדי־קאלער ערציהונג. ניו יארק. מ. מייזעל. 1915.**

הערר פ. ליבערמאן, א לעהרער פון דער נאציאנאל־ראדיקא־לער שוהלע אין ניו־יארק, האט אויף דעם ערשטען צוזאמענפאהר פון די נאציאנאל ראדיקאלע שוהלעס אין אמעריקא געהאלטען א רעפעראט, אין וועלכען ער האט טעארעטיש בעלויכטען די שטע־לונג, וואס מיר דארפען איינגעהמען צו דער אידישער רעליגיע אין דער נאציאנאל־ראדיקאלער ערציהונג. דער רעפעראט איז איצטער ארויס אין א בעזונדער בראשור, און יעדער איינער קאן אבשאצען יענעם גייסט, וואס הערשט אין געוויסע קרייזען, וועלכע גרופירען זיך ארום דער נאציאנאל־ראדיקאלער שוהלע.

העררן ליבערמאנ׳ס גרוד־געדאנק בעשטעהט אין דעם, אז „די אידישע רעליגיאן לאזט זיך ניט אזוי לייכט אב׳גט׳ן פון א אידישער ערציהונג, ווי פריידענקעריש דיעזע זאל ניט וועלען זיין“ (ז. 4).

אויף וויפיעל הערר ליבערמאן פאדערט, אז אין דער אידישער יוגענד זאל איינגעפלאנצט ווערען א ר ע ס פ ע ק ט צו דער אלטער, פרומער אידישער וועלט, פאר דער עהרליכקייט פון איהר גלויבען, פאר דער גרויסער ראליע, וועלכע די אידישע רעליגיע האט ביז אהער געשפיעלט אין דער געשיכטע פון אונזער פאלק, איז ער גאנץ זיכער גערעכט. אויך ווען ער זאגט צום שלום פון זיין רעפעראט, אז „ניט האסען, ניט איגנארירען, נאר מיט אכטונג און סימפאטיע און ליעבע צו פ ע ר ש ט ע ה ן — אט דאס דארף זיין אונזער שטעלונג צו דער אידישער רעליגיאן“, קאן מען אין א זעהר גרויסען גראד מסכים זיין מיט איהם.

אבער הערר ליבערמאן בענוגענט זיך ניט מיט דעם. ער

וואָלט וועלען, אז דאָס אידישע קינד זאָל ערצויגען ווערען אין דעם גייסט פון דער אידישער רעליגיע, זאָל אליין ווערען אידיש־רעליגיעז געשטימט, זאָל ווערען א בעוואוסטזיניגער טרעגער פון דעם אידישען רעליגיעזען לעבען און שאפען.

דאָס איז א פאָדערונג, וואָס געהט אבסאָלוט להיפך צו דעם וויכטיגסטען פרינציפּ פון י ע ד ע ר פאָלקס־שוהל־בילדונג און בפרט נאָך פון אזא ערציהונג, וואָס רופט זיך „ראדיקאל“. רעליגיעזע ערציהונג קאָן געגעבען ווערען נאָר אין ספּעציעלע רעליגיעזע שוהלען, אויפגעהאלטען פון עלטערן, וואָס גלויבען אין דער רעליגיע. פאָלקס־ערציהונג מ ו ז זיין ו ו ע ל ט ל י ך. און נאָך מעהר פריי פון יעדער רעליגיעזער מיסטיק מוז זיין די שוהלע, וואָס נעהמט אויף זיך די אויפגאבע, צו ערציהען די קינדער אין דעם גייסט פון די מאָדערנע ראדיקאלע אנשויאונגען.

איך האָב אין אַן אנדער אָרט באריכות גערעדט, וואָס עס דאַרף זיין די שטעלונג פון א מאָדערנעם אידישען ראדיקאל צו דער אידישער רעליגיע. אין קורצען אויסגעדריקט, קום איך צו דעם רעזולטאט, אז מיר דארפען אונזער רעליגיע אָבשאצען נ אָ ר לויט איהר נאציאָנאלען, פּאָעטישען און ריין מענשליכען ווערטה, און נאָר אזוינע ווערטהען איהרע ארייננעהמען אין אונזער פּראָגראם. (זעה מיינע ארטיקלען „רעליגיע און נאציע“ און „די נאציאָנאל־פּאָעטישע ווידערגעבורט פון דער אידישער רעליגיע“. געזאמעלטע שריפטען בד. 4)

הערר ליבערמאן געהט ווייטער. ער וויל, אז אויך דער ריין ר ע ל י ג י ע ז ע ר עלעמענט פון דעם אידישען גלויבען זאָל אריינגעפּלאנצט ווערען אין דעם קינד'ס נשמה, — א פאָדערונג, וועלכע מיר געפינען ביי אלע ק ל ע ר י ק א ל ע ן פון אלע פעלקער.

עס פערשטעהט זיך, אז יעדער קלעריקאל האָט זיין טהעאָריע, פאר וואָס די ערציהונג דאַרף זיין רעליגיעז. אויך הערר ליבערמאַן האָט זיך זיינע טעאָרעטישע אנשויאונגען. ליידער זענען זיי אָן אומגעלומפּערטע צונויפמישונג פון ריין קלעריקאלע און אָבגעשוואכטע ראדיקאלע מאָטיווען.

די יסודות פון זיין קלעריקאלען בליק וועל איך דאָ אין קור־

צען בעלויכטען אין דער פאָרם פון א פאָר קריטישע בעמערקונגען צו די וויכטיגסטע שטעלען פון זיין שריפט. מעהר באריכות צו רעדען וועגען דעם ענין לאָז איך איבער אויף אַן אנדער געלעגענהייט.

„דאָס אידישע פאָלק", שרייבט הערר ליבערמאַן, „איז בעגאבט מיט א שטארקער עמפפינדליכקייט פאר דאָס מיסטישע א י ן (אונטערשטראכען פון מיר, זש.) דער נאטור און דעריבער געניינט צו א רעליגיעזען פערטיעפען זיך אין דעם זין פון דער וועלט און דעם לעבען" (ז. 4.)

איך בין שטארק מסופק, צי דאָס איז אזוי. איך לייקען ניט, אַז ביי דעם אידישען פאָלק קלאפט א שטאַרקע מיסטישע אָדער. אָבער די גאנצע מיסטיק בעווייזט, אז אונזער פאָלק האָט זעהר א ש װ א כ ע עמפפינדליכקייט פאר דער נאַטור בכלל און ממילא אויך פאר דאָס מיסטישע, און אַן א ו י ס ע ר נ א ט י ר ל י־כ ע. איהר וועט ערגעץ אין איהר ניט געפינען קיין מ י ס ט י־ש ע ד ע ר ק ל ע ה ר ו נ ג ע ן פון נ א ט ו ר ־ ע ר ש י־נ ו נ ג ע ן, ווי מיר געפינען דאָס ביי די גריכען און ביי די גערמאַנישע פעלקער. דער שטרענגער מאָנאָטעאיזם האָט צושטערט ביי דעם אידען די נאטור־מיסטיק: די נאַטור איז ניט מעהר ווי לעהם, ווי חומר ביד היוצר.

די קבלה האָט, אמת, אויסגעארבייט אַן אנדער קוק אויף דעם ענין, אָבער אויך זי האָט זיך מיט דער נאַטור ניט אינטערעסירט, ריכטיגער: זיך געשטעלט פ י י נ ד ל י ך צו איהר, און אויף וויפיעל אין דער קבלה און דער חסידות זענען דאָ שפּורען פון נאַטור־מיסטיק, שטאַמען זיי פון ניט אידישע קוועלען. געבליעבען פאר דער אידישער מיסטיק איז נאָר די מענשליכע נשמה און די איבערנאַטירליכע הימעל־וועלט.

עס איז אויך א גרויסער ספק, צו דאָס אידישע פאָלק איז „ב ט ב ע געניינט צו א רעליגיעזען פערטיעפען זיך" א. אז. וו. אפשר האָבען אין איהם נאָר די היסטאָרישע אומשטענדען אריינגעפלאַנצט אַזאַ איבערגעטריעבענע רעליגיעזע נייגונג. מען קאָן זיך גאנץ גוט פארשטעלען, אז ביי א נאָרמאַלען לעבען וואָלטען די רעליגיעזע נייגונגען פון דעם אידישען פאָלק זיך ניט אָבגע־

שיידט פון דער רעליגיעזער נייגונג וועלכע מיר געפינען ביי אַלע אנדערע ציוויליזירטע פעלקער.

אָבער אָנגענומען, אז די צוויי טעזיסען פון העררן ה. ליבער־מאַן זענען ריכטיג: אז מיר האָבען א שטארקע נייגונג צו נאַטור־מיסטיק, אז מיר זענען ב ט ב ע מעהר רעליגיעז איידער אַנדע־רע פעלקער און אז „א דאנק דעם, ווי אויך צוליעב געוויסע היס־טאָרישע סבות, האָט די אידישע רעליגיאָן אזוי פאָלשטענדיג בע־הערשט דאָס אידישע לעבען, אז זי האָט א טיעפען שטעמפּעל אוועקגעשטעלט אויף אַלע אַנדערע עלעמענטען, וואָס שטעלען צו־זאַמען די אידישע קולטור" (ז. 4).

וואָס איז דער פּועל־יוצא דערפון פאר דער אידישער נאַציאָ־נאַל־ראדיקאלער ערציהונג?

איז די אויפגאבע פון דער נ א צ י אָ נ א ל ע ר ערצי־הונג — ארויסצורופען קעלבערנע התפעלות צו אַלע אייגענשאַפ־טען פון דעם אידישען פאָלק בלויז דערפאר, וואָס זיי זענען א י־ד י ש ע ? בשום אופן ניט! דאָס וואָלט געווען א ש אָ ו י־נ י ס ט י ש ע ערציהונג. נאָר שאָוויניסטען גלויבען, אז דאָס, וואָס אונזערע איז גוט און וואָס פרעמדע איז שלעכט.

ניט נאָר דער ראדיקאלער, אפילו דער פּשוט פּ ר אָ ג ר ע־ס י װ ע ר געדאנק פאָדערט, אז יעדע ערשיינונג פון דעם פאָלקס־לעבען זאָל מען קודם כל אָבמעסטען מיט דער מאָס פון דעם אַלגעמיין־מענשליכען פראגרעס. און ערשט ווען די ערשיינונג בע־פריעדיגט אונז ווי מ ע נ ש ע ן, קאָנען מיר זיך פרעהען, וואָס אונזער פאָלק בעזיצט זי אין א זעהר גרויסער מאָס.

אויב מיר האָבען זיך צו פרעהען מיט דעם, וואָס דער איד איז בטבע אזוי איינזייטיג רעליגיעז, יעמאלט און נאָר יעמאָלט דאַרפען מיר אויך ביי אונזערע קינדער פערשטארקען דורך דער ער־ציהונג די זעלביגע אייגענשאַפט. ווי איז אבער, אז די איבער־געטריעבענע נייגונג צו רעליגיעזע מיסטיק איז גאָר ניט אזא חשוב'ע מעלה? יעמאָלט וועלען מיר אין אונזער נאַציאָנאַלער ער־ציהונג זיין געצוואונגען, צו ק ע מ פ ע ן אַנטקעגען דער דאָזי־גער נייגונג מיט די מיטלען פון דער ערציהונג, ווייל נ א צ י אָ־

נ אַ ל ע ערציהונג מוז זיך קודם כל רעכענען מיט די נ ו י ט ע ן פון דעם אידישען פאָלק.

גיט אויף א ווײלע צו, אז עס ליעגט אין די נ ו י ט ע ן פון אונזער פאָלק צו ענטוויקלען אין איהם וואָס מעהר ו ו ע ל ט ל י כ ק י י ט און וואָס מעהר ו ו ע ל ט ל י כ ע אינסטינקטען און נייגונגען, און די טהעזען פון העררן ח. ליעבערמאַן וועלען פיהרען צו רעזולטאַטען, וואָס זענען פונקט דער היפך פון יענע, וועלכע ער וויל ארויסברענגען.

„דער קאַמף צווישען דער אידישער אמונה און דער וועלטליכקייט איז שוין ביי אונז לאַנג איינגעשטילט,“ פערזיכערט הערר ליעבערמאַן. יע! אָבער הערר ליעבערמאַן הויבט איהם מיט זיינע טהעזען ווידער אויף.

„די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שוהלע טאָר ניט פארזייהען קיין קערנער פון דיסהארמאָניע אין דעם הארצען פון אידישען קינד צו זיין פאָלק“ (ז. 6).

אָן אַלטער ריין־שאָוויניסטישער כלל! און אויב דאָס גאנצע לעבען פון דעם פאָלק איז אין דיסהארמאָניע מיט די פאָדערונגען פון דעם ראַדיקאַלען געדאַנק טאָרען מיר אויך יעמאָלט ניט אוועקשטעלען אונזערע קינדער אין דיסהאַרמאָניע מיט זיין לעבען? וואָס דען זאָל זיין די אויפגאַבע פון אונזער נאַציאָנאַל־ר אַ ד י ק אַ ל ע ר ערציהונג, אויב ניט די אויפציהונג פון א דור, וואָס זאָל ק ע מ פ ע ן פאר די פאָדערונגען פון דעם מענשליכען פראָגרעס אין דעם לעבען פון דעם אייגענעם פאָלק, וואָס זאָל נעהמען אויף זיך די א ח ר י ו ת פאר דאָס אייגענע פאָלקס־לעבען, אַז עס זאָל ניט געהן להיפך צו די העכסטע אידעאַלען פון דער מענשהייט?

היינט קומט צו אונז א רעליגיעזער ראָמאַנטיקער, דערקלעהרט, אז די טבע פון דעם אידישען פאָלק איז א רעליגיעזע, און פאָדערט, אז די אידישע ערציהונג זאָל ניט געהן אין דיסהאַרמאָניע מיט דער אידישער רעליגיע. מאָרגען וועט צו אונז קומען א שאָוויניסטישער נאַציאָנאַל־עקאָנאָם און וועט צו אונז רעדען אין דעם סטיל פון העררן ליעבערמאַן בזה הלשון:

— דאָס אידישע פאָלק איז בעגאַבט מיט א שטאַרקער

עמפּפינדליכקייט פאר דאָס אלטע־הויזען־הענדלערישע און דאָס סאָ־דאָ־וואסער־שטענדליכע אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען און איז דעריבער בטבע גענייגט צו א סוחר׳ישען, מקח־וממכר׳דיגען פער־טיעפען זיך אין דעם זין פון אלע סאָציאלע פּראָבלעמען. מיר טאָהרען ניט פערזייהען קיין קערנער פון דיסהאַרמאָניע אין דעם הארצען פון אידישען קינד צו זיין פאָלק, און דעריבער — אוועק מיט די סאָציאליסטישע ארבייטס־אידעאלען און מיט דער סאָציאַ־ליסטישער קריטיק פון דעם מקח וממכר!

און דאָס רופט זיך „ראדיקאל“!

אונזערע קינדער דארפען ערצויגען ווערען אין דעם חוב צו דיענען זייער אייגענעם פאָלק אין דעם זין פון אונזערע ראדיקאלע אידעאלען. זיי ווילען אין א סך פונקטען מ ו ז ע ן אוועק גע־שטעלט ווערען אין דיסהאַרמאָניע צו דער גאנצער הערשענדער וועלט און אויך צו דעם אידישען פאָלק.

„נאָך גרעסער ווערט די נאַציאָנאלע בעדייטונג פון דער אי־דישער רעליגיע ווען מען בערעכענט, אז זי איז געווען אן אָרי־גינעלע שעפּפונג פון דעם אידישען פאָלק, פון איהם אליין געשאַפען און ענטוויקעלט, ניט ווי קריסטענטום, למשל, ביי די קריסטליכע פעלקער, וואָס זיי האָבען אויפגענומען פון דרויסען“ (ז. 10)

אודאי צום הונדערטסטען מאָל אין מיין לעבען הער איך אָט דעם ארגומענט, פאר וואָס מיר אידען, דארפען זיך שטעלען צו דער אידישער רעליגיע אנדערס, איידער די איבריגע פעלקער צו זייערע רעליגיעס: אונזער רעליגיע איז ביי אונז אן אייגענע און זייערע רעליגיע האָבען זיי „אויפגענומען פון דרויסען“.

איך וויל זיך דאָ ניט אריינלאָזען אין דער היסטאָרישער חקירה, אויף וויפיעל די אידישע רעליגיע איז, אין איהר איצטיגער געשטאלט, דורכאויס „אן אָריגינעלע שעפּפונג פון דעם אידישען פאָלק“ און אויף וויפיעל דאָס קריסטענטום ביי די קריסטליכע פעלקער איז, לויט זיין איצטיגען אינהאלט, דורכאויס „אויפגע־נומען פון דרויסען.“

איך וויל נאָר, מען זאָל מיר געבען צו פערשטעהן איין זאַך: איידער די קריסטליכע פעלקער האָבען אויפגענומען פון דרויסען דאָס קריסטענטום, האָבען זיי דאָך געהאט זייערע אייגענע נ אַ־

צ י אָ נ אַ ל ע רעליגיעס, פון זיי אליין „געשאפען און ענטוויקעלט". ווי אזוי האָבען זיי זיך דאָס געקאָנט אָבזאָגען פון זייערע נאציאָנאלען הייליגטהום? ווי אזוי האָבען זיי געקאָנט אריבערנעהמען עפּעס פרעמדעס? און אויב זיי האָבען געקענט זיך ניט רעכענען מיט דער נאציאָנאלער בעדייטונג פון זייער רעליגיע, פאר וואָס מוזען מיר זיך רעכענען מיט דער נאציאָנאלער בעדייטונג פון אונזערער?

וואָלט איך געווען א פרומער איד, וואָלט איך געהאט דערויף א פשוט'ן תירוץ: יענע האָבען ג ע מ ע ג ט זיך אָבזאגען פון זייערע גלויבענס, ווייל די גלויבענס זייערע זענען געווען פ אַ ל ש ע. מיר אָבער טאָהרען זיך ניט אָבזאָגען פון אונזער אמונה, ווייל זי איז אן אמת'ע. דאָס וואָלט געווען אן אויסגעצייכענטע דערקלעהרונג, אָבער אויך זי וואָלט אין גאנצען צוקלאַפּט די פּאָזיציע פון הערן ח. ליעבערמאַן, און די וואָס דענקען אזוי, ווי ער.

ניט דערפאר איז דעם אידען טייער זיין גלויבען, ווייל דאָס איז אַן אָריגינעלע שעפּפונג פון דעם אידישען פאָלק": „מתחלה עובדי עבודה־זרה היו אבותינו". די ערשטע אָריגינעלע שעפּפונג פון דעם אידישען פאָלק איז געווען א געצענדיענסט. נאָר דערפאר איז זיין אמונה דעם אידען טייער, ווייל ער גלויבט, אז זי איז דער א מ ת, דער ריכטיגער אויסדרוק פון דעם געטליכען ווילען. דער אידישער גלויבען איז ניט דערפאר א מיוחס ביי אונז, ווייל דאָס אידישע פאָלק האָט איהם אויסגעארבייט, נאָר דאָס אידישע פאָלק איז דערפאר ביי דעם רבונו של עולם אזא מיוחס, וואָס ער איז אויסערוועהלט געוואָרען צו זיין דער טרעגער פון דער אידישער רעליגיע.

מיר ווייסען גאנץ גוט, אז די אידישע רעליגיע איז א פּראָדוקט פון דעם אידישען פאָלק און אז אין איהר האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט זיינע מענשליכע נויטען און זיינע נאציאָנאלע נויטען. אָבער אויך ביי די אנדערע פעלקער האָבען די נאציאָנאלע רעליגיעס געשפּיעלט די זעלביגע ראָליע. דאָס האָט זיי, די נאציאָנאלע רעליגיעס, מיין איך, ניט געמאכט צו אזא קודש קדשים, אז דער פּראָגרעסיווער געדאנק זאָל תמיד דארפען שטעהן פאר זיי אויף די קניה.

פאַר וואָס מוזען מיר זיין אַן אויסנאַהם אין דעם פּרט?

„עס וועט קיין געשיכטס־שרייבער און קיין געשיכטס־געלעהר־טען ניט איינפאַלען, צו איגנאָרירען קריסטענטום אַלס קראַפט און פאַקטאָר אין דעם לעבען פון דיזע פעלקער, נאָר דערפאַר וואָס ער, דער געשיכטס־שרייבער אָדער געלעהרטער איז אַליין ניט קיין רעליגיעזער. לאָמיר אַקאָרשט פּרובען, אויף ציקאָווועסט, זעהן וואָס עס פּאַסירט, ווען מיר פערדרענגען די רעליגיאָן אין אונזער ערצי־הינג אָדער אפילו ווען מיר נעהמען נאָר צו עטוואָס פון איהר־חשיבות אַלס ווירקענדע קראַפט אין אונזער לעבען" (ז. 11).

מיר וועלען דאָס באַלד „פּרובען, אויף ציקאָווועסט זעהען". דערווייל וואָלט איך בעטען, מען זאָל מיר פאַר־איין־וועגס דער־קלעהרען נאָך אַ זאַך:

קיין געשיכטס־שרייבער א. ז. וו. איגנאָרירט ניט דאָס קרים־טענטום אַלס קראַפט און פאַקטאָר אין דעם לעבען פון פעלקער. אָבער פאַר וואָס איז דאָס אַזוי, אַז קוים איז דער געשיכטס־שריי־בער אַליין ניט קיין רעליגיעזער מענש, קעמפט ער, אין איינעם מיט אַלע אַנדערע פּראָגרעסיווע מענשען, אַז די רעליגיע זאָל פערדרענגט ווערען פון דער ערציהונג? פאַר וואָס טרעט ער ארויס, אין איינעם מיט זיי, אַזוי שאַרף אַנטקעגען דעם קלעריקאַליזם, וואָס וויל אַז די רעליגיע זאָל ניט פערליערען „פון איהר חשיבות אַלס וויר־קענדע קראַפט אין לעבען"? פאַר וואָס ווייס מען ביי די אומות העולם גאַנץ גוט די נפקא מיניה צווישען „ראַדיקאַל" און „קלע־ריקאַל"? פאַר וואָס זאָל הערר ח. ליעבערמאַן זיך ניט בעסער רו־פען: „נאַציאָנאַל־קלעריקאַל" און די ערציהונג וואָס ער וויל געבען אונזערע קינדער — „די נאַציאָנאַל־קלעריקאַלע"?

---

און איצט „לאָמיר אַקאָרשט פּרובען אויף ציקאָווועסט, זעהען, וואָס עס פּאַסירט, ווען מיר פערדרענגען" וכו'

„קודם כל, וואָס וועט דאַן זיין, אין די אויגען פון אונזער קינד, דער ברייטער שטריך, די גרונדלאַגע פון דעם כאַראַקטער פון

דעם אידישען פאָלק?... ביי דעם אידישען פאָלק איז דיעזער כאַ־ראקטער־שטריך זיין רעליגיעזע נאַטור... פערדרענגען (מיר) דעם רעליגיעזען עלעמענט... ווי אזוי וועט עס וויסען, וואָס מיר זענען אין אמת׳ען, אין אונזער טיעפער, טיעפער נאַטור?" (ז. 11—12).

אַקוראַט, ווי הערר ליעבערמאַן, אָדער ווי ווער עס איז אַן אַנ־דערער קאָן אין דער אמת׳ען וויסען, וואָס איז אונזער „טיעפע, טיעפע נאַטור!" די וויסענשאַפט פון די פעלקער איז נאָך אזוי יונג, אז וועגען קיין פאָלק אין דער וועלט קאָן נאָך קיינער ניט וויסען אויף קלאָר, וואָס דער גרונד־שטריך פון זיין כאראקטער איז.

מעהר, איידער אינדיווידועלע היפּאָטהעזען קאָן מען אויף דעם פעלד נאָך ניט האָבען. מיין אינדיווידועלע היפּאָטהעזע איז, צום ביישפּיעל, אז דער גרונד־שטריך פון דעם אידישען פאָלק איז ניט זיין רעליגיעזע נאַטור, נאָר זיין סאָציאַל־עטי־שע, וואָס ווייזט זיך ארוים, סאי ביי דעם פרומען ישעיה, סאַי ביי דעם אטעאיסטען קארל מארקס.

דער געדאנק פון דעם אידישען פאָלק האָט תמיד געאַרבייט אויף דעם פּראָבלעם, ווי אזוי מאַכט מען, אז מענשען זאָלען לעבען ווי ברידער אין די גרעניצען פון איין פאָלק, און אלע פעלקער זאָלען לעבען ווי ברידער אין די גרעניצען פון איין מענשהייט.

אָט דער „שבת־אחים"־אידעאַל איז אַ ריין אידישער פּראָ־דוקט, און איז אַ סך כאראַקטעריסטישער פאַר אונזער פאָלק, איי־דער זיינע ריין רעליגיעזע פּראָדוקטען, אין וועלכע ער איז ניט בעזונדערס אָריגינעל.

איך וואָלט געקאָנט אויפווייזען אויף נאָך אַנדערע כאַראַק־טער־שטריכען פון אונזער פאָלק, וואָס האָבען אַן אומגעהויערען ווערטה פאַר דער מענשהייט און האָבען גאָר ניט צו טהאָן מיט דער איבערנאַטירליכער מיסטיק.

אָבער — ווי געזאָגט: דערווייל זענען דאָס אַלץ אינדיווי־דועלע היפּאָטהעזען. קיינער איז ניט מחויב צו גלויבען אין זיי, און דאָס אידישע קינד וועט אַקוראַט אזוי וועניג אָדער אזוי פיעל פערליערען, ווען די שוהלע וועט איהם ניט קאָנען אַנטפּלעקען „דעם גרונד־שטריך פון דעם אידישען פאָלק" (אַ קלייניגקייט, וואָס

הערדן ליעבערמאַנען האָט זיך פּערוואַלט!) ווי וועניג אָדער וויפיעל עס פּערלירט יעדעס קינד פון יעדען אַנדער פאָלק, ווען ניט נאָר די פאָלקס־שוהלע, נאָר אפילו די גאַנצע וויסענשאַפט פון זיין צייט קאָן איהם ניט אויסזאָגען יענעם סוד.

איך לאָז דורך אַ פּאָר שטעלען, וואָס זענען ניט מעהר ווי אַ וואַריאַציע אויף דעם זעלביגען פאַלשען געדאַנק, אַז דאָס אידישע פאָלק איז אַן אָרגאַניזם, וואָס אַרבייט אויס אַזאַ מין באַלזאַם, וועלכען קיין אַנדער פאָלק קאָן ניט אויסאַרבייטען: די רעליגיע.

איך געה איבער צו יענע שטעלען, וואו עס ווערט אַרויסגעזאָגט עפּעס נייעס.

„וואָס איז דאָ נאָך שעהנערס וכו' ווי דער קדוש השם, אָט דיעזער ענטהוזיאַזם פאַר אַן אידעע וכו'? ווי אַזוי וועט מען דאָס קענען ערקלערען אויף אַ ראַציאָנאַלען שכל'דיגען אופן, אַ דער שכל קען עס גאָר ניט בענעהמען? (!) דער ראַציאָנאַליזם וועט אייך לערנען פּונקט פערקעהרט, אַז אַזאַ זאַך איז אונמעגליך (!), ווייל עס איז אַ נאַטור־געזעץ פאַר יעדער לעבעדיגער זאַך איבערצוגעהן אַלע גרעניצען, זיך צו דערהאַלטען, אבער ניט לאָזען אויסדריקליך זיך אומברענגען, אבער דער קדוש השם איז פאָרט אַ פאַקט אין דער אידישער געשיכטע." (ז. 15).

קיין מענש וועט ניט קאָנען בענעהמען מיט זיין שכל, וואָס הערר ליעבערמאַן וויל דאָ אַרויסברענגען מיט דעם פּונקט. מען קאָן ניט דערקלעהרען דעם פאַקט פון מסירות נפש פאַר אַן אידעע, כאַידען מען גיט צו, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט? מסירות נפש, ווי אַ נייער גאָט־בעוויין? אָדער זאָל דערפון געדרונגען ווערען, אַז נאָר פאַר רעליגיעזע אידעען קאָן זיך איינער מוסר־נפש זיין? און וואָס וועט איהר טהאָן מיט די דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ'ס און מיט פיעל אַנדערע רעוואָלוציאָנערען און אַטעאיסטען, וואָס זענען פאַר זייערע אידעאַלען פריידיג געגאַנגען אין טויט?

און — דוכט מיר — דער ניט־רעליגיעזער מסירות־נפש איז אַ סך, אַ סך ערהאַבענער איידעל דער רעליגיעזער, ווייל פאַר דעם גלויביגען איז דער גאַנצער קודש השם, ניט מעהר ווי אַ קליינע אָפּעראַציע, אַן ע פּ י ז אָ ד אין דעם זיין פון זיין אייביגער

נשמה, בעת פאר דעם ניט־גלויביגען איז דאָס „דער סוף־כל־סוף׳יי־גער סוף" פון זיין לעבען און זיין.

כדי צו דערקלערען, ווי אזוי מענשען גערען אין טויט פאר זייערע אידעאלען און גלויבונגען, — דערצו דארף מען ניט האָבען קיין רעליגיעזען עלעמענט. דער „ראַציאָנאַליזם" גענוגט אבסאָלוט ניט להיפך צו דעם, און יעדער מענשליכער מוח קאן דאָס בענעהמען.

„אָהן דעם רעליגיעזען עלעמענט וכו' ווי וועט זיך ערקלערען, לאָמיר אָנכאפען אזא זאַך, ווי דער קאַמף פון די חשמונאים?"

וועט איהר ענטפערן הערען ליבערמאַנען: אפשר, דערקלערען דאָס, ווי א קאַמף פאר נאַציאָנאַלע פרייהייט און אונאבהענגיג־קייט פון דעם אידישען פאָלק? חלילה וחס! „וואָס איז דען געווען דער פונקט, ביי וועלכען עס האָט געפּלאַצט די געדולד פון פאָלק אין דעם מאַקאַבייער אויפשטאַנד?... ווען דער שונא האָט זיי גע־וואָלט צווינגען צו פעלשען אין זייער גאָט און מקריב זיין א חזיר פאר א קרבן, דאָ איז שוין די מאָס פאַרפול געוואָרען און א רע־וואָלוציאָן האָט זיך צופלאַקערט" (ז. 16).

איך וויל זיך דאָ ניט אריינלאָזען אין א ויכוח, וועגען די ווירק־ליכע אורזאכען און פאַקטאָרען פון דעם חשמונאים־אויפשטאַנד. איך גלויב, אז אויך דאָ האָט די רעליגיע געשפּיעלט א סך א קלע־נערע ראָליע, איידער די אָפיציעלע קוועלען, וואָס שטאַמען פון קלעריקאַלע הענד, בעשרייבען דאָס.

אָבער דאָס איז א ספק אין דער געשיכטס־פילאָסאָפיע, וועל־כען מיר קאָנען לאָזען אָן א זייט. א ו י ב עס זאָל זיך ארויס־ווייזען, אז דער טרייבענדער מאָמענט אין דעם אויפשטאַנד איז געווען דער חזיר פאר א קרבן, ד. ה., דער ריין רעליגיעזער, און ניט די פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט פון פאָלק און לאַנד, וועט טאַקי דער חשמונאים־קאַמף אראָבפאַלען פון יענע מענש־ליכע הויך, אויף וועלכע די פאָרשונג האָט איהם אין דער לעצטער צייט אויפגעהויבען, און וועט אראָבזינקען צו דער מדרגה פון א פאַ־נאַטיקער־רעוואָלט, מיט וועלכען מיר קאָנען סימפּאַטיזירען נאָר אויף אזוי ווייט, אויף וויפיעל ער האָט געקעמפט אַנטקעגען פער־גוואַלטיגונג פון דעם אנדערענס איבערצייגונגען.

צו דעם ערציהונגס־פּראָבלעם האָט דאָס קיין ברעקעל שיכות ניט. מיר קאָנען ניט ווערען רעליגיעז אָדער נתפּעל ווערען פון דער אידישער רעליגיע בלויז דערפאַר, וואָס אונזערע עלטערן איז רעכט געווען צו לעבען ווי שקלאַווען, אבי מען זאָל זיי ניט צווינגען צו ווערען אונטריי זייער גלויבען.

---

„נעהמט מען אוועק דעם רעליגיעזען כאראקטער פון אזא קאמף, ווי דער מאקאבייער אויפשטאנד, איז מעג מען עס אפילו ערקלערען פאר א פרייהייטס־בעוועגונג אין מאָדערנעם זין, ווערט דאָך דורכדעם די העכערע (?) אידעע פון דער געשעהעניש אוועקגענומען... ווען מיר ציהען... ארונטער דעם מאקאבייער קאמף צו דער ניעדער (!) פון אזא קאמף, ווערט די אידעאלע זייט פערלאָרען, (?) ווערט דורך דעם א גרויסע הייליגע בעוועגונג — פ א ר ב ר ו ט א ל י ז י ר ט (!!), (ז. 17).

קומט איהר אין דעם ביכעל פון העררן ח ליעבערמאן צו אָט דער שטעל, יעמאָלט בלייבט אייך שוין גאָר נישט איבריג, ווי... א שמייץ צו טהאָן דאָס ביכעל אונטער'ן טיש.

ניט דערפאר ווערט איהר אזוי נערוועז, וואָס הערר ליעבערמאַן האָט אזעלכע אנשויאונגען: עס זענען ביי אלע פעלקער דאָ קלעריקאל־געזאָנענע פארשוינען, וואָס האלטען, אז אָבהיטען אונזיניגע רעליגיעזע געבאָטען אין גאָט'ס נאָמען איז א סך אן ערהאבענערע זאך איידער דער מענשליכער קאמף פאר פרייהייט. מעג אויך דער נאציאָנאל־קלעריקאלער הערר ליעבערמאַן גלויבען, אז ניט־וועלען מקריב זיין א חזיר פאר א קרבן איז גאָט וויים, וואָס פאר א טיעפע הייליגקייט, בעת קעמפען פאר רעכט און פרייהייט איז „ב ר ו ט א ל." (!)

אָבער דערפון פלאצט אייער גדולה, וואָס אזעלכע אנשויאונגען ווערען ארויסגעזאָגט אויף א צוזאמענפאָהר פון נ א צ י אָ נ א ל ־ ר א ד י ק א ל ע ש ו ה ל ע ס, ווערען ארויסגעזאָגט ווי א רעפעראט, אויף דעם גרונד פון וועלכען עס ווערען אָנגענומען רעזאָלוציאָנען און פּרינציפּען־ערקלעהרונגען.

צו דער עהרע פון דעם צונויפפאָהר מוזען מיר אבער מיט־טיילען, אַז די רעזאָלוציע, וועלכע זי האָט אָנגענומען, שפּיגעלט לחלוטין ניט אָב די קלעריקאַל־שאָוויניסטישע אנשויאונגען פון העררן ח. ליעבערמאַן.

„די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע ערציהונג," זאָגט די רעזאָלוציע, דאַרף ענטוויקלען אין די קינדער א געזונטען בליק אויף דער אי־דישער רעליגיאָן, בעטראַכטענדיג איהר (זי) פון א קולטור־היסטאָ־רישען שטאַנדפּונקט. די לעהרער דאַרפען זיך בעמיהען אַרויסצו־ברענגען פאַר די קינדער די נאַציאָנאַל־עטישע און פּאָעטישע זייטען פון דער אידישער רעליגיאָן." (ז. 32).

ווי אַזוי הערר ליעבערמאַן האָט געקאָנט קומען צום שלום, אַז די רעזאָלוציע, וואָס וויל גאָרנישט ניט וויסען פון דעם רעליגיעז־מיסטישען אינהאַלט אין אונזער רעליגיע און בעטראַכט זי נאָר פון א קולטור־היסטאָרישען שטאַנדפּונקט, — אַז אַזא רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרען „אויפ'ן גרונד פון דעם אָביגען רעפע־ראַט", איז פאַר מיר א חדוש נפלא.

# די אַרבייטער און דאָס פאָלק.

אויב ס'איז אמת וואָס מיר גלויבען, אַז דאָס אידישע פאָלק איז אקוראַט אַזאַ פאָלק, ווי אַלע אַנדערע פעלקער, — ניט קיין „אתה בחרתנו“, אָבער חלילה אויך ניט קיין פערשאָלטענע אומה, — איז יעמאָלט האָבען מיר אַ רעכט צו האָפען, אַז די אידישע ארבייטער־שאַפט וועט שפּיעלען דיזעלביגע פּראָגרעסיווע ראָליע אין דער אי־דישער געשיכטע, וואָס יעדע אַרבייטערשאַפט שפּיעלט אין דעם לע־בען פון אַ מאָדערנעם פאָלק. אויך ביי אונז וועט דער ארבייטער־קלאַס איבערנעהמען די פיהרער־ראָליע אין דער פּראָגרעסיווער ענט־וויקלונג און צוציהען צו איהר פאָהן אַלע דעמאָקראַטישע עלעמענ־טען פון דער אידישער בעפעלקערונג. אויך ביי אונז וועט די אר־בייטערשאַפט ווערען אַקוראַט אַזוי טריי צו די אינטערעסען פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק, צו די אינטערעסען פון „כל־ישראל“, ווי די דייטשע ארבייטער זענען טריי צו דעם פּרינציפּ פון „כלאשכנזי“ און די פראַנצויזישע אַרבייטער זענען איבערגעבען צו דער אידעע פון „כל־צרפתי“.

מיט אַנדערע ווערטער הייסט דאָס, אַז אויך די אידישע אר־בייטער וועלען ווערען אַקוראַט אַזוי נאַציאָנאַל, ווי די ניט אידישע; אַז אויך זיי וועלען קעמפּפען פאַר דער עקזיסטענץ און ענטוויקלונג פון זייער פאָלק, ווי דאָס טהוען די ארבייטערשאַפטען פון אַלע אַנ־דערע אומות; אַז אויך זיי וועלען האָבען געמיינזאַמע אויפגאַבען מיט דער אידישער בורזשואַזיע, נאָר זיי וועלען יענע אויפגאַבען פערשטעהן אין די וויכטיגסטע פּרטים גאַנץ אַנדערש, איידער דאָס טהוט די בורזשואַזיע און זיי וועלען זיך אָפט פאַנאַנדערגעהן מיט דער בורזשואַזיע אין די מ י ט ל ע ן, ווי אַזוי צו דערגרייכען די בשותפות'דיגע ציעלען.

בנוגע צו די אומות העולם איז אָט דער געדאַנק שוין אַ ברע־קעל ניט ניי. ער איז דער אלף־בית פון פּראָלעטאַרישער פּאָליטיק.

„די פּראָלעטאַריער קעמפען־מיט דעם קאַמף פון דער בורזשואַזיע, אָבער זיי טהוען עס אין אייגענעם גייסט“, שרייבט א בר׳סמכא אין דעם פּראָלעטאַרישען נאַציאָנאַליזם, קאַרל רענער (זעה זיין אַרטי־קעל: „דער קריעג און דער פּראָלעטאַרישער נאַציאָנאַלער געדאַנק“, אין דעם „אידישען סאָציאַליסט“ פון דעם 1טען מאַרטש). „עס איז ניט אמת“, זאָגט ער אין דעמזעלביגען אַרטיקעל, „אַז דער פּראָ־לעטאַריאַט איז אין זיין מאַסע ווען עס איז געווען אוננאַציאָנאַל“; „ביים פּראָלעטאַריאַט איז דער נאַציאָנאַליטעטען־פּרינציפּ נאָך עד היום א ווירקענדע קראַפט“.

ביי אונזערע סאָציאַליסטען איז דער געדאַנק נאָך ניט אריין אין פלייש און בלוט, און דאָס רוב סאָציאַליסטישע פיהרער אונזערע בע־טראַכטען איהם נאָך, ווי א געפעהרליכע אפּיקורסות. אין דעם־זעלביגען נומער „אידישער סאָציאַליסט“, וואו עס איז אָבגעדרוקט קאַרל רענער׳ס אַרטיקעל, פערזיכערט הערר אָלגין, „אַז אין אונ־זערע רייהען איז ניטאָ קיינער, וואָס זאָל שטעלען אזא אויפגאַבע פאַר דעם אַרבייטער־קלאַס“, ווי „דערהאַלטען די אומה ביים לעבען“ (זעה זיין אַרטיקעל: „וועגען א אידישען קאָנגרעס“).

לײדער זאָגט אונז ניט הערר אָלגין, וועמען ער מיינט דאָ מיט „אונזערע רייהען“ („אנשי שלומנו“). די אידיש־סאָציאַליסטישע פעדעראַציע דער „בונד“? אָבער אין ביידע קערפּערשאַפטען זענען דאָ געװיסע מענשען, וואָס שטעהען אויף דער הויך פון דער מאָ־דערנער פּראָלעטאַרישער ענטוויקלונג און ווייסען גאַנץ גוט, אַז די וויכטיגסטע פאָדערונג פון דעם „נאַציאָנאַליטעטען־פּרינציפּ“, וואָס „איז נאָך עד היום א ווירקענדע קראַפט ביי דעם פּראָלעטאַריאַט“, דאַרף זיין דער „קיום הלאום“, דאָס „דערהאַלטען די אומה ביים לע־בען“. בעסער פון אַלעמען וואָלטען צו הערר אָלגין׳ס „אנשי שלומינו“ געפּאַסט יענע אַסימילאַטאָרישע סאָציאַליסטען אונזערע, וואָס גרופּירען זיך אַרום דעם „פאָרווערטס“.

על־כל־פנים קאָנען מיר אָבער געוויס צוגעבען הערר אָלגין׳ען, אַז דאָס רוב פון אונזערע בעוואוסטזיניגע סאָציאַליסטען ווילען ניט אָנהויבען זיך צו אינטערעסירען זיך מיט אזוינע נאַציאָנאַלע פּראָ־בלעמען, וואָס האָבען אין זיך די עקזיסטענץ און די ענטוויקלונג פון דעם גאַנצען אידישען כלל, און אַז די מאַיאָריטעט פון דער אידי־

שער ארבייטערשאַפט שטעהט אַלץ נאָך אונטער דער גייסטיגער השפּעה פון יענע פיהרער, ביי וועמען עס געהט דורך אַ שוידער איבער'ן לייב, ווען זיי דערהערען פון פּראָבלעמען וואָס האָבען אַ שייכות צו „כל־ישראל".

ווי אַזוי איז דאָס צו דערקלעהרען? פאַר וואָס שטעלט זיך די אידישע ארבייטערשאַפט אַנ'טקעגען'ס צו דעם אידישען פאָלק, איי־דער דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט צו דעם דייטשען, איידער דער פראַנצויזישער צו דעם פראַנצויזישען? זענען מיר אַן „אתה־בחרתנו"־פאָלק און אונזער פּראָלעטאַריאַט איז דער צדיק צווישען די פּראָלעטאַריאַטען, וואָס טראַכט נאָר, — ווי דאָס שיקט זיך פאַר יעדען „צדיק", — וועגען דעם אייגענעם „ביטול היש? אָדער זע־נען מיר אַ פערשאָלטענע אומה, און דעריבער מוזען דוקא די פּראָ־גרעסיווסטע עלעמענטען אונזערע אומקעהרען זיך צו איהר מיט'ן רוקען?

לא האָ ולא האָ! אין די וויכטיגסטע פּרטים פון דער געזעל־שאַפטליכער ענטוויקלונג זענען מיר גיט קיין אויסנאַהם פון אַלע אַנדערע פעלקער, ניט צום גוטען און ניט צום שלעכטען. די צרה מיט אונז איז נאָר, וואָס מיר זענען, אַ דאַנק געוויסע אומשטענדען, איינס פון די אָ ב ג ע ש ט א נ ע נ ס ט ע פעלקער פון דער ציוויליזירטער וועלט. ענטוויקלונגס־פּראָצעסען, וואָס האָבען ביי די פּראָגרעסיווע אומות העולם שוין דערגרייכט זייער ענד־פאַזע, טרע־טען ביי אונז ערשט אריין אין לעבען, און פּראָבלעמען, וואָס האָבען שוין אומעטום געפונען זייער ענדגילטיגען ענטפער, ווערען ביי אונז ערשט געשטעלט אויף דער טאָגעס־אָרדנונג.

נעהמט יענעם פּראָצעס, וואָס האָט פאַנאַנדערגעשפּאָלטען די נאַציע לחוד און די רעליגיע לחוד, אָדער יענעם פּראָצעס, וואָס האָט געפיהרט דערצו, אַז די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון אַ פאָלק זאָל זיין ניט יענער טויטער לשון, אויף וועלכען עס האָבען אַמאָל געשריבען די געלערנטע און אויף וועלכען עס קלינגען נאָך עד היום די ליטור־גיעס אין די קירכען, נאָר דוקא די לעבעדיגע גערעדטע שפּראַך פון די פאָלקס־מאַסען, — ווי לאַנג־לאַנג איז דאָס, ווען די פּראָגרעסיווע פעלקער האָבען אויך געהאַט צו טהאָן מיט די דאָזיגע פּראָבלעמען; וויפיעל דורות זענען שוין אַריבער, זינט יענע פּראָבלעמען זענען

פאַר זיי פערענטפערט געוואָרען אויף אייביג. און מיר שטעקען נאָך אין רעכטען מיטען פון זיי, און דער קאַמף פאַר זיי ברענט זיך ערשט איצטער פאַנאַנדער.

פאַר דעם, וואָס האָט נאָר אַ ברעקעל השגה פון די גרונד־געזע־צען, וואָס בעהערשען דאָס היסטאָרישע לעבען און די פערווירקליכונג פון דעם מענשליכען פראָגרעס, קאָן קיין שום ספק ניט זיין, אַז פריי־הער אָדער שפעטער, וועלען מיר אויך דאָ אָניאָגען די אומות העולם. אונזער נאַציאָנאַלעס לעבען וועט לחלוטין און לגמרי בעפרייט ווע־רען פון וועלכע עס איז רעליגיעזע עלעמענטען, וואָס וועלען ווערען אַ ריינער „רשות היחיד" פון יעדען איינצעלנעם אידען, אין וועלכע קיין אַנדער איד וועט ניט האָבען קיין רעכט אריינצושטעקען זיין נאָז; און אונזער נאַציאָנאַלע שפראַך וועט ווערען ניט יענער ספר־לשון, וואָס ווערט געברויכט פון דעם געלערנטען, און ניט יענער מחזור־לשון, וואָס ווערט אָנגעווענדעט אין די סינאַגאָגאַלע תפילות, נאָר יענע לעבעדיגע אידישע שפראַך, וואָס ווערט גערעדט פון די מאַסען. — דיזעלביגע פאָדערונגען פון דעם פראָגרעסיווען לעבען, וואָס האָבען מיט הונדערטער יאָהרען צוריק דאָס דורכגעפיהרט ביי אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט, וועלען צווינגען אויך דאָס אי־דישע פאָלק צו פערענטפערען אויף דעמזעלביגען אופן זיינע פראָ־בלעמען פון „נאַציע און רעליגיע" און „נאַציע און שפראַך".

מחמת דעמזעלביגען טעם מוז אויך די שטעלונג פון דער אידי־שער אַרבייטערשאַפט צו דעם אידישען פאָלק דורכמאַכען אַן איינ־וועניגסטע רעוואָלוציע, וואָס וועט זי אַוועקשטעלען אויף דערזעל־ביגער הויך, אויף וועלכער עס שטעהען אַלע אַנדערע אַרבייטער־שאַפטען פון אַלע אַנדערע פראָגרעסיווע פעלקער.

די אידישע אַרבייטערשאַפט איז שוין איצטער אריינגעטראָ־טען אין יענער ענטוויקלונגס־פאַזע פון דעם פראָלעטאַריאַט, ווען עס וואַקסען אויס פאַר איהם די פראָבלעמען פון נאַציאָנאַליזם און קאַפ־מאַפאָליטיזם, און אויך אין דעם לעבען פון דער אידישער אַרביי־טערשאַפט הויבען זיך שוין אָן אָבצושפיעלען יענע פראָצעסען, וואָס האָבען אומעטום געפיהרט צו דער נאַציאָנאַליזירונג פון דעם פראָ־לעטאַריאַט.

אין דעם אָנהויב פון איהר פאָליטישער ענטוויקלונג איז די

אַרבייטערשאַפט פון אַלע ציוויליזירטע פעלקער געווען צושפּאַלטען אין צוויי גרויסע לאַגערען: דעם רעאַקציאָנערען, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער השפעה פון דער הערשענדער רעליגיע, און דעם פּראָגרעסיווען, וואָס איז געפיהרט געוואָרען פון אַ וועלכער עס איז עקסטרעם־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. די רעאַקציאָנערע אַרבייטער־שאַפט איז געווען ניט נאָר קירכליך פרום, נאָר אויך נאַציאָנאַל־שאָ־וויניסטיש. „גאָט, פאָטערלאַנד און קיסר!" איז געווען איהר הייליגע דריי־איינינקייט. די עקסטרעם־רעוואָלוציאָנערע ריכטונג, נאָך גאַנץ אונטער דער השפעה פון דעם בורזשואַזען ראַדיקאַליזם, האָט געלייקענט ניט נאָר גאָט, פאָטערלאַנד און קיסר, נאָר אויך יעדען נאַציאָנאַלען געדאַנק אין וועלכער עס איז פאָרם, געלייקענט יעדען נאַציאָנאַלען מהות פון זייער פאָלק, געלייקענט איבערהויפּט די איינטיילונג פון דער מענשהייט אין נאַציאָנען און פעלקער. הייינריך היינע, אַ האַלב בורזשואַזער, האַלב קאָמוניסטישער ראַדיקאַל, האָט אין די דרייסיגער יאָהרען ריכטיג פאָרמולירט די געדאַנקען פון די יעמאָלטדיגע רעוואָלוציאָנערע אַרבייטער־קרייזלעך: „איצטער זעען שוין ניטאָ קיין נאַציעס", האָט ער גע'טענה'ט, „עס זענען נאָר דאָ צוויי פּ אַ ר ט י י ע ן, וואָס קעמפען פאַר זייער הערשאַפט אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען: די פּאַרטיי פון דער היסטאָרישער טראַדיציע און די פּאַרטיי פון דער פערנופט".

אָבער שוין די ערשטע „מאַרקסיסטען" האָבען אין דעם סוף פון די פערציגער יאָהרען אָנגעמערקט יענע פּאָזיציע, אויף וועלכער דער פּראָלעטאַריאַט איז געצוואונגען געווען צו שטעלען זיך אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. אין דעם בעריהמטען „קאָמוניסטישען מאַניפעסט" האָט קאַרל מאַרקס געלערנט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף קוקען אויף זיך, ווי אויף דער „אונגעהויערער מאַיאָריטעט פון דער נאַציע", אַז ער איז „ד י נ אַ צ י ע". פון דער אַנדער זייט האָט ער דערקלעהרט, אַז „דער קלאַסען־קאַמף איז אַ פּ אָ ל י־ ט י ש ע ר קאַמף", ד. ה. אַ קאַמף פאַר אַ בעשטימטען ענטפער אויף אַלע יענע פּראָבלעמען, וואָס האָבען אַ שייכות צו דעם פּאָליטישען לעבען, צ ו ד ע ם ל ע ב ע ן פ ו ן ד ע ם ג אַ נ־ צ ע ן נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ן כ ל ל.

דער אויפבליה פון דעם אינטערנאַציאָנאַל אין די זעכציגער

יאָהרען, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער גייסטיגער שליטה פון קאַרל מארקס און וואָס האָט אָפען פּראָקלאַמירט, אַז ער קעמפט פאַר די זעלבסטשטענדיגע נאַציאָנאַלע ענטוויקלונג אפילו פון דעם קלענסטען פאָלק, האָט דערלאַנגט אַ טויט־קלאַפּ דעם הערשענדען קאָסמאָפּאָליטיזם, וועלכער האָט נאָך מעלה־גירה געווען די שיריים פון דער בורזשואַזער ראַדיקאַלעבץ.

פון יעמאָלט אָן האָט זיך ביי די אייראָפּעאישע פעלקער אָנגעהויבען דער דאָפּעלטער פּראָצעס אין דעם לעבען פון דער ארבייטערשאַפט. פון איין זייט זענען די קירכליך־פרומע מאסען בעפרייט געוואָרען פון זייערע אַלטע רעליגיעזע טראַדיציעס און זענען געוואָרען מעהר און מעהר פרייזיניג, מעהר און מעהר ראַדיקאַל אין דעם סאָציאַלען און דעם פּאָליטישען לעבען. פון דער אַנדער זייט האָבען זיך אין די עקסטרעם־רעוואָלוציאָנערע רייהען גענומען אויסוועפּען די ריחות פון דער אַלטער קאָסמאָפּאָליטישער ראַדיקאַלעבץ. און די ארבייטערשאַפט פון אַלע פעלקער שטעהט איצטער אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע אויף יענער פּאָזיציע, וואָס איז אָנגעמערקט געוואָרען אין דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט“ און וואָס איז אַזוי גלענצענד דערקלעהרט און פערטיידיגט געוואָרען אין די פּרינציפּען פון דעם אינטערנאַציאָנאַל.

דער פּראָלעטאַריאַט איז אומעטום געוואָרען דער פּראָגרעסיווער קלאַס פון זיין פאָלק, וואָס קעמפט קודם כל פאַר דער עקזיסטענץ און דער פּראָגרעסיווער ענטוויקלונג פון זיין אייגענער נאַציע און איז מסכים אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלע פערברידערונג מיט אַלע אַנדערע פעלקער און זוכט די דאָזיגע אינטערנאַציאָנאַלע פערברידערונג נאָר אונטער דעם תּנאַי, אַז דערפון זאָל ניט ארויסוואַקסען קיין סכנה פאַר דער עקזיסטענץ און דער פרייער ענטוויקלונג פון זיין אייגענעם פאָלק.

די אידישע ארבייטערשאַפט אָבער, די קינדער פון אַן אָבגעשטאַנענעם פאָלק, האַלט ערשט אין דעם אָנהויב פון יענעם דאָפּעלטען פּראָצעס, וואָס דאַרף ראַדיקאַליזירען די פרומע ארבייטער און נאַציאָנאַליזירען די ראַדיקאַלע.

מאַרט—אַפּריל 1915

# נאַציאָנאַליזם און קאָסמאָפּאָליטיזם ביי דער אידישער אַרבייטערשאַפט.

אין דעם ארטיקעל: „די ארבייטער און דאָס פאָלק" האָבען מיר אָנגעמערקט, אז ביי די אייראָפּעאישע פעלקער איז געווען א צייט, ווען אין זייער ארבייטערשאַפט האָט זיך אָבגעשפּיגעלט א דאָפּעלטער פּראָצעס. פון איין זייט האָבען די פרומע און נאציאָנאַליסטישע מאסען זיך גענומען בעפרייען פון זייער רעליגיעזע און שאָווינסטישע טראַדיציעס, ניט פערלירענדיג דערביי די איבערגעבענקייט צו די אינטערעסען פון זייער פאָלק. פון דער אנדער זייט האָבען די עקסטרעם־רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען גענומען פערלירען דעם „נאאיווען קאָסמאָפּאָליטיזם", וועלכען זיי האָבען געהאַט בירושה פון דער ראדיקאַלער בורזשואַזיע, בלייבענדיג דערביי טריי צו די אינטערעסען פון דעם אַלגעמיין־מענשליכען פּראָגרעס. אויף אזא אופן האָט די פּראָגרעסיווע ארבייטערשאפט אומעטום דערגרייכט יענע פּאָזיציע, וועלכע זי פערנעהמט איצטער אין דער נאַציאָנאַלער פראגע, — א פּאָזיציע, וואָס קאָן אָנגערופען ווערען „נאַציאָנאַל־ראדיקאַל".

די אידישע ארבייטערשאַפט, — האָבען מיר דאָרט ווייטער בעמערקט, איז, א דאנק דער אַלגעמיינער אָבגעשטאַנענקייט פון דעם אידישען פאָלק, ערשט ניט לאַנג אריין אין דער פאַזע פון יענע גייסטעס־קעמפען, וואָס פיהרען צו דעם זיעג פון דעם נאַציאָנאַלען ראַדיקאַליזם.

דער וואָס איז נאָר אביסעל בעקאַנט מיט דער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק און מיט די געזעצען, וואָס הערשען אין זיין לעבען, וועט מוזען צוגעבען, אז מיר דארפען זיך ניט וואונדערען, ווען יענע גייסטעס־קעמפען וועלען ביי אונז זיין בעזונדערס שטורעמדיג און דער ענד־גילטיגער זיעג וועט קאָסטען צ היבשע סומע

ענערגיע און צייט. שוין ניט רעדענדיג וועגען דעם פאַנאַטישען כאַראַקטער פון אונזער פאָלק, האָבען די בעזונדערע אומשטענדען פון דער אידישער געשיכטע און פון דעם אידישען לעבען געמוזט פיהרען דערצו, אַז אונזערע פרום־נאַציאָנאַלע עלעמענטען זאָלען זיין נאָך מעהר פער׳עקשן׳ט אין זייער רעליגיעז־געפּאַרבטען שאָוויניזם, איידער דיזעלביגע עלעמענטען ביי אַ וועלכען עס איז אַנדער פאָלק, און אַז אויך דער קאָסמאָפּאָליטיזם זאָל זיך האַלטען ביי אונז מיט אַזאַ איינגעשפּאַרטקייט, ווי ערגעץ ניט אין דער וועלט.

דער לעבען אין גלות, אָהן אַן אייגען לאַנד, וואָס וואָלט פון זיך אַליין אויפגעהאַלטען די עקזיסטענץ פון דעם פאָלק, האָט געמוזט אויסאַרבייטען אַ שמירה פאַר דעם „קיום הלאום“ אין דער פאָרם פון אַ ריין נאַציאָנאַלער רעליגיע, מיט שאָוועניסטישע איבערנאַטירליכע האָפנונגען. אין דער אידישער רעליגיע איז דער רעליגיעזער עלעמענט און דער נאַציאָנאַלער אַזוי ענג צונויפגעבונדען אין איינעם, אַז עס דוכט זיך אויס, זיי קאָנען איינער אָהן דעם אַנדערען ניט עקזיסטירען, און קוים לייקענט איהר אָב דעם „יודענטום“, אַזוי ווערט איהר אויך נאַציאָנאַל אויס איד, און צוריק: קוים קאָנט איהר זיך ניט אָברייסען פון אייער פאָלק, קוים זענט איהר ניט מסכים צו דערווערגען אין אייער ברוסט אייער נאַטירליכע צוגעבונדענקייט צו איהם, אַזוי מוזט איהר הייליג אָבהיטען אַלע זיינע רעליגיעזע טראַדיציעס און שאָוויניסטישע האָפנונגען.

די פרום־נאַציאָנאַלע עלעמענטען פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט מוזען דעריבער מעהר ציטערען פאַר יעדען פרייען געדאַנק, איידער דאָס האָבען געדאַרפט טהאָן די קירכליך־נאַציאָנאַלע עלעמענטען פון אַן אַנדער פאָלק. דער דייטשער אָדער דער פראַנצויזישער אַרבייטער, וואָס האָט שוין פון לאַנג אָן געוואוסט, אַז די רעליגיע איז לחוד און די עקזיסטענץ פון זיין פאָלק איז לחוד, האָט ניט געדאַרפט מורא האָבען, אַז, מיט דער צערשטערונג פון דעם רעליגיעזען גלויבען, וועט אויך צערשטערט ווערען יענער פונדאַמענט, אויף וועלכען עס האַלט זיך דער קיום פון זיין פאָלק. דער פרומער אידישער אַרבייטער אָבער, וואָס איז אינסטינקטיוו איבערגעבען צו די אינטערעסען פון זיין נאַציע, וועט, אין זיין אומבעוואוסטען ציטער פאַר דעם „קיום הלאום“, זיך אינסטינקטיוו אָנהאַלטען אָן

דער אידישער רעליגיע און וועט הארטנעקיג קעמפען פאר יעדען שפאן פון איהר שטח. אין דעם נאטירליכען קאמף פאר זיין נאַציאָנאלער עקזיסטענץ וועט ער אָנגעפיהרט ווערען פון בעזונדערע אידעאָלאָגען, וואָס וועלען, ווי א פּאַסטאַר נאומאַן אין דייטשלאַנד, קונציג שפּיעלען אויף די דריי סטרונעס פון דעם פרומען אַרבייטערס נשמה: די טאָג־טעגליכע ארבייטער־אינטערעסען, די אידישע רעליגיע און דער שאָוויניסטישער נאציאָנאליזם.

די אידישע פרומע ארבייטערשאַפט האָט נאָך דערוויילע ניט אזעלכע אידעאָלאָגען און גייסטיגע פיהרער, ווייל אין אונזער אינטעליגענץ פעהלען נאָך די פּובליציסטען, וואָס זאָלען זיין אי איירָאָפּעאיש געבילדעט, אי באמת אָרטאָדאָקס־פרום, אי ערנסט איבערגעגעבען צו די אינטערעסען פון דער ארבייטערשאפט, אי זאָלען קאָנען שרייבען אידיש.

נאָר — זייט זיכער: זיי וועלען נאָך קומען, די אידישע פּאַסטאָר נאומאנס. זיי וועלען נאָך קומען די מאָדערנע, א י י ר אָ פּ ע א י ש  ג ע ב י ל ד ע ט ע  קעלמער מגידים, וואָס וועלען ע ר נ ס ט  גלויבען אין זייערע פרומע רעד, וואָס וועלען גיסען אמת׳ען ברענענדיגען פעך־און־שוועבעל פון זייער הארצען אויף אלע פּאזיציעס פון דעם אידישען ראדיקאלען געדאנק, און וועלען א לאנגע צייט זיין אַן ערנסטע סכנה פאר דער פּראָגרעסיווער ענטוויקלונג פון אונזער פאָלק.

און אקוראט אזוי איינגעשפּארט, ווי די פרום־אידישע מאַסע איז אין איהר רעליגיע, מוז, אויך דער עקסטרעם־ראדיקאלער פליעגעל זיין פער׳עקשן׳ט אין דעם אנטי־נאציאָנאלען, קאָסמאָפּאָליטישען גלויבען זיינעם, ווידער א מאָל מחמת ריין אידישע אומשטענדען.

קודם איז דער ראדיקאלער אידישער ארבייטער א  פ ר י י־ ד ע נ ק ע ר,  וואָס זעהט די גאנצע טומאה פון דער מענשליכער רעאקציע קאָנצענטרירט אין דעם רעליגיעזען גלויבען און וואָס בעטראכט די אידישע רעליגיע פאר דעם אבי־אבות הטומאה, פאר דעם ערגסטען פיינד פון דער פּראָגרעסיווער ענטוויקלונג. היות אָבער ווי דער אידישער נאציאָנאלער געדאנק איז געווען פארבונדען מיט דער אידישער רעליגיע, מוז ער זעהן אין איהם, אין דעם נאציאָנאלען געדאנק, ניט מעהר, ווי דעם טרייען דיענער פון זיין בלוטיגסטען שונא.

מיט וועלכען עס קאן בשום אופן ניט געשלאסען ווערען קיין שום שלום און קיין שום קאמפראמיס. אויף אלע פערזוכען פאנאנדערצושפאלטען די היסטארישע אידעען־פערבינדונג פון רעליגיע און נאציע, — ווי דאס איז געשעהן ביי אלע אנדערע פראגרעסיווע פעלקער, — מוז ער קוקען ווי אויף א בעשטרעבען צו פערבלענדען זיין ראדיקאל־קלארען בליק און אריינצושמוגלען אין זיין הארצען, אין איינעם מיט דער ליעבע צו דעם אייגענעם פאלק, די דאגמען און די פארמען פון דעם איהם פערהאסטען רעליגיעזען גלויבען.

דערנאך זעהט ער, דער גלות־איד, ניט איין, אין וואס עס זאל זיך באמת אויסדריקען דער נאציאנאלער זיין פון דעם אידישען פאלק און צוליעב וואס זאלען מיר עס פערטיידיגען, אז קיין אייגען לאנד האבען מיר ניט, און קיין באלעבאטים אויף דעם אייגענעם שיקזאל קאנען מיר אויך ניט זיין, און אז יעדער טאג פון אונזער גאנץ איבערפליסיגער נאציאנאלער עקזיסטענץ איז פערבונדען פאר אונז מיט אזוי פיעל אומפערדיענטע ליידען, מיט אזוי פיעל בארבארישע בעליידיגונגען און רדיפות. א מעהר, לאמיר בעסער מיט אלע אונזערע כחות קעמפען אנטקעגען יענע טענדענצען, וואס זאגען א גוט ווארט פאר דער עקזיסטענץ פון פעלקער בכלל און פאר דעם „קיום הלאום“ פון דעם אידישען פאלק בפרט.

די צוויי טעמים ווערען פערשטארקט נאך דורך א דריטען מאמענט, וואס מאכט דעם קאסמאפאליטיזם ביי דער אידישער ראדיקאלער ארבייטערשאפט א סך הארטנעקיגער, איידער ביי דער ארבייטערשאפט פון א וועלכען עס איז אנדער פאלק.

שוין די טהעארעטיקער פון דעם ערשטען אינטערנאציאנאל האבען גאנץ קלאר ארויסגעבראכט די אינגעווייטעסטע שייכות, וואס עקזיסטירט צווישען די דריי פרינציפיעלע שטעלונגען צו דעם נאציאנאלען פראבלעם און די דריי הויפט־קלאסען, אין וועלכע עס איז פאנאנדערגעטיילט די איצטיגע געזעלשאפט. דער נאציאנאלער **שאוויניזם**, האבען זיי געלערנט, איז דער אידעאל פון דעם פריצישען, „יונקערשען“ קלאס, וואס טראכט נאר וועגען דער גרויס און דעם רוהם פון זיין פאטערלאנד, וועמען ער דיענט מיט זיין שווערד און וואו ער וויל דערפאר האבען די ערשטע דעה אין דער פאליטיק. דער **קאסמאפאליטיזם** איז דער אני־מאמין

פון דעם ליבעראלען, סוחר׳ישען און אינדוסטריעלען קלאַס, וועמען דער „וועלט־מארק“ האָט ארייגעבלאָזען אין דער נשמה די אידעען פון דעם „וועלט־בירגערטום“, און דער א י נ ט ע ר נ א צ י אָ נ אַ־ ל י ז ם (אָדער ווי איך רוף איהם דאָ אָן דער „נאַציאָנאַלער ראַדי־ קאַליזם“) איז דער אויסדרוק פון דעם סאָציאַליסטישען פּראָלעטאַ־ ריאַט, וואָס קעמפט פאַר די פערברידערונג פון אַלע פעלקער צו איין מענשליכער משפחה, וואו איין ברודער זאָל ניט ווערען נאַציאָנאַל איינגעשלונגען פון דעם אַנדער ברודער.

אָט די באמת שעהנע טעאָריע איז אין די זעכציגער יאָהרען געוועזען אַ טרייע קאָפּיע פון דער ווירקליכקייט. איצטער אָבער האָט זיך פיעלעס געענדערט אין דער לאַגע און אין דער פסיכאָלאָגיע פון די דריי הויפּט־קלאַסען, און זי מוז אין אַ סך פּונקטען רעווידירט ווערען.

דער אינדוסטריעלער קלאַס און אַ טייל פון דער סוחר׳ישער וועלט זיינען איצט געוואָרען ניט נאָר אויס קאָסמאָפּאָליטען, נאָר אין אַ סך פּונקטען נאָך שאָוויניסטישער, איידער די פעאָדאַלע פּריצים. אָבער בנוגע צו דעם פערמיטלענדען וועלט־האַנדעל איז נאָך עד היום ריכטיג, אַז די קלאַסען, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט איהם, האָ־ בען על פּי טבע אַ שטאַרקע נייגונג צום קאָסמאָפּאָליטיזם. דער הויפּט די א י ד י ש ע האַדעלס־וועלט, מיט איהרע באַטאַליאָנען פון באַנקירען, געלד־וועקסלער און האַנדעלס־רייזענדע, וואָס שניי־ דען דורך די וועלט אין אַלע איהרע ריכטונגען אַזוי, אַז ביי וועלכען פאָלק געטאָגט, ביי דעם ניט גענעכטיגט. זיי זעהען בחוש, אַז דער „ד י י ט ש“ ראָטשילד פון פראַנקפורט און דער „ע נ ג ל ע נ־ ד ע ר“ ראָטשילד פון לאָנדאָן און דער „פ ר א נ צ ו י ז“ ראָ־ טשילד פון פּאַריז זענען מענשען פון אבסאָלוט דעמזעלביגען מין, און קומען צו דעם רעזולטאַט, אַז די פערשיידענע נאַציאָנאַלע איי־ גענטימליכקייטען פון די פעלקער האָבען ניט מעהר ממשות, איידער די פערשיידענקייטען פון דעם קורס־צעטעל, און אַז זיי קאָנען איינע אויף די אַנדערע אויסגעביטען ווערען אקוראַט אַזוי לייכט, ווי לייכט מען קאָן אויסבייטען דייטשע טאָלערס אויף ענגלישע שילינגס און ענגלישע שילינגס אויף פראַנצויזישע פראַנקען.

דאָס אידישע פאָלק איז אין זיין גרעסטער מאַיאָריטעט אר־

מעטום געווען אַ האַנדעלס־פאָלק. אין זיין גייסטיגער וועלט, דער־הויפּט אין דער פּראָגרעסיווער, — מוזען דעריבער בליהען ניט לפי ערך מעהר קאָסמאָפּאָליטישע בלומען, איידער ערגעץ־וואו אַנדערס. זייער וואָרצעל איז דער מקח־וממכר־גייסט, דער קורס־צעטעל גייסט, ווען אפילו די בלומען אַליין קאָנען אַרויסגעבען פון זיך די איידעל־סטע ראָמאַנטישע ריחות.

נאָר — ווי שטאַרק עס זאָל ניט זיין יענע ריין־אידישע אומ־שטענדען, וואָס מאַכען אַזוי פּער'עקשן'ט דעם פרומען אידישען אַר־בייטער אין זיין פרומקייט און דעם ראַדיקאַל אין זיין קאָסמאָפּאָ־ליטיזם, — איבער זיי, איבער אַלעמען איז דאָ אַן אויבער־האַרר, וואָס איז זיי אַלעמען גובר: די געזעצען פון דעם אַלגעמיין־מענש־ליכען פּראָגרעס. ער, דער פּראָגרעס פערלאַנגט, אַז די אַרבייטער־שאַפט זאָל אויספיהרען זיינע בעפעהלען ביי אַלע פעלקער, און זי וועט דאָס מוזען טהאָן אויך ביי דעם אידישען פאָלק. ער צווינגט אַרויף אויף יעדער אַרבייטערשאַפט דעם קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַ־לער עקזיסטענץ פון דעם פאָלק, — דאָרטען, וואו זי שטעהט אין סכנה, — און פאַר פרייער ענטוויקלונג פון דעם פאָלק דאָרטען, וואו עס ווערען געמאַכט שטערונגען אין איהר וועג.

אויך די אידישע אַרבייטערשאַפט וועט מוזען אונטערשטעלען איהרע אַקסלען אונטער דערזעלביגער אויפגאַבע — צו ווערען דער פיהרער פון דעם אַלגעמיין־מענשליכען פּראָגרעס ביי דעם אייגענעם פאָלק. און צוליעב דעם רופט דער פּראָגרעס אַרויס ביי דער אידי־שער אַרבייטערשאַפט, — ווי ער האָט דאָס געטהאָן אומעטום, — די דאָפּעלטע טענדענץ: דאָס שטרעבען פון דעם פרומען אַרבייטער צו ווערען ראַדיקאַל, און דאָס שטרעבען פון דעם ראַדיקאַלען אַר־בייטער צו ווערען נאַציאָנאַל.

# די אידישע אַרבייטער אָרדענס

די צוויי וויכטיגע פּראָצעסען, וואָס קומען איצט פאָר ביי דער אידישער ארבייטערשאפט, — די ראַדיקאַליזירונג פון דעם פרום־נאַציאָנאַלען ארבייטער און די נאַציאָנאַליזירונג פון דעם ראַדיקאַל־אַסימילאַטאָרישען, — שפּיעלען זיך ערגעץ ניט אָב אזוי בולט, ווי אין די ארבייטער־אָרדענס: דער עיקר דעם „ארבייטער־רינג“ און דעם „נאַציאָנאַלען ארבייטער־פערבאַנד“.

אין פלוג קאָן איינעם אויסקומען קשה: וואָס עפּעס זאָלען גראָד יענע אָרגאַניזאַציעס זיין דער שלאַכט־פעלד פאר די גייסטיגע קעמפען פון דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט?

די ביידע אָרגאַניזאַציעס זענען דאָך ניט מעהר ווי געוועהנליכע „אָרדענס“ אָדער „לאָדזשעס“, וואָס „שוויבלען און גריבלען“ אין אַמעריקאַ סיי ביי אידען, סיי ביי גוים; ניט מעהר, ווי די צאָהל־רייכע „קראַנקען־און־שטערבע־קאַסעס“, וואָס געפינען זיך אומעטום, וואו עס איז דאָ אַ מאָדערנע ארבייטער־בעוועגונג; אין תוך אריין ניט קיין אנדער זאַך, ווי די „חברה־קדישא׳ס“ און „בקור חולים׳ס“ פון די אַלטע אידישע שטעדט און שטעדלעך: וואָס איז זייער אַלע־מענס צוועק, אויב ניט מקיים צו זיין די מצוה פון העלפען איינעם אין פאַל פון קראַנקהייט אָדער טויט? היינט פאר וואָס זאָלען גראָד די „חברה־קדישא׳ס“ און „בקור־חולים׳ס“ זיין בעזונדערס פער־בונדען מיט די גרויסע פּראָבלעמען פון דעם אידישען לעבען?

לאָגיש זיינען זיי טאַקע ניט פערבונדען. לאָגיש איז ניטאָ קיין ברעקעל סמיכת הפרשה צווישען זעקס דאָלאַר אַ וואָך קראַנקען־בע־נעפיט און דעם „קיום הלאום“; אפילו ניט צווישען די פיער איילען קרקע אויף אַ קבר און דעם נאַציאָנאַלען טויט פון דעם אידישען פאָלק. אָבער היסטאָריש האָט זיך עס אזוי געמאַכט, אז קיין אנ־דער אָרגאַניזאַציע, אַ חוץ דער „קראַנקען־און־שטערבע־קאַסע“, האָט

ניט געקאָנט ווערען דער פלאַץ, וואו דער אידישער ארבייטער זאָל קעמפען זיין קאמף פאר פראָגרעס.

דער פאקט איז, אז די ביידע ארבייטער־אָרדענס, — דער „אר־בייטער־רינג“ און דער „נאַציאָנאַלער ארבייטער־פערבאנד“ האָבען אין זייערע קאָנסטיטוציעס אריינגענומען א פונקט, וואָס האָט גאָר אַ קנאַפּע שייכות צו די אויפגאַבען פון אַ „חברה־קדישא“ און אַ „בקור־חולים“, — דעם פונקט פון בילדונג, אויפקלעהרונג, קולטור־ארבייט.

דערמיט האָבען זיי אריבערגעשריטען די גרעניצען פון אַ גע־וועהנליכער „קראַנקען־און־שטערבע־קאַסע“ און זיינען ארויפגעטראָ־טען אויף דעם וועג פון אַן עפענטליכער טעטיגקייט, וואָס איז איינע פון די וויכטיגסטע פאר דאָס גאַנצע לעבען פון אונזער פאָלק: די קולטור־טעטיגקייט איז דאָס פעלד, וואו עס שטויסען זיך צונויף ברוסט אַנטקעגען ברוסט דאָס אַלטע און אָבגעלעבטע מיט דעם נייעם און פראָגרעסיווען.

שוין יענע ענטהוזיאַסטישע ראדיקאַלע יונגע לייט, וואָס האָ־בען, מיט אַ יאָהר צוואַנציג אָדער מעהר צוריק, אָוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט צו דעם, באמת, מעכטיגען געביי, וואָס רופט זיך דער „ארבייטער־רינג“, האָבען זיך ניט געוואָלט בענוגענען מיט די ריין־מאַטעריעלע אויפגאַבען פון זעלבסט־הילף. זיי האָבען געוואָלט, אז דער אידישער ארבייטער אָרדען זאָל ווערען דער טרעגער פון דעם פרייען געדאַנק ביי אונזער פאָלק, די פאָרווערטס־טרייבענדע ראַדי־קאַלע מאַכט אין דער אידישער גאַס, דער פייער־צייל, וואָס זאָל פער־טרייבען די פינסטערניש פון די מוחות, וואָס זאָל אויסברענען דעם שימעל אין דעם אידישען לעבען און בעלויכטען דעם וועג צו אַ בע־סערער צוקונפט.

דאָס איז די זעלביגע גרויסע היסטאָרישע אויפגאַבע, וועלכע ווערט דורכגעפיהרט פון יעדען פאָלק ביי דער מענשהייט, — דער קאַמף פון פראָגרעס אַנטקעגען פערגליווערטקייט און זומף, — דער קאַמף פון פראָגרעס, אין וועלכען די ארבייטער נעהמען אומעטום אַזאַ גרויסען און וואָגיגען אַנטייל. ביי אונז אָבער האָט יענע גרויסע אויפגאַבע געמוזט ארויספאַלען נ אָ ר אויף די אַקסלען פון דער אַרבייטערשאַפט און קיין אַנדער אָרגאַניזאַציע האָט ניט גע־קאָנט פאַסען דערצו, ווי נ אָ ר אַ קראַנקען־קאַסע.

עס איז ניט שווער צו פערשטעהן, פאַר וואָס דאָס האָט געמוזט זיין אזוי.

ביי די אומות־העולם בלייבט די פּראָגרעסיווע בורזשואזיע און די ראדיקאלע אינטעליגענץ אין דער היים. דער ליבעראלער פאבריקאנט און סוחר, דער פריינעזאָנענער פּראָפעסאָר, שרייבער, קינסטלער, לעהרער און פּרעדיגער נעהמען אויף זיך די אויפגאבע צו קעמפען דעם היסטאָרישען קאַמף פאַר פּראָגרעס, אויפצודעקען דעם שווינדעל פון דער קירכע און האלטען אין צוים די שטאאטליכע מאכט פון די פּריצים. זיי זענען אומעטום פעראינטערעסירט אין פאָלקס־שוהלעס, גימנאזיעס, אוניווערזיטעטען, קונסט־מוזעאומס, ווייטער־בילדונגס־קורסען פאַר די מאסען, עפענטליכע ביבליאָטעקען און לעזע־האלעס. די ראדיקאלע ארבייטערשאַפט און די רעוואָלוציאָנערע סאָציאליסטישע אינטעליגענץ נוצען אויס די אַלע קוואלען פון בילדונג און פּראָגרעסיווער קולטור און קריטיקירען די פריינעזאָנענע קלאסען, אויף וויפיעל זיי בלייבען שטעהן אויפ'ן מיטען וועג, אויף וויפיעל זיי בלייבען שטעקען אין די גרעניצען פון דער קאפּיטאליסטישער וועלט־אנשויאונג.

ביי אונז געהט דער ליבעראלער סוחר און דער ראדיקאלער אינטעליגענט אוועק פון דער אידישער גאס. דער קאַמף פאַר פּראָגרעס קעמפט ער אויף אַן אנדער פעלד, וואָס ער האלט פאַר וויכטיגער, איידער דאָס אידישע, אָדער פאַר בעקוועמער צוליעב פערזענליכע אורזאכען. די בורזשואזיע, וואָס בלייבט אין דער היים, איז דאָס רוב רעאקציאָנער און געהט האנד אין האנד מיט אַלע אָבגעלעבטע כחות פון דעם אידישען פאָלק. די ארמעע פון פּראָגרעס מוז זיך דעריבער ביי אונז רעקרוטירען נאָר פון די פאָלקס־מאסען, מיט דער פּראָגרעסיווער ארבייטערשאַפט בראש און פון יענעם קליינעם הייפעלע געבילדעטע מענשען, וואָס זיינען געצוואונגען אָדער וויליג צו בלייבען מיט די פאָלקס־מאסען אין דעם אידישען קווארטאל.

און אויך דאָס קאָן לייכט קלאָר געמאכט ווערען, פאַר וואָס דוקא די אָרדענס און ניט די אידישע געווערקשאַפטען, און ניט די סאָציאליסטישע פּארטיי האָבען געמוזט ווערען דער באַזיס פאַר דעם אַלגעמיין פּראָגרעסיווען קאַמף אין דעם אידישען לעבען.

לאָמיר פריהער ניט פערגעסען דעם גרויסען חילוק צווישען אונ־

זער פּראָגרעסיווען קאַמף און דעם קאַמף פון די פריינעזאָנענע עלע־מענטען ביי די אומות העולם. די פריינעזאָנענע עלעמענטען פון די אומות האָבען געדאַרפט קעמפּען, — ווי זיי דאַרפען דאָס נאָך איצ־טער טהאָן, — דער עיקר פאַר דער פ ע ר ש פ ר י י ט ו נ ג פון דעם פרייען ג ע ד א נ ק. אונזער ארבייטערשאַפט האָט אין אָנ־הויב געדאַרפט קעמפּען,—און איז נאָך איצטער ניט גאַנץ פריי פון דעם קאַמף, — ניט נאָר פאַר דעם פרייען געדאַנק, נאָר אויך פאַר א פרייען ל ע ב ע ן.

ביי די אומות העולם שיידט זיך דאָס לעבען פון די פריינעזאָ־נענע ניט זעהר שטאַרק אָב פון די פרומע, און די אפּטרופּסות פון דער רעליגיע איבער דאָס לעבען פון די מאַסען איז שוין דאָרטען געבראָ־כען פון לאַנג אָן. וואַרפט מען אראָב די קירך, אין וועלכער קיינער איז ניט געצוואונגען צו געהן, — דערהויפּט אין די ציוויליזירטע לענדער, — בלייבען נאָר א פּאָר רעליגיעזע צערעמאָניעס ביי דער געבורט, דער חתונה און דעם טויט, וואָס אין זיי דריקט זיך אויס דער חילוק צווישען דעם פריידענקער און דעם פרומען, און דער מאָ־דערנער שטאַאט גיט דעם פריידענקער די מעגליכקייט אין גאַנצען אויסצוקומען אָהן דער הילף פון די רעליגיעזע אינסטיטוציעס.

גאַנץ אַנדערש איז דאָס געווען אויף דער אידישער גאַס, ווען די רעליגיעזע אפּטרופּסות האָט געהערשט ביד חזקה. דאָס אידישע לע־בען פון די מאַסען איז געווען אַרומגענומען פון וויעגעלע ביז'ן קבר מיט א געדיכטער נעץ פון מצוות, עבירות און מנהגים, און דער אי־דישער פריידענקער האָט געדאַרפט ביטער זיך ראַנגלען ניט נאָר פאַר דאָס רעכט צו האָבען זיין אייגענע מיינונג וועגען די אלע תרי"ג קניפלאַך, מיט וועלכע מען האָט אַרומגעשנורט זיין גאַנצען לעבען, נאָר אויך פאַר דאָס רעכט אראָבצוּוואַרפען פון זיך די גאַנצע נעץ, און ניט נאָר דענקען פריי, נאָר אויך ל ע ב ע ן נאָך דעם אייגע־נעם שכל און יושר. דאָס האָט געפאָדערט א שטענדיגע אָרגאַני־זאַציע פון אלע פריידענקער, וואָס זאָלען פיהרען א געמיינזאַמען ארט פרייען לעבען, און ניט די געווערקשאַפט, ניט די פּאַרטיי האָט ניט געטויגט פאַר יענעם ציעל.

די געווערקשאַפטען נים, ווייל איהר הויפּט אויפגאַבע איז דער קאַמף אַנטקעגען דעם קאַפּיטאַליסט פאַר דער פערבעסערונג פון דעם

אַרבייטער'ס עקאָנאָמישער לאַגע. זי קאָן און טאָר זיך ניט דערלוי־בען דעם לוקסוס אַרויסצואוואַרפען פון דער עקאָנאָמישער אַרמעע יענע ברידער־אַרבייטער, וואָס זענען נאָך אין זייערע געדאַנקען צו־געבונדען צו דעם אַלטען אידישען גלויבען און ווילען פיהרען אַ לע־בען, ווי זייערע טאַטעס און זיידעס האָבען געפיהרט. פון דער אַנ־דער זייט קאָן געהערען צו דער געווערקשאַפט נאָר אַן אַרבייטער, און נאָר פון דער בראַנזשע, וואָס איז אָרגאַניזירט, און נאָר פון אַ יוניאָן, וואָס האָט כחות צו לעבען. די פריידענקער־אַרמעע נעהמט אָבער אַריין אין זיך מענשען, וואָס קאָנען סימפּאַטיזירען מיט דעם אַר־בייטער, ווען אפילו זיי אַליין זענען ניט פער'משפט צו פערקויפען זייערע הענד אָדער זייער מאַרך צו אַ פרעמדען באַלעבאָס, און זי נעהמט אַרום אַרבייטער פון אַלערליי מינים, אויך פון די, וואָס קאָ־נען זיך לעת עתה נאָך ניט אָרגאַניזירען אָדער וואָס האָבען קיין כחות ניט אויסצוהאַלטען די פאָדערונגען פון אַ געווערקשאַפט.

אָבער אויך די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט ניט געקאָנט נעה־מען אויף זיך די אָרגאַניזאַציע פון דעם אידישען ראַדיקאַלען פריי־דענקערטום, פּשוט דערפאַר, וואָס ביי אונז איז נימאָ קיין אייגענע אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס זאָל זיך בעשעפטיגען מיט די אינווענייגסטע אַנגעלעגענהייטען פון דעם אידישען לעבען. די הער־שענדע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי צווישען אידען איז ניט מעהר ווי אַ באַטאַליאָן אין דער אַלגעמיין־אַמעריקאַנישער אַרמעע, וואָס מוז אָנווענדען איהר גאַנצע קראַפט אויף דעם פּאָליטישען קאַמף אַנטקעגען דער רעגירונג. אַ חוץ דעם האָט די אידישע אַרבייטערשאַפט אין יענער צייט געפונען פאַר זיך ניט איין פּאַרטיי, נאָר עטליכע סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע ריכטונגען, וועלכע האָבען גע־פיהרט אַן אינערליכען אידעען־קאַמף צווישען זיך און פאַנאַנדער־געשפּאָלטען די אַנהענגער אין פאַרשיידענע גרופּען, לויט זייערע פערשיידענע פּאָליטישע אידעאַלען.

די אויפגאַבע צו פ ע ר א י י נ י ג ע ן אַלע פריידענקער פון אַלע פּאָליטישע שאַטירונגען אין אַ געמיינזאַמען קאַמף אַנטקעגען דער אַלטער אידישער וועלט האָט געמוזט דעריבער בעשאַפען פאַר זיך אַ גאַנץ נייע אָרגאַניזאַציע. ניט דער עקאָנאָמישער קאַמף פון דער אַרבייטער־נויט אַנטקעגען דעם באַלעבאָס און ניט דער פּאָליטי־

שער קאַמף פון דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל אנטקעגען דער רע־גיערונג, נאָר די עקאָנאָמישע זעלבסט־הילף פאַר די צייטען פון אַל־געמיין־מענשליכער לעבענס־נויט האָט געמוזט ווערען דער מאַטע־ריעלער באַזיס, אויף וועלכען עס האָט בעדאַרפט אויפגעבויט ווערען דער טעמפּעל פון דעם פרייען געדאַנק און דעם פרייען לעבען.

דער „ארבייטער־רינג" איז אין אָנהויב געווען א ריין אַסימילאַ־טאָרישער, ראַדיקאַלער אָרדען, וואָס האָט א לאַנגע צייט אָבגעשטוי־סען פון זיך די אָנגעוואַקסענע, יונגע, נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע כחות, וועלכע זיינען דאָס רויב אריבערגעקומען אהער אין די לעצטע צעהן יאָהר.

אָבער ווען די יונגע כחות האָבען זיך אביסעל איינגעלעבט אין לאַנד, ווען פאַר זיי איז קלאָר געוואָרען די נויטווענדיגקייט צו לאָזען וואָרצלען אין דער אידישער ארבייטער־מאַסע, האָבען זיי אויך קיין אנדער וועג ניט געפונען פאַר זיך, ווי איינצופונדעווען זיך אויף דעם יסוד פון דערזעלביגער עקאָנאָמישער זעלבסט־הילף.

די „סאָציאַליסטען־טעריטאָריאַליסטען" געהען אריין אין דעם „ארבייטער־רינג" און בילדען דאָרטען זעלבסטשטענדיגע „ברענט־טשעס". די „פועלי־ציון" האָבען איינצעלנע אנהענגער אין דעמזעל־ביגען ארבייטער־רינג", אָבער אין זייער מאַסע בעשאַפען זיי אן איי־גענעם ארבייטער אָרדען, דעם „נאַציאָנאַלען ארבייטער־פערבאַנד", וואָס צעהלט שוין עטליכע טויזענד מיטגליעדער. די אידישיסטישע „גלות־נאַציאָנאַליסטען", וואָס האָבען זיך געגרופּירט ארום „דאָס נייע לעבען", געהען אריין א טייל אין דעם „ארבייטער רינג", א טייל אין דעם „פערבאַנד".

פאַר זיי, פאַר אַלעמען איז די בעשטימטע עקאָנאָמישע זעלבסט־הילף ניט מעהר ווי א פּונדאַמענט פאַר א וויכטיגערען גע־ביי, א נויטווענדיגער בעדינג פאַר דער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער טע־טיגקייט צווישען די ארבייטער.

אָט פאַר וואָס די אידישע ארבייטער־אָרדענס מוזען צוציהען צו זיך די פולע אויפמערקזאַמקייט פון יעדען אידישען טהוער, וואָס איז פעראינטערעסירט אָן דעם פּראָגרעס פון זיין פאָלק.

אַפּריל 1915.

# דער אַרבייטער רינג

אויף איינער פון די „קאָנוועָנשאָנס“ פון דעם „אַרבייטער־רינג“ האָט הערר אַב. קאַהאַן, דער רעדאַקטאָר פונ׳ם „פאָרווערטס“, אמאָל אין אַ בעגריסונגס־רעדע אַרויסגעבראַכט זעהר אַ ריכטיגען געדאַנק וועגען דעם אויפטהו, וואָס דער „רינג“ האָט אויפגעטהאָן פאַר דער אידישער אַרבייטערשאַפט. דער „אַרבייטער־רינג“, האָט ער געזאָגט, האָט בעשאַפען דאָ אין אַמעריקאַ אַ ה י י ם פאַר דעם פערוואָר־גלטען, פער׳יתום׳טען אידישען אַרבייטער, און דערפאַר איז ער אַזאַ מיוחס.

דאָס איז אַ טיעף אמת׳ער געדאַנק, און איך בין שטאַרק מספק, צו די צוהערער און רעדנער אַליין האָבען פערשטאַנען די גאַנצע וויכטיגקייט פון דעם פאַקט, אויף וועלכען ער האָט אָנגעוויזען, און דעם גאַנצען טיעפען זין, וואָס ליעגט איינגעוויקעלט אין איהם.

דער אידישער אַרבייטער איז געקומען פון דער היים אין אַ פרעמדען לאַנד, און האָט זיך געפיהלט פערוואָגעלט און פער׳יתום׳ט. אָבער, — ווי שטימט דאָס מיט יענעם פסוק פון תנ״ך, — פאַרדאָן! —פון דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט“, — וואָס זאָגט בפירוש, אַז דאָס פראָלעטאַריאַט האָט ניט קיין פאָטערלאַנד און אַז ממילא איז, בנוגע צו איהם, ניט שייך איינצוטיילען די לענדער אין אייגענע און פרעמדע? מיט וואָס זיינען רוסלאַנד, גאַליציע און רומעניע געוועזען זיין „היים“ און מיט וואָס איז אַמעריקאַ פאַר איהם אין דער פרעמד? וואו עס איז דאָ אַ מאַרק פאַר דער אַרבייטס־קראַפט און אַ פלאַץ פאַר זיין קלאַסען־קאַמף, דאָרטען איז דעם אַרבייטערס היים. ווי קומט דאָס, אַז ער זאָל זיך ערגעץ־וואו פיהלען פערוואָגעלט און פער׳יתום׳ט?

און אַז שוין פער׳יתום׳ט, און אַז אַ קראַנקען־קאַסע קאָן שוין בעשאַפען אַ היים: ווי קומט דאָס, וואָס דער אידישער אַרבייטער האָט געזוכט און געפונען זיין היים צווישען אידישע אַרבייטער און

ניט צווישען אַמעריקאַנער? ווייניג קראַנקען־קאַסען, „לאָדזשעס", „סאָסייעטיס" און „קלאָבס" זענען דאָ אין לאַנד, אין וועלכע דער אַמעריקאַנער אַרבייטער איז אָרגאַניזירט, וואָס דער איד איז גע־צוואונגען געווען אויף זיינע „אויפגעקלעהרטע", „קאָסמאָפּאָליטישע" יאָהרען גאָר אָנהויבען „מאַכען שבת פאַר זיך"? אָדער זענען די אָרעמע פון דעם אַמעריקאַנישען ברודער־אַרבייטער ניט געווען ברייט גענעפענט געגוג, ער זאָל מיט זיי קאָנען ברידערליך ארומנעה־מען אויך דעם אידען? פאַרוואָס?

איך קען דעם תירוץ, וועלכען מען גיט אויף דעם פאַרוואָס: דאָ האָבען מיר, חלילה, ניט צו זוכען קיין נאַציאָנאַלע פערשיידענ־קייטען צווישען פאָלק און פאָלק און נאָך ווייניגער דאַרפען מען דאָ טראַכטען וועגען אַנטיסעמיטיזם. הס מלהזכיר! ווי קומען נאַ־ציאָנאַלע פערשיידענקייטען צווישען אַרבייטער! וואו האָט איהר ווען געזעהן, אַז אַ גויאישער אַרבייטער זאָל, להבדיל ווי אַ בורזשוי, ליידען אויף דער מחלה פון אַנטיסעמיטיזם!

דערקלעהרען דערקלעהרט עס זיך גאָר דורך דעם, וואָס דער אַמעריקאַנער אַרבייטער האָט, צו קיין גנאי זאָל איהם ניט זיין, פיינד אַ „ג ר י נ ע ם", נאָר וואָס אריבערגעקומענעם, נאָך ניט „יענקיזיר־טען; רופט ער דערפאַר דעם אידען „שיני" און דעם איטאַליענער „גיני" און די אַנדערע מיט אַנדערע פּאַסענדע נעמען. קוים אָבער זענט איהר אויסגעגרינט און יענקיזירט, האָט איהר שוין אַליין אַ רעכט צו לאַכען פון דעם שיני" און דעם „גיני", און איהר ווערט מיט דעם אַמעריקאַנעם אַרבייטער אַ גאַנצער „שמעל'קע שבשמעל'קע".

הייסט עס, אַז די אייגענע אידישע היים, וועלכע דער „אר־בייטער־רינג" האָט בעשאַפען, איז נויטיג נאָר אויף דערווייל, ביז דער אידישער אַרבייטער וועט „בעשמעל'קעט" ווערען מיט דעם אַמעריקאַנער.

גוט, לאָז זיין אַזוי. וואַקסט אָבער אַרויס אַן אַנדער שאלה אָדער ריכטיגער: אַ גאַנצער פּעקעל שאלות.

פון רוסלאַנד זענען געקומען אַהער ניט נאָר „גרינע" אידען, נאָר אויך „גרינע" פּוילען, ליטאָווצעס, פינלענדער, לאַטישען און מסתמא נאָך פון אַנדערע אומות, וואָס וואוינען אין יענעם לאַנד.

פון עסטרייך האָבען זיך אריבערגעפעקעלט אהער וויעדער אמאָל ניט נאָר אידען, נאָר אויך פוילען, טשעכען, רוטענער, סלאָוואקען און אנדערע. פון רומעניען, נעהם איך אָן, זענען אויך דאָ אין לאַנד ניט נאָר אידישע „גרינע".

ווי קומט דאָס, וואָס די „גרינע" אידען פון רוסלאַנד האָבען זיך ניט „צונויפגעשמעלקעט" מיט די „גרינע" פוילען פון יענעם לאַנד און מיט אַלע איבעריגע „גרינע" לאנדסלייט, כדי אין איינעם צו בויען א דערוויילעגע היים, ביז זיי וועלען זיך דאָ „אויס־גרינען"? ווי קומט דאָס, וואָס די גאליציאנער אידען האָבען דאָס ניט געטהאָן אין איינעם מיט פערטרעטער פון אַלע אנדערע עסטרייכישע פעלקער און די רומענישע אידען האָבען זיך צו דעמזעלביגען ציעל ניט צונויפגעגאָסען מיט די רומענער?

פארוואָס זענען די רוסישע אידען, די גאליציאנער אידען, די רומענישע אידען, קינדער פון פערשיידענע לענדער און מדינות, זיך צונויפגעלאָפען אין איינעם, כדי צו בויען אַן אייגענע היים און גאָר ניט א טראַכט טהאָן וועגען די איבעריגע „גרינע" ארבייטער־ברידער פון זייערע רעספעקטיווע לענדער? אָדער איז דער פאקט פון „זיין־א־איד" סאָציאָלאָגיש א שטארקערער פאקט, איידער דער „זיין־א־רוסלענדער", „אַן עסטרייכישער", „א רומענישער"? איז די בעהעפטונגס־קראפט, וואָס ציהט־צו א אידען צו א אידען, — פון וועלכען לאַנד ער זאָל ניט שטאמען, — א סך אַן אינטענסיווערע מאכט, איידער די בעהעפטונגס־קראפט, וואָס פערבינדט א גאליציאנער אידען מיט א גאליציאנער פויל? רעכענט זיך דאָס לעבען מיט דעם נאציאָנאַלען מאגנעטיזם א סך מעהר, איידער מיט דעם מאגנעטיזם פון א בשותפות'שען לאַנד, פון א בשותפות'שער מדינה? פאר וואָס לויפען דאָ די פעלקער, — ניט נאָר די אידען, — צו זייערע פאָלקס־לייט און ניט צו זייערע לאַנדס"־לייט, ריכטיגער צו זייערע „שטאאטס־גענאָסען"? פאר וואָס זיינען אין די פוילישע קראַנקען־קאַסעס, וואָס זענען דאָ אין לאַנד גאָך א סך מעכטיגער איידער די אידישע, ניטאָ קיין אידען?

אויף די שאלות קאָן געגעבען ווערען נאָר איין תירוץ:

עס איז ניט אמת, וואָס מען וויל איינשמועסען די ארבייטער פון א וועלכען עס איז פאָלק, אַז זיי זענען נאָר א טייל פון דעם איין־

איינציגען אַלוועלטליכען אַרבייטער־קלאַס. זיי זענען ניט נאָר אַ טייל פון דעם אַרבייטער־קלאַס, נאָר אויך אַ טייל פ ו ן א ב ע־ ש ט י מ ט ע ן פ אָ ל ק.

דער אמת איז, אַז די איצטיגע מענשהייט, — וואָס עס זאָל ניט זיין איהר צוקונפטיגער צושטאַנד אין תרפ"ט אַלפים יאָהר ארום, — איז צוטיילט א י ן ד ע ר ב ר י י ט א י ן ק ל א ס ע ן, וואָס ליעגען איינער אויף דעם אַנדערען און אַלע דריקען דעם ניעדע־ ריגסטען, דעם פּראָלעטאַריאַט. זי איז אָבער אויך צוטיילט א י ן ד ע ר ל ע נ ג, אין פעלקער, וואָס שטעהען דאָס רוב איינער ל ע ב ע ן דעם אַנדערען, פון וועלכע נאָר אייניגע זענען אויסגע־ קרימט געוואָרען אַזוי, אַז איין פאָלק דריקט אויף דעם אַנדערען.

די ברייט־פּאַסען פון דער מענשהייט,—איהר קלאַסען־איינטיי־ לונג, — וועלען אָנהאַלטען אַזוי לאַנג, ביז דעם פּראָלעטאַריער'ס רוקען וועט זיין וויליג זיי צו טראָגען. קוים וועט זיך יענער פיעל־ געדולדיגער רוקען דאָך אַמאָל אויסגלייכען, וועט ער זיי אַלע אראָב־ ווארפען פון זיך און די קלאַסען־איינטיילונג פון דער מענשהייט וועט פערשווינדען.

מיט דער אויסגלייכונג פון יענעם רוקען וועלען אויף פער־ שווינדען די א ו י ס ג ע ק ר י מ ט ע לענג־פּאַסען. עס וועט זיין אַ סוף צו דער ה ע ר ש א פ ט פון איין פאָלק איבער אַן אַנדערען. אַלע לענג־פּאַסען וועלען זיך אויסגלייכען, וועלען בלייבען שטעהן איינער ל ע ב ע ן דעם אַנדערען און וועלען גלייך וואַקסען אין הימעל אריין.

פּשוט'ער גערעדט: מיט דעם טריאומף פון דעם סאָציאַליזם, מיט דער דורכפיהרונג פון גלייכע בעדינגונגען פאַר עקזיסטענץ און ענטוויקלונג פאַר אַלע גרופּען פון דער מענשהייט, וועט אויפהערען יענער א י ב ע ר ו ו א ג, וואָס איין פאָלק האָט איצטער איבער דעם אַנדערען, יענע איינשלינגעניש און אסימילאַציע, יענע פעלקער־ פרעסעריי, וואָס קומט נאָך איצטער פאָר. די ב ר י ד ע ר ש א פ ט פון פעלקער וועט געבען יעדען פאָלק די מעגליכקייט פריי אויסצו־ לעבען דעם אַלגעמיין־מענשליכען פּראָגרעס אין י ע נ ע ם נאַ־ ציאָנאַלען פאַסאָן, וואָס איז בעסער צוגעפּאַסט צו דער נאַטור פון יעדען פאָלק.

ביז צו יענער צייט אָבער, כל זמן די מענשהייט איז איינגע־טיילט אי אין דער ברייט (אין קלאַסען), אי אין דער לענג( אין פעל־קער), מוז יעדער קלאַס זיין אַ טייל פון זיין קלאַס, וואָס איז פערבונדען מיט אַלע אנדערע קלאַסען־טיילען פון זיין לענג־שניט. און אַלע היסטאָרישע בעוועגונגען פון אַ וועלכען עס איז בעשטימטען קלאַס מוזען אַלע מאָל זיין דיקטירט פון יענע צוויי שטרעמונגען, וואָס ווערען בעשאַפען פון זיין דאָפּעלטער לאַגע: ווי אַ טייל פון זיין קלאַס און ווי אַ טייל פון זיין פאָלק.

די אידישע ארבייטער אין אַמעריקאַ ווערען דעריבער אין אַלע זייערע היסטאָרישע בעוועגונגען געטריבען, עהנליך צו אַלע ארבייטער אומעטום, דורך די „כל־פּראָלעטאַריער״־טענדענץ פון זייער קלאַס און דורך די „כל־ישראל״־טענדענץ פון זייער פאָלק. און, — עהנליך צו אַלע ארבייטער פון אַלע פעלקער אויף דער וועלט, — זיינען זיי טויזענד מאָל מעהר אויסגעבונדען מיט אַלע אנדערע קלאַ־סען פון דער אידישער בעפעלקערונג, איידער מיט אַלע אנדערע פעלקער פון דעם אַלגעמיינעם ארבייטער־קלאַס: קעמפען קעמפט מען אין איינעם מיט די ארבייטער פון די פרעמדע פעלקער, לע־בען לעבט מען נאָר מיט די ברידער פון דעם אייגענעם פאָלק.

אַט פאַר וואָס עס איז קיין חידוש ניט, נאָר אדרבה, זעהר נאַטירליך, וואָס דער אידישער ארבייטער, פערלאָזענדיג זיין אידישע היים, האָט אין דער פרעמד געגומען בויען אַ נייע אידישע היים, און איינעם מיט זיינע ברידער אידישע אר־בייטער, וואָס האָבען זיך, אקוראַט אזוי ווי ער, געמוזט פיהלען פרעמד, פער׳יתום׳ט, פערוואָגעלט צווישען די ברידער ארבייטער פון די פרעמדע פעלקער.

און דער „ארבייטער־רינג״ איז אַ אידישע היים. דאָס נייע פּראָגרעסיווע לעבען, וואָס ער האָט שוין בעשאַפען פאַר זיינע מיטגליעדער, און וואָס ער ענטוויקעלט אַלץ מעהר מיט יעדען טאָג, איז אַ אידיש פּראָגרעסיוו לעבען, וואָס שיידט זיך זעהר שאַרף אָב פון יענעם פּראָגרעסיווען לעבען, וועלכע די ניט־אידישע ארבייטער פיהרען דאָ אין לאַנד. דער נאַציאָנאַלער אונטערשייד טרעט דאָ ארויס ניט נאָר אין דער אידישער שפּראַך, אין וועלכער עס שפּיעלט זיך אָב דאָס גאַנצע לעבען פון דעם אידישען ארבייטער,

נאָר אויך אין דעם בעשטימטען כאַראַקטער פון זיינע אינטערעסען און פערוויילונגען.

מיר וועלען ווען עס איז רעדען אויף דער טהעמא באריכות, דערווייל איז נענוג אָנצואווייזען נאָר אויף דעם איין פאַקט, אַז די גייסטיגע אינטערעסען און פערוויילונגען שפּיעלען ביי דעם אידישען ארבייטער א סך א גרעסערע ראָלע, איידער דער פיזישער ספּאָרט, וואָס פערנעהמט אזא בכבוד'ען אָרט אין די פערוויילונגען פון דעם ניט־אידישען אַרבייטער און אַז שוין דורך דעם אַליין מוז די אידישע אַרבייטערשאַפט זיין א סך מעהר אויסגעבונדען מיט דער קולטור־אטמאָספערע פון דעם אידישען פאָלק, איידער מיט דער קולטור־אטמאָספערע פון זיינע „מיט־פעלקער“ אין דעם ארבייטער־קלאַס.